דאָס בוך איז אַ פאַרזוך צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון נחום ברוך מינקאָוו ז״ל. צו שאַפן אַ בילד, אַזוי פול ווי מעגלעך, פון זיין פערזענלעכקייט: דיכטער, קריטיקער, ליטעראַטור־פאָרשער, לעקטאָר און — מענטש. דעריבער זיינען די אַרטיקלען אַראַנזשירט לויט די פאַרשיידענע זשאַנרס פון זיינע טעטיקייטן. איך האָב אויך געפונען פאַר נויטיק אָפּצודרוקן דאָס ערשטע ליד וואָס ער האָט געשריבן אין יידיש, ווי אויך דאָס לעצטע.

די אַרטיקלען זיינען אַראַנזשירט כראָנאָלאָגיש. אין אַל־געמיין באַווייזן זיי ווי אַזוי די קריטיק האָט זיך אָפּגערופן.

די צאָל מאַטעריאַלן איז געווען אומגעהויער גרויס. זאָלן מיר מוחל זיין די וועמעס אַרבעטן איך בין געווען געצוואונגען אויסצולאָזן צוליב טעכנישע אורזאַכן.

איך וויל באַדאַנקען יעקב גלאַטשטיין און א. גלאַנץ־לעיעלעס פאַר זייער דערמוטיקן מיך ביים צוזאַמענשטעלן דאָס בוך. אויך י. ישורין פאַר זיין ביבליאָגראַפיע, וואָס איז באמת אַן אוצר, און פאַר זיין הילף בכלל.

איך וויל באַדאַנקען די אַלע גוטע פריינד וואָס זיינען מיר געקומען צו הילף פינאַנציעל; די חברים זעצער (בוירני קאַמייער, ה. וואָלאָשקין, הענרי קאַמערמאַכער, ל. ראַן), וואָס האָבן מיט אַזוי פיל איבערגעבנקייט געאַרבעט אויפן בוך; דעם נ. ב. מינקאָוו בוך־קאָמיטעט (ספּעציעל ה. קעמפּינסקי) וואָס האָט מעגלעך געמאַכט, אַז דאָס בוך זאָל רעאַליזירט ווערן.

באַסיע קופּערמאַן־מינקאָוו

# אינהאַלט:



כאַסיע קופּערמאַן

# נחום ברוך מינקאָוו ע״ה

נחום ברוך מינקאָוו איז געבאָרן געוואָרן דעם 18טן נאָוועמבער 1893, אין וואַרשע. דער פאָטער, משה, איז געווען אַ משכיל, אַ ייד אַ למדן, געקענט עטלעכע שפּראַכן, פלעגט טאָג און נאַכט לייענען: יידישע געשיכטע, וועלט געשיכטע, פילאָסאָפיע, וועלטלעכע קלאַסישע ווערק — און העברעאישע ביכער. ער איז געווען אַ העברעאישער לערער. געשטאַמט האָט די מוטער פון שילעץ, לעבן מאָהיליעוו, ווייס־רוסלאַנד. דער פאָטער איז געקומען פון קראַסנאָלוקי, מינסקער גובערניע. די משפחה האָט געלעבט אין מאָסקווע, דערנאָך אין וואַרשע (וואו נחום ברוך איז געבאָרן געוואָרן), ווידער אין מאָסקווע, ביז זיי האָבן איבערגע־וואַנדערט קיין סאַן־פראַנציסקאָ און פון דאָרט קיין ניו־יאָרק. אין אַ בריוו וואָס נחום ברוך האָט געשריבן צום פאָטער אין 1932 איז דאָ אַ בקשה: „וואָלסטו, טאַטע, געקאָנט אָנשרייבן אַ קליינעם קיצור וועגן אונדזער פאַמיליע־בוים. אָבער אָן מליצה און אָן דוכטעניש. דעם אמתן, ביטערן, נאַקעטן אמת". און אין זיין ענטפער גיט דער פאָטער איבער דעם יחוס, אַז די מינקאָווס שטאַמען פון אַ לאַנגער קייט רופאים, געלערנטע דאָקטוירים וואָס האָבן איבערגעגעבן די קענטעניש פון פאָטער צו זון בדור דורות. און ער גיט איבער קלאָרע סימנים, אַז די קייט ציט זיך אַזש פון רמב״ם, פון שפּאַנישע יידן, וואָס זיינען געווען הויף־רופאים ביי די אַדעליקע. איין זאַך איז זייער קלאָר פון דעם בריוו, אַז די משפחה האָט זיך געהאַלטן פאַר יחוסדיק, אַריסטאָקראַטן פון למדנות און קענטעניש.

נחום ברוך האָט געהאַט איין שוועסטער, סאָניע (שיינע), און דריי ברידער, מאַרקוס (מאיר), ליאָווע (לייב) און ישעיה. אַלע האָבן גע־שטודירט אין גימנאַזיע און געלערנט מוזיק (די שוועסטער פּיאַנע, אַלע ברידער פידל), די בחורים האָבן געלערנט העברעאיש און גע־קראָגן אַ רעליגיעזע בילדונג דורך פריוואַטע לערער. נחום ברוך פלעגט דערציילן וועגן זיין פעטער יודע (זיין מוטערס אַ פעטער) מיט גרויס פאַרערונג און ליבשאַפט. פעטער יודע האָט אים גענומען אין שול, אים געגרייט צו בר־מצוה, גערעדט צו אים וועגן יידן און

יידישקייט, און קענטיק איבערגעלאָזן אויף דעם יונגן בחור אַ טיפן איינדרוק. פעטער יודע איז אין זיינע אויגן געווען דער מוסטער פון אַ וועלטלעך־געלערנטן מענטשן, טיף־איבערגעגעבן צו זיין יידיש־קייט, צום יידישן שורש און צו יידישע עטישע ווערטן. ער איז געווען אַ לערער אין אַ גימנאַזיע (אונטער דער אויפזיכט פון דער רעגירונג). פאַר נחום ברוך מינקאָוו איז דער עלטער־פעטער פאַרבליבן ווי אַ מוסטער פון חשיבות, גייסטיקער אַריסטאָקראַטישקייט און גרויס ענייוות — אַ טיפער, מילדער, שטילער, ליכטיקער מענטש.

ביי די מינקאָווס אין שטוב האָט מען געהערט רוסיש מער ווי אַלץ. פויליש איז פאַרשטייט זיך, געווען די שפּראַך פון לאַנד און טיילווייז אויך פון דער גימנאַזיע. אָבער רוסיש, די אָפיציעלע בילדונגס־שפּראַך, די שפּראַך פון דער גימנאַזיע, איז געווען ביי דעם פאָטער ווי:כטיקער ווי אַלץ. די משפחה־בריוו פון יענער צייט זיינען אַלע געווען אין רוסיש. די בריוו פון דעם פאָטער צו דעם זון אין אַמעריקע (אַ ביסל שפּעטער) אויך אין רוסיש. ערשט אין די שפּע־טערע יאָרן האָט נחום באַוואויגן זיינע אייגענע צו שרייבן די בריוו אין יידיש. די שפּראַך פון דער מוטער, דאָס הייסט, יידיש, איז געווען שטרענג פאַרווערט, מחמת ניט דערהויבן גענוג, ניט אַריסטאָקראַטיש. דער פאָטער האָט שטאַרק אונטערגעשטראָכן זיין ביטול צו יידיש („זשאַרגאָן"). דערפאַר האָט נחום ברוך מינקאָוו, ביים אָנקומען שפּע־טער קיין אַמעריקע, באַדאַרפט שווער האָרעווען, כדי זיך אויסצולער־נען די יידישע שפּראַך, וואָס איז אים געווען אַזוי ליב און טייער. אין אים האָט זיך דערוועקט דער פּראָטעסט צו אַ פאַלשער באַציאונג, וואָס האָט ניט געקוקט מיט דרך־ארץ אויף דער מוטער און איר שפּראַך. (די מינקאָוו־קינדער האָבן באַזונדער הויך געשעצט זייער מוטער, עלקע מינקאָוו, אַ שטילער, ווירדיקער, קלוגער מענטש). יידיש, איז נחום ברוך'ן קלאָר געוואָרן, איז די שפּראַך פון זיין פאָלק — ניט רוסיש.

אין אַן אַרטיקל וואו ער דערמאָנט זיך וועגן זיין קינדהייט אין וואַרשע שרייבט ער וועגן פּטאַשקינס שולע און מוראַווליאָווס קאָמערץ־שולע: „דאָרטן האָט מען אונדז געגרייט מיר זאָלן קענען נעמען עק־זאַמענס אין די פאַרשיידענע גימנאַזיעס. ביזן עלטער פון צען יאָר זיינען מיר געווען ביי פּטאַשקינען... פונעם עלטער פון צען ביז אומגעפער צוועלף יאָר זיינען מיר (ער און ד"ר יעקב שאַצקי) גע־גאַנגען אין דער קאָמערץ־שול ביי מוראַווליאָוון".

נחום ברוך מינקאָוו האָט געענדיקט די רוסישע 7טע מלוכישע

גימנאַזיע אין 1914. אין יענער צייט איז פאָרגעקומען דער מענדל בייליס פּראָצעס (סעפּט. 1913), און דער אַנטיסעמיטיזם האָט זיך אין רוסלאַנד און אין פּוילן, ספּעציעל אין די גימנאַזיע־קרייזן, שטאַרק געלאָזט פילן. דאָס לעצטע יאָר אין דער גימנאַזיע איז פאַר אים געווען אַן אָפּקומעניש. יעדער ייד האָט געהייסן „בייליס". אפילו די נאָ־ענטסטע גימנאַזיע־חברים, אַזוי פלעגט ער אָפט דערציילן, די, מיט וועלכע דער יידישער סטודענט האָט זיך פריער געטיילט מיטן ביסן, געגאַנגען אויף בעלער און הוליאַנקעס צוזאַמען, זיך געגרייט צו די עקזאַמענס צוזאַמען, — אַלע זיינען זיי אַוועקגעטראָגן געוואָרן אויף דער כוואַליע פון יידן־האַס. נחום ברוך מינקאָוו האָט שוין דאַן גע־האַט אַ שוועסטער וואוינען אין סאַן־פראַנציסקאָ, האָט ער באַשלאָסן צו עמיגרירן קיין אַמעריקע — אָנשטאָט אָנצוקומען אין אוניווערסיטעט אין פּוילן.

אַכט טעג נאָך זיין אַרויספאָרן פון לאַנד האָט אויסגעבראָכן די וועלט־מלחמה. די שיף האָט זיך אָפּגעשטעלט אין ברעמען. אין בערלין האָט ער נאָך באַוויזן צו פאַרברענגען עטלעכע טעג. געזאָלט האָט די שיף פאָרן קיין גאַלוועסטאָן, טעקסעס. אָבער מען האָט די פּאַסאַזשירן אַראָפּגעלאָזן אין פילאַדעלפיע און פון דאָרטן איז ער גע־פאָרן קיין סאַן־פראַנציסקאָ, אָנגעקומען צו זיין שוועסטער, סאָניע דובמאַן. דאָרט האָט ער געוואָלט אָנקומען אין אוניווערסיטעט אויפן מעדיצינישן פאַקולטעט. אָבער די דובמאַנס האָבן זיך אין אַ קורצער צייט באַזעצט אין ניו־יאָרק, און ער מיט זיי. אין ניו־יאָרק האָט ער פריער שטודירט אין קאָלומביע אוניווערסיטעט און אין סיטי קאָ־לעדזש, נאָך אַלץ קלערנדיק וועגן מעדיצין. אָבער ער איז איבער־געגאַנגען אין ניו־יאָרק לאָ־סקול (פון ניו־יאָרק יוניווערסיטי) און דאָרט האָט ער געענדיקט אויף אַדוואָקאַט. אין יענע יאָרן האָט ער זיין פּרנסה געצויגן פון דער פידל, געגעבן פּריוואַטע לעקציעס, גע־שפּילט אין אַן אָרקעסטער. אין די מוזיק־קרייזן האָט ער זיך באַקענט מיט לאַזאַר ווייגערן. אין לאָ־סקול האָט ער געטראָפן יעקב גלאַטשטיין. ער האָט שוין דאַן אָנגעהויבן זיך לערנען יידיש, שרייבן לידער אין יידיש, און מען קען זאָגן, אַז ער האָט די ביידע פריינד זיינע, יעדן אויף אַן אַנדער שטייגער, באַוואויגן זיך צו אינטערעסירן מיט יידיש. מיט גלאַטשטיין און נאָך עטלעכע באַקאַנטע פלעגט ער באַזוכן דעם זינ־דאָרעסט־קאַפע אויף סעקאָנד עוועניו. יידישע און ענגלישע אַקטיאָרן, מוזיקער, שרייבער, קינסטלער פלעגן דאָרט פאַרברענגען, שמועסן

וועגן ליטעראַטור און קונסט. דאָרט, און אַ ביסל שפּעטער אין קאַפּע ראַיאַל, האָט ער זיך געטראָפן צום ערשטן מאָל מיט יידישע שרייבער. זיין פאַרערונג פאַר יידיש איז געשטיגן. ער האָט זיך אינטענסיוו גענומען צו לערנען די שפּראַך, זיך אַרומגעטראָגן מיט העפטן און פּאַפּירן, וואו ער פלעגט כסדר פאַרשרייבן אידיאָמען, זאַצבוי, דעם העברעאישן עלעמענט, די ריכטיקע אַרטיקלען („דער, די, דאָס איז מיין אומגליק געווען", פלעגט ער שטענדיק דערציילן).

נאָך אין זיינע גימנאַזיע־יאָרן האָט ער געהאַט געשריבן לידער — אין רוסיש. איצט איז אים קלאָר געוואָרן אַז ער מוז ווערן, אַז ער איז אַ יידישער דיכטער. זיין ערשט ליד אין יידיש האָט ער אָפּגעדרוקט אין 1918 אין „די נייע צייט" (ניו־יאָרק). אַנדערע לידער אין „טאָג", „דאָס אידישע פאָלק" און אין „פרייע אַרבעטער שטימע". אין יענע צייטן האָט ער דורך דער פאַרמיטלונג פון דעם דיכטער אַפּראַנעל געטראָפן א. גלאַנץ־לעיעלעס. ער האָט שוין געקענט גענוג ענגליש צו זיין פאַראינטערעסירט אין די נייסטע ריכטונגען פון דער אַמעריקאַנער פּאָעזיע, ווי צ"ב עימי לאָוועל און די אימאַזשיסטן. אויך, פאַרשטייט זיך, די פראַנצויזישע, די פוילישע, רוסישע, דייטשע נייע ליטעראַרישע ריכטונגען. מאָדערניזם און גרויס־שטאָטישקייט האָבן אונטערגעשטראָכן דעם יחיד, דעם איך און דעם אין זיך. צוזאַמען מיט א. גלאַנץ־לעיעלעס און יעקב גלאַטשטיין האָט ער אין 1920 אויסגעאַרבעט און שפּעטער אונטערגעשריבן דעם מאַניפעסט פון די אינזיכיסטן (די אינטראָספּעקטיוויסטן), און צוזאַמען מיט זיי רעדאַקטירט דעם זאַמלבוך „אין זיך." שוין אין דער דאָזיקער זאַמלונג געפינען מיר אייגנאַרטיקע מינקאָווישע לידער, וואָס באַטאָנען אַן אינערלעכע וועלט פון תהום און דעמער און טונקלקייט און אייגנאַרטיקע בילדער.

געענדיקט אויף אַדוואָקאַט האָט נ. ב. מינקאָוו אין יוני 1921. אָבער ער האָט ניט פּראַקטיצירט יוריספּרודענץ. אין יענעם יאָר איז ער געוואָרן אַ יידישער לערער, האָט חתונה געהאַט מיט חיה'לע אייזענשטאַדט און זיך באַזעצט אין פילאַדעלפיע. זיין טאָכטער, ליבע, איז געבאָרן געוואָרן אין אָקטאָבער 1921.

קעמדן ניו־דזשוירזי, אויף יענער זייט פון פילאַדעלפיע, וואו וואָלט וויטמאַן האָט געהאַט געלעבט, האָט ער באַזוכט עטלעכע מאָל. געגאַנגען איבער די גאַסן און געסלעך און געחלומט פון הויכע שרייבערישע וועלטן. אין פילאַדעלפיע האָט ער פאַרבראַכט אַ יאָר צייט,

איז צוריקגעקומען קיין ניו־יאָרק אין 1922. די גרויסע שטאָט, דער גרויסער יידישער צענטער, די יידישע שרייבערישע וועלט האָט אים שטאַרק געלאָקט און געצויגן.

איך האָב זיך מיט אים צום ערשטן מאָל באַקענט סוף 1922, אָנהייב 1923. אין דער האַרלעמער שול איז ער דאַן געווען אַ לערער פון פידל, אַ „האַלבער" לערער (ד"ה בלויז עטלעכע קלאַסן געלערנט) אין עלע־מענטאַר־שול און ער פלעגט פאָרן אין וועסט־ניו־יאָרק, ניו־דזשוירזי, עטלעכע מאָל אַ וואָך (אַ „האַלבער" לערער). אויך האָט ער אָנגעפירט מיט אַ ליטעראַרישן קלוב פאַר די מיטלשול־סטודענטן. פאַר זיי האָט ער געעפנט נייע וועלטן. גערעדט וועגן די ברייטע האָריזאָנטן פון דער מאָדערנער ליטעראַטור, באַטאָנט די ווערטן פון יידיש ווי אַ שפּראַך, ווי אַ ליטעראַטור. די שילער, גרויס און קליין, האָבן אים ליב געהאַט ביז גאָר. ער האָט ליב געהאַט לערעריי, אָבער שטענדיק זיך געווערט קעגן דעם פאַרלוסט פון צייט וואָס די מיטינגען, די פאַר־וואַלטונגען, באַנקעטן א.א.וו. האָבן אויף אים אַרויפגעצוואונגען. ער האָט געהאַלטן אַז די פאַרוואַלטונגען ווייסן ניט, ווי אָפּצוהיטן דעם כבוד און די ווירדע פון דעם לערער; אַז דער לערער דאַרף זיך אָפּ־געבן בלויז מיטן לערנען, אַליין שטודירן, זיך גרייטן און קאָנען לער־נען די שילער. ביי אים איז שטענדיק געווען אַ מאַנגל אין צייט אויף צו לערנען און דערלערנען. ביכער און ביבליאָטעקן זיינען געווען זיין וועלט.

שפּעטער איז ער געוואָרן אַ לערער פון יידישער געשיכטע און פון יידישער ליטעראַטור אין אַרבעטער־רינג מיטלשול. אויך מיט עטלעכע יאָר שפּעטער, אַ לערער אין די העכערע קורסן ביים אַרבע־טער־רינג און אַ לערער אין אַרבעטער־אוניווערסיטעט. געלערנט האָט ער אויך אין עלעמענטאַר־שולן פון ניו־יאָרקער „דאַון־טאַון".

אין 1924 האָט ער פאַרעפנטלעכט דאָס ערשטע בוך לידער. דאָרט זיינען אַריין לידער וואָס ער האָט געהאַט אָפּגעדרוקט אין „פריע אַרבעטער שטימע", „דאָס אידישע פאָלק", „טאָג" און „אין זיך" און אַ נייע סעריע, אַ סאָנעטן־קראַנץ, און אַ ריי ווילאַנעלן. אין 1925־1926 האָט ער אַרויסגעגעבן צוזאַמען מיט מיכל ליכט דעם זשורנאַל „1925" „1926", וואו ער האָט פאַרעפנטלעכט לידער און אַרטיקלען וועגן מאָדערנער קלאַסישקייט. אין 1930 האָט ער אַרויסגעגעבן עטלעכע נומערן פון דעם זשורנאַל „קערן". זיין צווייט בוך לידער „אונדזער

פיעראָ״ איז אַרויס אין 1927. אין 1929 און 1930 איז ווידער באַניט געוואָרן דער „אינזיך״, וואו ער האָט געדרוקט לידער און עסייען.

מיר האָבן חתונה געהאַט אין 1931. אין פרילינג, 1930 האָבן מיר געגרינדעט די „אַקאַדעמישע קורסן״ מיט מינקאָוו אַלס דירעקטאָר. צווישן די אַנדערע לערער זיינען געווען י. בראָמבערג און משה בעקלמאַן. די וואַי־עם־איטש־איי (Y. M. H. A.) אויף דער צוויי און ניינציקסטער גאַס האָט אונדז געגעבן פּלאַץ. די קורסן האָבן פונקציאָנירט שבת און זונטיק. די תלמידים זיינען לרוב געווען מיטלשול גראַדו־אירטע און קאַלעדזש־סטודענטן. זיי האָבן אָפּגעגעבן די צוויי טעג אינגאַנצן אויף לערנען. אָפט אויך אַ מיטנוואָך אָוונט. זיי האָבן געלערנט אַ חוץ יידישע ליטעראַטור (און דאָס גאָר גרינטלעך) און יידישע געשיכטע, אויך פּסיכאָלאָגיע, עסטעטיק, פילאָסאָפיע, וועלט־ליטע־ראַטור, מעטאָדן פון ביבליאָגראַפיע און פון פאָרשונג. אַ חוץ דעם האָט מינקאָוו אַראַנזשירט פּרעכטיקע קאָנצערטן פון יידישער מוזיק אין „קאַופמאַן אָדיטאָריום״ (יוסף אַכראָן, דער קאָמפּאָזיטאָר, האָט טיכטיק געהאָלפן) און אויסשטעלונגען פון יידישער מאָלעריי אין דעם „קאַופמאַן לאַונדזש״.

מיר האָבן אַ יאָר שפּעטער געעפנט די פּראָ־אַקאַדעמישע קורסן און אויך עטלעכע צוגרייט־קלאַסן. די סטודענטן פון די אַקאַדעמישע קורסן האָבן געהאָלפן ווי לערער אין די צוגרייט־קלאַסן. די האַרמאָ־ניע צווישן די לערער און די סטודענטן איז ממש געווען צו באַוואונ־דערן. די סביבה, די גאַנצע שטימונג איז געווען אַ געהויבענע. און מען קען זאָגן אַז ס׳האָט זיך גענומען פון מינקאָווס ליבשאַפט צום לערנען לשמה און פון זיין איבערגעגעבנקייט צו די סטודענטן און צו די לערער אויך. עס זיינען אויך אַראַנזשירט געוואָרן עפּנטלעכע פאָרטראַגן פאַר סטודענטן און עלטערן און אַלגעמיינע צוהערער. און אָפט האָט מען איינגעלאַדן וויכטיקע לעקטאָרן פון דרויסן.

טראָץ דעם, וואָס עס איז גאָר אַ סך דערגרייכט געוואָרן, טראָץ דעם, וואָס די סביבה איז געווען תורה לשם תורה און די חשיבות איז געווען אומגעהייער הויך און שיין, האָבן מיר נאָך פיר יאָר צייט גע־מוזט פאַרמאַכן די קורסן. פינאַנציעל איז געווען שווער, זייער שווער צו טראָגן די לאַסט. די סטודענטן אין די אַקאַדעמישע קורסן האָבן גאָרניט געצאָלט. די שילער אין די אַנדערע קלאַסן — אַ מינימום. און קיין פאַרוואַלטונגען מיט באַנקעטן און געלט־זאַמלונגען האָט מינ־קאָוו ניט געוואָלט, ווייל ער האָט מורא געהאַט אַז ס׳וועט מינערן

די ווירדע פון די קורסן. אָפּט, זייער אָפּט, איז אפילו אויסגעקומען צו דעקן הוצאות דורך פאַרדינסטן פון אַ לעקציע ערגעץ־וואו אַנדערש.

דערווייל, דורך די יאָרן 1934־35־36־37, האָט מינקאָוו אַרויסגע־געבן דעם „באָדן״. אין דעם זשורנאַל האָט ער אָפּגעדרוקט אַ סך פון פון זיינע ערשטע שטודיעס איבער די קלאַסיקער פּאָעטן. אים איז געווען קלאָר אַז מאָדערניזם און קלאַסיציזם דאַרפן גיין צוזאַמען. דער „באָדן״ האָט בכלל פאַרעפנטלעכט וואָגיקע שטודיעס איבער פּראָבלעמען פון עסטעטיק, ליטעראַטור, יידישע קונסט, יידישע מוזיק, א. אַז. וו.

אין 1936 האָט מינקאָוו געלערנט אין אַן עלעמענטאַר־שול אין וואַשינגטאָן האַיטס. ווי אַלעמאָל — לערנען איז אים געווען צום האַרצן, אָבער די אונטערנעמונגען, דער אומכבוד וואָס ער האָט דער־פילט מצד די פאַרוואַלטער, האָט אים ווי געטאָן ביז גאָר. אין יענער צייט האָט ער פאַרעפנטלעכט אין דער יידישער פּרעסע אַ ריי דער־ציילונגען וועגן העלדן פון דער יידיש־אַמעריקאַנער געשיכטע. אַזעל־כע דערציילונגען האָט ער אפילו אָפּגעדרוקט אין דער קינדער־צײ־טונג. ער האָט כסדר שטודירט, געפאָרשט די יידישע געשיכטע אין אַמעריקע.

אין 1937 איז אַרויס זיין בוך עסייען יידישע קלאַסיקער פּאָעטן (פּרוג, פּרץ, ליעסין, יהואש, מאָריס ראָזענפעלד, אברהם רייזען). אַלס ליטעראַטור־קריטיקער האָט ער געזוכט צו באַווייזן אַז אין לי־טעראַרישע ווערק דאַרף מען דער עיקר זוכן אָביעקטיווע ווערטן, אַז דער קריטיקער דאַרף קאָנען מעסטן און וועגן און ריכטיק אָוועקשטעלן יעדן צוטראָג, ד״ה, דער קריטיקער דאַרף זיך קענען גובר זיין ענג־פּערזענלעכע פּאָראורטיילן און אפילו דעם אייגענעם געשמאַק. גע־האַלטן האָט ער אויך, אַז אין דער יידישער קריטיק פעלן טערמינען, פּינקטלעכע קענטעניש, אפילו אָפּט אחריות צום ליטעראַרישן ווערק. די עסייען האָט ער געהאַט אָנגעהויבן צו שרייבן מיט אַ צען יאָר איידער זיי זיינען אַרויס אין בוך־פאָרם.

אין יענער צייט (1937) האָט ער שוין אָנגעהויבן זאַמלען די מאַ־טעריאַלן וועגן די גאָר־ערשטע און אפילו די שפּעטערע יידישע דיכ־טער אין אַמעריקע. זיינע אַרכיוון און קאַרטאָטעקן זיינען געוואַקסן. ער האָט געגישטערט, געזוכט און געקליבן — אָבער אַלעמאָל מיט אָרדנונג און מיט אַ חוש פאַר פּינקטלעכקייט. ער האָט זיך אָנגעהויבן דורכשרייבן מיט אַלערליי מענטשן, נאָכגעפאָלגט אָנצאָליקע שפּורן —

ניט נאָר טעכטער, זין, פּלימעניקעס, נאָר אויך לאָקאַלע שטאָטישע אַרכיוון, פּאָליציי־באַריכטן, אַלטע צייטונגען, „ריעל־עסטעיט"־ביור־ראָס, געשעפט־ביוראָס. די משפּחה פלעגט אים רופן „ליטעראַרישער דעטעקטיוו" און ער פלעגט שמייכלען דערביי. דאָס פאָרשן און נאָכ־פאָרשן איז געווען פאַר אים אַזוי פאַרכאַפּנדיק, ווייל אַזוי־נאָך האָט ער אויפגעלעבט געשיכטע, אַריינגעהויכט אַ נשמה אין פאַרגעסענע יידישע שרייבער, דערזען אַן אַרט לעבן, אַ גאַנצע תקופה יידישע געשיכטע. זיין חוש פאַר געשיכטע, איז געווען איינגעטונקען אין לעבעדיקע, מענטשלעכע בלוט־און־פליייש בילדער. ער פלעגט ממש אַליין זיך איינלעבן אין די דעטאַלן. איך דערמאָן זיך, מיר זיינען אַמאָל דורכגעפאָרן געוויסע דרום־שטעט אין אַמעריקע. האָט ער גע־מוזט זיך אָפּשטעלן, אויסזוכן די יידישע גאַסן, ריידן מיט דאָרטיקע יידן, קרעמער, לערער, שרייבער, ביבליאָטעקאַרן. אַזוי צ"ב אין נאָרפאָלק, ווירדזשיניאַ, אַזוי אין וואַשינגטאָן. אפילו אין ניו־בראָנז־וויק, ניו־דזשוירזי. אַזוי שפּעטער אפילו אין דער „וועסט". ער האָט זיך דערוואוסט ווי עס האָט געהייסן די ערשטע יידישע משפּחה, האָט שטודירט די נעמען אויף דעם יידישן בית־עלמן, א.א.וו. ער האָט אפילו ביי די יידן, וואָס ער האָט געטראָפן אין די שטעט, אויפגעוועקט אַ נייגער, אַן ענטוזיאַזם, און עטלעכע האָבן אים שפּעטער צוגעשיקט אינפאָרמאַציע און בריוו.

אין 1940 איז מינקאָוו געוואָרן אַ לערער אין דעם יידישן לע־רער־סעמינאַר — פון שפּראַך און ליטעראַטור. ער האָט אויך געהאַלטן אַ סעריע לעקציעס פאַר דעם הבונים־אינסטיטוט און פאַר די פּרויען־פּיאָנערן, אין ענגליש, וועגן דער יידישער ליטעראַטור. די סטודענטן האָבן ביי אים געלערנט מיט אַ באַזונדערער התמדה. ערשטנס, האָט ער זיי אָנגעשטעקט מיט זיין טיפער ליבע צו דער שפּראַך און צו דער ליטעראַטור. צווייטנס, איז יעדע לעקציע געווען גרינטלעך צוגע־גרייט, פּלאַנמעסיק, און אָנגעפּיקעוועט מיט וויסן. ער האָט כסדר זיך געלערנט, פלעגט קומען מיט נייע „אַנטדעקונגען" פאַר די סטודענטן, און די פרישקייט האָט זיי באַווירקט. אין קלאַס איז ער געווען גע־מיטלעך, רואיק, געדולדיק, אַזוי אַז די סביבה אין קלאַס־צימער איז געווען איינגאַנצן אַ געלאַסענע, אַן אנטשאַפּנטע.

אין 1941 איז מינקאָוו געוואָרן פאַרוואַלטונג־רעדאַקטאָר פון דער „צוקונפט". די אַרבעט איז געווען אַ פּילפּאַכיקע. עס האָט געפאָדערט: פאַרריכטן מאַנוסקריפּטן, לייענען קאָרעקטור, גיין אין דער דרוקעריי

און אויסשטעלן דעם נומער, זיך דורכשרייבן מיט באַזונדערע אַוו־טאָרן, זיך דורכריידן מיט דער רעדאַקציע־קאָלעגיע. מער ווי אַלצ־דינג האָט זיך געפאָדערט טאַקט, דאָס קענען אויסקומען מיט אַלערליי טעמפּעראַמענטן. די פעאיקייט האָט ער געהאַט אין דער פולער מאָס. זיין איידלקייט, זיין וואַרעמקייט, זיין ליבשאַפט האָט אַרויסגערופן אַ סך דרך־ארץ. אין זיין באַציאונג צו יונגע שרייבער האָט מען גע־קאָנט זען די זעלבע מילדקייט און געדולד, וואָס האָבן זיך אָפּגע־שפּיגלט אין זיין לערעריי. ער האָט אויך ליב געהאַט דאָס פאַרריכטן, דאָס אויסגלעטן דעם סטיל פון די מאַנוסקריפּטן. מיט פּינקטלעכקייט, מיט אַ געפיל פון אחריות און ערנסקייט האָט ער געמאָסטן איטלעך וואָרט, געוואויגן יעדע שורה. ער האָט געקאָנט זיצן דורך די נעכט און שלייפן, מעסטן, נאָכקוקן. די אַרבעט האָט פאַרנומען 40־50 שעה אַ וואָך, אַמאָל מער.

צום באַדויערן זיינען די שכירות פון דער „צוקונפט" געווען זייער קליין. האָט ער דערפאַר געמוזט שטענדיק זוכן צוגאָב־פּרנסות און דאָס איז אויף אים געפאַלן שווער — פּשוט פיזיש שווער. האָט ער אָנגעהאַלטן די לעקציעס אין סעמינאַר און אויך אָנגענומען לעק־ציעס אויסערן שטאָט.

אין יענער צייט האָט ער אויך אָנגעהויבן שטודירן די אַלט־יידישע ליטעראַטור און אַלט־יידיש מיט פּראָפעסאָר יודאַ יאָפע. לאַנגע שעה׳ן פלעגן זיי פאַרברענגען צוזאַמען איבער אַלטע ספרים, פאָטאָסטאַטירטע מאַנוסקריפּטן א. אַז. וו. מינקאָוו האָט אפילו גע־האָלפן פּראָפעסאָר יאָפען פירן אַ קאַרטאָטעקע פון באַזונדערע ווער־טער און פראַזן, פאַרנאָטירן גראַמאַטישע כללים, פּראָבלעמען פון סינטאַקס.

די געשיכטע פון דער אַלטער יידישער ליטעראַטור, וואָס איז דערשינען אין דער אַלגעמיינער יידישער ענציקלאָפּעדיע האָט ער געשריבן אין זומער 1941 (ס׳איז דערשינען אין 1942). אין 1942 האָט ער געשריבן (אין ענגליש) פאַר דער „יוניווערסל דזשואיש ענסייקלאָפּידיע" אַ געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור, אויך באַזונדערע אַרטיקלען וועגן דער יידישער ליטעראַטור, און באַזונ־דערע ביאָגראַפיעס.

אין יאָר 1946 האָט ער אין „ניו־סקול פאָר סאָשל ריסוירטש", אָנגעהויבן זיינע פאָרטראָגן אין ענגליש וועגן דער יידישער ליטע־ראַטור. דאָס זיינען געווען די ערשטע ענגלישע קורסן אין אַ הויך־

שול אין די שטאַטן פאַר קרעדיט. זיי זיינען ניט געווען קיין צוגאָב־קורסן, ניט סתם קורסן, נאָר אַ טייל פון „קאַלעדזש" קוריקולום. דער בולעטין פון „ניו־סקול" ווערט געשיקט איבער אַלע אוניווערסיטעטן און צו די ביבליאָטעקן איבערן לאַנד. פאַר דער יידישער ליטעראַטור האָט דאָס געמיינט אַקאַדעמישער סטאַטוס. ספּעציעל, ווייל דער ליטעראַטור־דעפּאַרטמענט פון „ניו־סקול" האָט אַ שם אין די אוניווערסיטעטן פון לאַנד; און די יידישע ליטעראַטור איז דאָרט געווען מיט חשיבות פאַרטראַטן. פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט דאָרט געלערנט וועגן די קלאַסיקער, וועגן דער אַמעריקאַנער יידישער ליטעראַטור, א.א.וו. און צווישן די ספּעציעלע קורסן, וואָס ער האָט איינגעפירט, זיינען געווען אַלט־יידישע ליטעראַטור, תחינה־ליטעראַטור, חסידישע ליטעראַטור. צווישן די סטודענטן זיינען געזעסן שוין געענדיקטע לערער, ביבליאָטעקאַרן, סתם געלערנטע, און אַזעלכע, וואָס האָבן געדאַרפט ערשט באַקומען זייערע דיפּלאָמען. עס זיינען געזעסן יידן און ניט־יידן (איטאַליענער, נאָרוועגער, נעגער, ענגלענדער, אירלענדער). אָפט האָט פּאַסירט, אַז מינקאָוו האָט אין זיי אַרויסגערופן אַזאַ מין נייגער צו קענען די שפּראַך, אַז זיי פלעגן גיין אויך נעמען קורסן אין יידיש, זיך לערנען ביי אים אין יידישן לערער־סעמינאַר. נאָך זיין טויט האָב איך באַקומען הונדערטער בריוו פון זיינע געוועזענע סטודענטן. די באַאַמטע פון „ניו־סקול" האָבן מיר אויך איבערגעשיקט בריוו, וואָס זיי האָבן דירעקט באַקומען. אין פעברואַר פון 1946 האָט ער אויך אָנגעהויבן לערנען וועגן דער יידישער ליטעראַטור אין דעם יידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר. דאָרט האָט ער געלערנט צוויי יאָר צייט.

פון יענער צייט אָן ווען ער האָט אָנגעהויבן האַלטן זיינע פאָרטראָגן אין ענגליש וועגן דער יידישער ליטעראַטור, האָט ער אָנגעהויבן קריגן איינלאַדונגען פון אַלערליי ענגלישע אויסגאַבן צו שרייבן וועגן דער יידישער ליטעראַטור. אויך אַ ריי אוניווערסיטעטן איבערן לאַנד האָבן אים פאַרבעטן צו האַלטן פאָרטראָגן וועגן דער יידישער ליטעראַטור. אָפט האָט מען די לעקציעס פאַרעפנטלעכט אויף דער דאָרטיקער ראַדיאָ. מיר האָבן צ״ב „טייפּ־ריקאָרדינגס" פון אַזעלכע „בראָדקעסטס" אין וועין אוניווערסיטעט, און אין טאָראָנטאָ אוניווערסיטעט, און מאַניטאָבאַ. ער האָט געהאַלטן אַז די „בראָדקעסטס" זיינען גוואַלדיק וויכטיק פאַר דער חשיבות פון יידיש. מיט שטאָלץ פלעגט ער אונטערשטרייכן אַז „צווישן אַלע מינאָריטעטן אין די פאַראייניקטע שטאַטן זיינען די יידן די איינציקע וואָס האָבן געשאַפן אַזאַ רייכע,

אַזאַ אייגנאַרטיקע ליטעראַטור. אויפן באָדן פון אַ ניי לאַנד האָבן זיי געשאַפן אייגענע ווערטן און געבראַכט אַ גרויסן צוטראָג צו דעם „קולטורעלן פּלוראַליזם".

זיין דריט בוך לידער „ביים ראַנד" האָט ער אָפּגעדרוקט אין 1946. עס איז דורכויס אַ זאַמלונג פון חורבן־לידער. מען קען זאָגן, אַז ער האָט איבערגעלעבט די גאַנצע קאַטאַסטראָפע ווי ס'וואָלט געווען ניט פון דער ווייטן, נאָר פּאַר זיינע אויגן. אַלע דעטאַלן, אַלע שוידערלעכע ווייטיקן. עס האָט אין אים געוועקט דעם מוז זיך צו גריבלען טיפער און טיפער אין יידישע ווערטן: קבלה, חסידות, יידישע מיסטיק. די שפּראַך איז ביי אים געוואָרן אָנגעלאָדן ניט בלויז מיט העברעאישע אויסדרוקן, נאָר מיט אַלטע רעליגיעזע העברעאישע ווערטער.

אין 1949 איז ער געווען דער איניציאַטאָר פון שאַפן דעם יידישן קונסט־צענטער. נאָך פון די צייטן פון די אַקאַדעמישע קורסן, ווען ער האָט אָרגאַניזירט קאָנצערטן און אויסשטעלונגען אין דער „וואַי", האָט ער געחלומט, אַז יידישע מוזיקער, מאָלערס, שרייבערס, זאָלן זיך צוזאַמענקומען און אויפטרעטן פאַר אַ געקליבענעם עולם. דוד איגנאַטאָוו און יצחק ליכטנשטיין זיינען צו אים צוגעשטאַנען. מינקאָוו האָט געהאַט אַ פאַרבינדונג מיט דעם דירעקטאָר פון דער יידישער מוזיי (אַן אָפּטיילונג ביי דעם טעאָלאָגישן סעמינאַר), וואו מינקאָוו האָט געהאַט געהאַלטן לעקציעס וועגן דער יידישער ליטעראַטור עטלעכע יאָר צייט). ד"ר קייזער האָט דערלויבט צו האַלטן די וועכנטלעכע קאָנצערטן און אויך די אויסשטעלונגען אין זיין מוזיי. ס'איז מינקאָוון אָבער געפאַלן צו שווער זיך צו שטעלן אין פאַרבינדונג מיט די אַלע קינסטלער, פּאָעטן, מוזיקער, אָרגאַניזירן די פּראָגראַמען, א.א.וו. און דער יידישער קולטור קאָנגרעס האָט איבערגענומען די אַרבעט אין 1951־2.

אין 1950 איז אַרויס זיין בוך וועגן אליה־בחור. ער האָט געזען די וויכטיקייט פון באַטאָנען אַז אויך אין דער אַלטער יידישער ליטעראַטור איז געווען אַ תקופה פון שיין שרייבן.

זומער 1952 איז מינקאָוו געפאָרן קיין מעקסיקע, געוואָרן דער ערשטער פּראָפעסאָר פון יידישער ליטעראַטור ביי דעם יידישן שול־וועזן אין מעקסיקע (פאַקולטעט פון פילאָסאָפיע און ליטעראַטור, איינ־קאָרפּאָרירט ביי דעם אויטאָנאָמישן מלוכה אוניווערסיטעט, קאָלעכיאָ איזרעאַליטאַ דע מעכיקאָ).

מעקסיקע האָט אים אויפגענומען מיט גרויס ליבשאַפט, מיט

כבוד און גרויס רעספעקט פאַר זיין קענטעניש און זיין ערנסטקייט. די באַגייסטערונג אין דער פּרעסע איז געווען גאָר גרויס. און די פריינד און פאַרערער וואָס ער האָט זיך דאָרט דערוואָרבן זיינען אים געבליבן לאָיאַל ביזן סוף.

אין 1952 איז אַרויס זיין בוך וועגן גליקל האַמל, די פרוי וואָס האָט אָנגעשריבן אירע מעמואַרן סוף 17טן און אָנהייב 18טן יאָרהונדערט. אין זיין אַריינפיר צום בוך באַטאָנט ער, אַז די שפּראַך איז געווען פאַר־בונדן מיט אַ לעבנסשטייגער. „ס׳ווערט קלאָר — יידיש איז ניט בלויז אַ שפּראַך, נאָר אַ שטיק ציוויליזאַציע״.

אין 1952 איז אויך אַרויס דאָס לעצטע בוך לידער זיינס, אַ שטערן בליט. פאַר אים איז אַלעמאָל געווען אַ באַזונדערע פרייד אָפּצודרוקן לידער. קריטיק און פאָרשונג זיינען אים געווען ליב, אָבער קיינמאָל ניט אַזוי נאָענט צום האַרצן ווי דיכטונג.

אין 1954 איז אַרויס דאָס בוך „זעקס יידישע קריטיקער״ (אַלעק־סאַנדער צעדערבוים, י. י. לערנער, י. ח. ראַווניצקי, יואל ענטין, בעל־מחשבות, ש. ניגער), וואָס איז אַ געשיכטע און אַן אַנאַליז פון דער מאָדערנער יידישער קריטיק. מערסטע פון די עסייען פון בוך האָט ער געהאַט אָנגעשריבן מיט אַ סך יאָרן פריער, טעלעכע אפילו אָפּגע־דרוקט. דאָס בוך איז פּרעמירט געוואָרן, געקראָגן דעם ל. בימקאָ פּרייז.

אין 1955 איז אַרויס דאָס בוך „ליטעראַרישע וועגן״ אַ בוך פון געזאַמלטע עסייען וועגן מענדעלע, גאָלדפאַדן, פרץ, פּינסקי, ראָלניק, ה.רויזנבלאַט, א. לעיעלעס, ב. לואיס: אַנאַליזן איבער פאַרשיידענע שרייבער פון פאַרשידענע ריכטונגען און געביטן. מערסטע אַרבעטן זיינען געווען פון פריער אָפּגעדרוקט אין באַזונדערע צייטשריפטן.

אין יוני 1955, האָט נחום ברוך מינקאָוו געקראָגן זיין ערשטע האַרץ־אַטאַקע. גאָר פון אָנהייב האָבן מיר ניט פאַרשטאַנען, ווי ערנסט די קראַנקייט איז. דער לאָקאַלער דאָקטער האָט אפילו ניט אָוועקגע־שטעלט די געהעריקע דיאַגנאָזע. שפּעטער איז קלאָר געוואָרן די סכנה. אַלנפאַלס פאַר מיר. יענער זומער איז געווען אַ שווערער, ספּעציעל די ערשטע וואָכן איידער די גרויסע געפאַר איז אַריבער. ער האָט געמוזט ליגן אויפן רוקן, כסדר רוען, זיך ניט אָנשטרענגען, זיך ניט אויפרעגן. פון קיין שפּיטאָל האָט ער ניט געוואָלט הערן. איז דאָס הויז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ היילונג־פּלאַץ. די צוויי זין האָבן געהאָלפן דערלאַנגען, צוטראָגן, אפילו געגאַנגען איינקויפן.

דער טעלעפאָן איז געווען דאָס איינציקע, וואָס האָט זיך אַריינגעריסן אין דער שטילקייט פון שטוב. ווען מינקאָוו האָט זיך דערפילט אַ ביסל שטאַרקער, האָט ער זיך געבעטן „כ׳וויל אַריבערגיין אין דעם אַל־געמיינעם צימער, דאָרט ווען זיך די חברה אַרומדרייען אַרום מיר. ס׳איז מיר בעסער אַזוי״. און ליגנדיק אַזוי אין בעט האָט ער אָנגע־שריבן כמעט אַלע פון די אַרבעטן פאַר זיינע דריי בענדער פּיאָנערן פון דער יידישער פּאָעזיע אין אַמעריקע. די מאַטעריאַלן האָט ער גע־האַט געזאַמלט עטלעכע און צוואַנציק יאָר. קענטיק, אַז ער האָט דער־פילט אַז די צייט איז שוין קורץ און די מאַטעריאַלן מוזן דערזען די ליכטיקע שיין. ער האָט געאַרבעט פלייסיק, ווי איינער וואָס טאָר קיין מינוט ניט פאַרלירן. גלייך אין האַרבסט האָבן מיר באַשלאָסן אַז דאָס ווערק מוז אַרויסגיין. איך — ווייל כ׳האָב מורא געהאַט אַז ער וועט ניט דערלעבן, און ווייל איך האָב געהאָפט, אַז דאָס וועט אים אפשר אויפהאַלטן ביים לעבן. ער — ווייל ער האָט געפילט אַז די כוחות גייען אים פשוט אויס. פינאַנציעל איז די אונטערנעמונג געווען אַ קאָלאָסאַלע (קרוב צו 9000$ דאָלער). אמת, אַ קאָמיסיע האָט זיך געגרינדעט צו העלפן פינאַנצירן די ביכער. אָבער ס׳איז אַלץ גע־גאַנגען לאַנגזאַם, שווערלעך, זייער שווער אין אַ סך הינזיכטן. מינקאָוו האָט בכלל באַטראַכט, אַז ס׳איז אומווירדיק פאַר אַ שרייבער צו „פּעדלען״ די אייגענע ביכער. ס׳איז אָבער געווען ווערט די מי. ניט בלויז ווייל די דריי בענדער זיינען פּרעמירט געוואָרן פון דער האָפּער־לייב פאָנד. (ס׳איז אַ סוד פאַר גאַנץ בראָד אַז דער ל. למד פאָנד און דער האָפּער־לייב פאָנד האָבן ביידע געוואָלט אים פּרעמירן, אָבער לויט די געזעצן טאָר אַ ווערק ניט אָננעמען צוויי פּרעמיעס אויף אַמאָל). נאָר ווייל דער אינטערעס צו די ביכער האָט אים ממש אויפגעהאַלטן ביים לעבן.

ער האָט גלייך אָנגעהויבן ריידן וועגן נאָך דריי בענדער, וואָס זאָלן באַשרייבן די נאַציאָנאַלע דיכטער אין דער זעלבער תקופה פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע. גיין אין די ביבליאָטעקן, נאָכפאָרשן, באַשטעטיקן דאַטעס, לידער, א.א.וו. איז פאַר אים שוין פיזיש ניט געווען מעגלעך. האָט ער באַשטעלט מענטשן, וואָס זאָלן אים אַרויסהעלפן. עס זיינען געבליבן אַ סך, אַ סך מאַטעריאַלן, קאַר־טאָטעקן, אַרכיוון — ס׳איז אָבער ניט קיין גאַנצע, פולע און גענג־דיקטע אַרבעט.

אין 1957 איז ער געוואָרן דער פּראָפעסאָר פון יידישער שפּראַך

און ליטעראַטור אין דער נייער „אַקאַדעמיע פאַר העכערער יידישער בילדונג". די אינסטיטוציע באַשטייט פון צוויי אָפּטיילונגען: אַ רבנישע אָפּטיילונג און אַ פּאָסט־גראַדואיר שול פאַר יידישער וויסנ־שאַפט אין אַלע געביטן (געשיכטע, קולטור, ליטעראַטור, פילאָסאָפיע, רעליגיע). דאָס איז צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון אַמערי־קאַנער טעאָלאָגישע סעמינאַרן און שולעס פאַר רבנים, אַז מען זאָל האָבן איינגעפירט דעם לימוד פון יידישער ליטעראַטור פאַר צו־קונפטיקע רבנים און יידישע געלערנטע. ווי אַלעמאָל האָט נ. ב. מינ־קאָוו דאָ זיך דערוואָרבן פאַרערער און פריינד. וויכטיק פאַר אים איז געווען די ליבשאַפט און דעם דרך־ארץ, וואָס ער האָט אַרויסגערופן צו יידיש. ס'איז ווערט געווען די פיזישע אָנשטרענגונג.

אַרומפאָרן אין די אוניווערסיטעטן איבערן לאַנד האָט ער שוין ניט געקאָנט. פיזיש איז אים שוין געווען שווער יעדער איבעריקער טראָט. פונדעסטוועגן האָט ער אָנגעהאַלטן די קלאַסן אין לערער סעמינאַר און אין „ניו־סקול פאָר סאָשל ריסוירטש" — אויך פאַר־שטייט זיך זיין אַרבעט פאַר דער „צוקונפט". דאָס איז געווען פאַר אים די אָנגעשטרענגסטע אַרבעט און די אויפרעגנדיקסטע. דאָך איז זיין פּינקטלעכקייט ביזן סאַמע סוף, זיין געפיל פאַר אחריות געווען צום באַוואונדערן. אויך זיין געדולד צו יעדערן און זיין איידעלן ווילן צו פאַרשטיין דעם צווייטן.

די לעצטע וואָכן זיינען אים געווען שווער, שווער צו אָטעמען, שווער צו גיין, אפילו שווער צו ריידן. דאָך האָט ער ניט אויפגעהערט צו זיין אַקטיוו. ניט געוואָלט „אויפגעבן". אפילו געפאָרן אין דרו־קעריי צו זיין זיכער אַז געוויסע אויסבעסערונגען וועלן אַריין.

אין דעם לעצטן טאָג פון זיין לעבן זיינען מיר געווען אויסערן שטאָט און אין אַ העפט האָט ער פאַרצייכנט אַ ליד וואָס הייבט זיך אָן:

„ס'איז מערץ... קאַיאָרן קילע, קילע נעפּלען, קילע שטילקייט.
די ווילדע וועלדער שלאָפן נאָך ווען ס'ברעכט זיך
מיט אַ מוטנער שטראַליקייט אַדורך דער מאָרגנשטערן".

אין דער נאַכט פון מערץ דעם 14טן 1958, פון דאָנערשטיק אויף פרייטיק 1:30 פאַרטאָג, האָט ער זיך אויפגעכאַפּט מיט ווייטיקן אַרום ברוסט־קאַסטן. אַזעלכע אַטאַקעס זיינען ניט געווען אויסערגעוויינלעך

פאַר אים. אָבער ס׳איז גלייך געווען צו דערקאָנען אַז דאָס איז ניט ווי געוויינלעך. ער האָט נאָך באַוויזן אויף אַ קאַרטל אָנצושרייבן:

„גוף,
ס׳וועט קיינער אונדז ניט רופן״.

מינוטן שפּעטער אין זיין האַלב־באַוואוסטלאָזן צושטאַנד האָט ער זיך געבעטן אַז אין קיין שפּיטאָל זאָל מען אים ניט נעמען. פּאָליציי איז געקומען. מען האָט געבראַכט אַ זויערשטאָף־טאַנק, דער דאָקטער האָט אויף אים געאַרבעט, אַן אַמבולאַנס איז געקומען, אָבער ס׳איז שוין געווען צו־שפּעט. זיין וואונטש איז מקוים געוואָרן. ער איז אויסגעגאַנגען אינדערהיים און זיין משפּחה איז געווען לעבן אים.

מיר האָבן צוויי זין, עמרם (געבאָרן מאַי 1936) און אליהו (עליע, געבאָרן סעפּטעמבער 1943). זיין צוגעבונדנקייט צו דער משפּחה און צו דער היים מוז דאָ פאַרנאָטירט ווערן. דער גרעסטער פאַרגעניגן איז פאַר אים געווען צו פאַרברענגען אינדערהיים. און פאַרקערט, זיין אָנוועזנדיקייט האָט זיך שטענדיק געפילט, אפילו ווען ער איז געווען פאַרנומען ביי זיך אין זיין צימער. אַ ליכטיקייט, אַ מין שטראַליקייט האָט ער אַריינגעבראַכט אין שטוב. געווען אַ צאַרטער, גוטער מענטש וואָס האָט זיך שטענדיק געגריבלט אין ביכער און פּאַפּירן, פאַר וועמען גייסטיקע און מענטשלעכע ווערטן זיינען געווען וויכטיקער פון אַלץ. מיר האָבן אָרעם געלעבט, זייער אָרעם, אָבער גייסטיק איז דאָס לעבן געווען פילפאַכיק און רייך.

נ. ב. מינקאָוו

# נביא

איבער זיין קאָפּ
האָט זיך אַ לאָז געטאָן אַ סטאַיע פייגל.
זיין האַרץ איז אויף אַ רגע אָפּגעשטעלט,
און פלאַקערט מיט פייער פון נבואה.
בלינדע האָבן מיט דערשטוינטן שרעק
דאָס ליכט דערזען,
געפאַלענע און קראַנקע
הייבן זיך אין גלויבן,
און קינדער לאַכן הילכיק.
מיט אימה האָט אַן אַלטער, אָפּגעלעבטער גבר
געפלאָפלט צו זיין זון —
„זע, זע, דער נביא גייט...
דו זעסט?
אַ ליכט־קוואַל שלאָגט
פון זיין פייערדיק האַרץ,
עס האָט נאָך קיינער ניט באַרירט דעם הימל
מיט זיין קאָפּ, ווי ער,
און פליען איבער אים קען קיינער."

עס האָט אַ סטאַיע פייגל
זיך אַ לאָז געטאָן איבער זיין קאָפּ
און ער — אַ בלינדער
גייט דער פינצטערניש אַנטקעגן
פאָרויס און שטום.

(געשריבן אין 1918 און געדרוקט אין „טאָג" ניו־יאָרק, פעברואַר 1919)

נ. ב. מינקאָוו

# דעמער

די שעה פון שטילקייט איז אומענדלעך גרויס —
דאָס איז די שעה פון דוכטעניש,
דאָס איז די שעה פון שטילסטער פּאָרכט און פון הכנעה.

דער הימל־ראַנד — ווי פּחדימדיק, ווי פייערלעך,
פּאַרגייט מיט פייער־שטראָמען, מיט שאַרן שרפים,
און סטאַדעס גליענדיקע וואָלקנס
אויף אַלע הימל־שטעגן.

אין וואַלד שלאָפט שטיל דער דעמער.
אין ווייסן טייך שטאַרבט אומשולדיק דער טאָג.
און אומדערוואַרט גאָר — שטילע אָפּהילכן פון ווייטע דונערס,
און אָט בליצט־דורך אַ בלאַסע שלאַנג און ווערט ניט באַלד.

דאָס האַרץ איז מיד, דאָס האַרץ בעט רו.
אַרום דעם לערן שייער שלאָפן קאָרן־בלימלעך.

עס שאָטענען אַזויפיל תהומיקע דערמאָנונגען.
די ווינטלעך כוואַליען, נייגן שטיל די פעלדער ווייץ.
און ס׳האָרכט דער שטאָרך, עס האָרכן האָזן, ס׳האָרכט דער
יונגער הירש ביים וואַלד.

און ווי אין חלום ווייזט זיך דאָ אַ רעגנבויגן.
מיט אַלע זיינע דורכזיכטיקע מראות
ווערט פול דער וואַלד, דער טייך, דאָס פעלד, דאָס מידע האַרץ.

ביים הימל־ראַנד — די פייער־שטראָמען ווערן לויטער־בלוי,
און אָוונטיקער אַלע מחנות שרפים.

אין שעה פון הויכער שטילקייט פאַלן אָפּ מחיצה נאָך מחיצה,
און ס׳דוכט זיך — סוד נאָך סוד ווערט אָפן.
האַר, דאָס מידע האַרץ ווערט מידער,
מידער, שטילער.
און אַלע דיינע וועגן זיינען אומפאַרשטענדלעך...

---

(געדרוקט אין „צוקונפט“, מאַי־יוני 1958)



די מוטער, עלקע מינקאָוו



דער פאָטער, משה מינקאָוו



**אַ סטודענט אין דער גימנאַזיע, 1914**
(צווייטער סטודענט, רעכטס)



1916



בײַ אַ „צוקונפט" סימפּאָזיום, 1954

מיכל ליכט

# נ. ב. מינקאָוו

עס האָט זיך אַ ריר געטאָן די לעצטע צען יאָר. אין אַלע לענדער וואו קונסט איז געווען דער טאָג־טעגלעכער אָפּטויש־פּראָצעס פון עטלעכע טויזנט מענטשן נאָר — אַ פּראָצעס מיט אינטערעסן, וואָס האָבן ממש געראַטעוועט דאָס ווירדיקע פון דעם גאַנגבאַרן ליגנערישן אַלטעגלעכן לעבן — איז די צאָל פאַרערער באַין ערך פאַרגרעסערט געוואָרן. אפילו די פּראָלעטאַרישע שיטה, וואָס שטרעבט נאָך נישט צו קיין אויסלייזערישן סינטעז און נעמט אָן קונסט אַלס סימפּטאָם דערווייל, וועט מיט דער צייט געפינען גייסטיק פאַר נייטיק צו פאַר־ברייטערן דעם מאָנאָטאָנעם דרך און פאַרטיידיקן קונסט אַלס סימבאָל. אָט דאָס באַנוגענען אַליין איז איצט פאַר זיי די ויותר. די פראַגע בלייבט נאָר, צי ווערט קונסט אין אַלגעמיין מער אַסאָציאירט מיט דעם רעזול־טאַט, וועלכער ווערט אין שאַפונגס־פּראָצעס אונטערוואָרפן פאָרגע־שריטענער טעאָרעטישער באַלייכטונג.

אין אונדזער ליטעראַטור, מיר זאָלן אָננעמען דאָס פּאָפּולער מערקווירדיקע, האָבן מיר ערשטנס אַזאַ אויסגעשריענעם מאַסשטאַב ווי „שוידערלעכקייט״. דאָס לעצטע איז ביי די מעבר לים פּאָעטישע ברידער אונדזערע, אַרויסגערופן געוואָרן נאָר אַ דאַנק דער צעשפּלי־טערטער געזעלשאַפטלעכער סטיכיע. דאָס באַנייען פון יעדן „סאָציאַלן קאָנטראַקט״ מוז געוויסערמאַסן אונדז געבן אַ באַנייאונג פון עסטעטישע באַגריפן. אָבער — ניין. עס מוז נישט — איך וואָלט געזאָגט אַז עס קאָן נישט טוישן די פאַרצווייגטע עסטעטישע ווערטן, נאָר בייטראָגן, צוברענגען עפּעס נייס, אין ליכט פון די לעצטע דערשיינונגען. דאָס איז אפשר אויך דער טעות, וואָס אונדזערע יונגע דיכטער האָבן דאָרט געמאַכט. זיי האָבן געזאָלט גיין ווייטער, לויט דעם הסכם פון אַ קלאָר־באַגריפענער רעגירנדיקער עסטעטישער סכעמע. זיי האָבן אָבער באַ־טראָטן אינגאַנצן אַן אַנדער דרך.

פאַר דעם צווייטן ביישפּיל קאָן דינען אונדזער אַמעריקאַנער

„קולטור״, שיקאַגע, דעצעמבער 4, 1925.

אינטראָספּעקטיוויזם. די אָנהענגער פון דער לעצטער גרופּע האָבן, נישט אַכטנדיק אויף זייערע דערקלערונגען צום זאַמלבוך „אין זיך", 1920, נעפּלדיק באַגריפן די צעצווייגטקייט פון זייער פּראָגראַם. די מאַניפעסטאַציע פון קליינלעכע לעבנס־דערשיינונגען האָבן זיי איינ־געהילט אין פּאַטעטישע פליטערלעך. עס איז דערפאַר קיין וואונדער נישט, וואָס אויסער דער אויסגעשפּראָכענער טערמינאָלאָגיע, איז די עסטעטיק זעלבסט פון זיי באַרייכערט נישט געוואָרן. אויב דער סדר פון זייער וועג איז פאַר זיי קלאָר געווען, זיינען אָבער די פאַררעטערישע ביי־כללים געבליבן הענגען אין דער לופטן און דורך די קאַרגע צוויי צענדליק נומערן פון זייער צייטשריפט איז מיט קיין איין קאָנקרעט אַרטיקל נישט אָנגעדייט געוואָרן וואָס אַזוינס איז דער אינטראָספּעקט־טיוויזם, אַלס קינסטלערישע באַזע, אַלס פּאָעטישער פאָרמול, וואָס קענען דינען דער צייט, אַזויערנאָך העלפנדיק איר וויטער שפּינען די קונסט־נעץ.

וואָס די אורזאַכן פון דעם זאָלן נישט זיין, איז איצט איבעריק מיט דעם זיך צו פאַרנעמען. עס איז אָבער יאָ כדאי צו זען וואָס אַ פּראָ־מינענטער אינזיכיסט האָט דערגרייכט, דיכטנדיק אונטער און אויסער־האַלב דעם אינטראָספּעקטיוויסטישן היפּנאָז.

אין „שלאָפלאָזע נעכט" לאָזט מינקאָוו שוין, אין ערשטן טוץ שורות, דאָס גאַנצע אינזיכיקע רימל, לויפן פייל אויסן בויגן. „דער לעצטער זיג פון אַלטן קריגער" איז אַ וויזיע פון מיטעלן פאַרנעם. וואָס עס וואָרפט זיך אין די אויגן ווי אין דעם געהער, איז איבער אַמאָל קאָנדענסירטער אינזיכיזם.

עס איז באַזונדער שווער צו געפינען צווישן אונדזערע דיכטער אַזעלכע, וואָס זאָלן קענען נאָכזאָגן דעם פראַנצויזישן קונסט־קריטיקער, עלי פאָרס ווערטער: „דורך מיינע באַגריפן פון דער קונסט האָב איך געלערנט קאָנטראָלירן מיינע געדאַנקען און סענטימענטן". אונדזערע קינסטלער איבערהויפּט זיינען אין זייער באַציאונג צו קונסט נישט פאַרשיידן, נאָר ווילקירלעך. אָבער ביי געציילטע ווערט פאַרצווייגטער מאַטעריאַל פאַרוואַנדלט, אויב נישט אין נייעם אינהאַלט, טאָ איז אין אַן אַנדערשדיקן דרך. „האַרבסט" איז אַן אָנגענומענע טעמע ביי אונדז. דער מאָטיוו אַליין איז אַזוי אַלט ווי די טיפע מענטשלעכע עלטער. שוין די ערשטע שורה:

„אונטער מיינע וויעס צאַנקט דאָס ליכט פון מיינע גאָטס־
פאָרכטיקע זיידעס."

באַוויזט דעם טעמפּאָ, צירט זיך אין ניואַנס פון אַן עכט מאַני לייב׳יש ליד. עס איז דאָך אָפּוועזנד (און עס טוט אונדז אָסור באַנג) דאָס כּפל־שמונהדיקע, דאָס זעלבסט־דערהויפּטלעכע. דערפאַר איז פאַראַן זעלבסט־דערפולונג, כאָטש עס קומט נישט פון לויטערן געמיט פון פּאָעטס אייגענעם טיף־באַגריפענעם אַמאָראַלישן „איך", נאָר פון דעם היס־טאָריש־פּאַטאַלן

„אַז ס׳וועט קיינמאָל נישט פאַרלאָשן ווערן דאָס ליכט פון
מיינע גאָטספאָרכטיקע זיידעס".

אָט אַזוי ווערט פּאָזיטיווע ווירקלעכקייט, צווישן די קולטיווירטסטע ביי אונדז, אויסגעמישט מיט דעם קשי־עורפדיקן לעגענדאַרן. דאָס לעצטע וואָרט אין דער „בעהייוויאָריסטישער" פילאָסאָפיע איז די איינגעבוירענע מורא, וואָס פלאָגט דאָס קליינע קינד, און ווי מיר וואָלטן געמעגט דער־וואַרטן, איז קיין דערלייזונג נישטאָ פאַר דעם מיטן וואַקסן. אדרבא. דער פרימיטיווער אוראַלטער פּחד, צעפלאַנצט זיך מיט דער צייט אין אַ גאַנצן שנור „טאַבוס", וואָס זייערע רעגלען קריגן מיר פון די דאָקטוירים אויף אַלערליי געביטן פון דער וויסנשאַפט. אויך דער דיכטער קען זיך נישט באַפרייען פון דעם. זיין עמפּירישקייט שטויסט זיך אָן אין דער פּאָסט־ראַציאָנעלער וואַנט:

„בין איך דער לעצטער שוין,
מוז איך נאָך אַלץ שטומען אין די גאָלדיק־דעמערדיקע טעג,
צי וועט מיין צונג נאָך אויפגעבונדן ווערן ?" („האַרבסט").

קורצע לידער זיינען פאַרקערפּערטע שטימונגען. אַזוי איז דאָס ליד „מיט זיך". עס טרעפן זיך דאָך לידער נישט קיין שטימונגען, נאָר שטימונגס־קאַפּריזן. אַזוי איז דאָס ליד אויף דעם אַנטקעגנדיקן בלעטל — „לאַנדשאַפט". „אין אָוונט", אַ ליד פון פינף אומרעגולערע צוויי און דריי שורהדיקע סטאַנצן, אַנטהאַלט די גאַנצע אויסלעבונג פון אַ כאַ־אָטישער פּערצעפּציע, רעגולירט דורך אַ פולקום־אָריענטירטן דיכ־טערישן חוש. דער דיכטער באַהערשט דעם עבר מיט אַלע זיינע גייסט־פעדעם. שוין די ערשטע צוויי שורות — ווי זיי נעגאַטיווירן דעם קאַטע־גאָרישן אימפּעראַטיוו פון דיכטערס פּאָזיטיוון ווילן צו גריבלען זיך הינטער די יסודות פון באַשאַף

„דו ביסט ווי דער הימל פאַרשלאָסן
פאַרנעמען דיך קאָן איך ניט" —

שטעלן אַוועק די אונטערזוכונג אויפֿן פֿאָרנעמען פֿאָעטישן פּעדעסטאַל און דער דיכטער נוצט זיי פֿאַר דער ברעט פֿון וועלכער ער שפּרינגט אַריין אין סאַמע געדיכטן פֿון לעבנס־געשעענישן. דערפֿאַר איז די אויס־לייזונג פֿון עתיד אויך פֿעסט באַשטעטיקט דורכן דיכטערס אויסדרוק

„אויף מיינע פֿינגער שלאָפֿט דער טויט".

וואָס איז שוין נישט מער די לאָקאַלע פֿאַרענטפֿערונג פֿון דעם „איך", ווען ער ווערט מיד, זוכנדיק אַן אויסוועג. עס איז דער „גראַן־פֿינאַל" פֿון אַ פֿייערלעך באַהערשטער מאַכט. דאָס ליד איז, אין עסטעטישן זין, אַ פּראַכטפֿול טאַנאַגראַ פֿיגורל און די דעליקאַטע פּראָפּאָרציאָנעל־גע־הובלעוועטע שורות, ווי די אײדעלע טײלן פֿון אַ פּערפֿעקטן מאַטעריעלן קערפּער, גיסן זיך צונויף האַרמאָניש מיט דער קרעפֿטיקייט פֿון אַל־גייסטיקן. ווער עס קען אונדזער „ניי" הײנטשטאָטיש מיידל — דער פֿיינער פּראָדוקט פֿון פֿיזישער היגיענע און גייסטיקן איינטיילנעמערישן אָפּשיי פֿאַר זויבערקייט, רייפֿקייט און לוסטיקייט — וועט פֿאַרשטיין די צויבערלעכע שטאַלטקייט פֿון ליד.

איך האָב נישט אויסגעקליבן די בעסטע לידער פֿון בוך. איך וויל אָבער דורכויס באַשטיין, אַז די בעסערע האָבן גאָרנישט צו טאָן מיט צוגעקלעפּטע, אַרויפֿגענויטע כּללים. אַז זיי זיינען דער הוילער רעזול־טאַט פֿון דיכטערס באַמיאונג און די אַפּליקאַטאָרישע טערמינען פֿון איצטיקן לעבן ווי אויך פֿון דער צייטס קונסט־דראַנג, קאָן יעדער ,ראוי פֿאַר אַזאַ מין לייענען דעם דיכטער, לייכט איינזען.

וואָלטן די סאָנעטן, סוף בוך, געווען צופֿעליקע מאָדערנע לידער געשריבן אין דער שפּעט־מיטלאַלטערלעכער פֿאָרם, וואָלט אפֿשר נישט כּדאַי געווען זיך אָפּצושטעלן אויף דעם: פֿאַרוואָס סאָנעטן? זיינען זיי אָבער די אורזאַך פֿון אַן אינטראָספּעקטיוויסטישער צופֿעליקייט. עס איז מערקווירדיק, וואָס דער סאָנעט האָט אויפֿגעלעבט ביי די יונגסטע. עס לוינט זיך דערפֿאַר צו זען, וואָס מינקאָוו האָט פֿון דעם מוסטער געמאַכט.

און ווייל אינהאַלטלעך האָט ער עס געמאַכט נישט אין די סאָנעטן, נאָר אין זיין פּאָעמע „קיד קאַרטער" (זשורנאַל „1925" — נומ. 3), וועלן מיר די סאָנעטן אַרויסווייזן רחמים און זיי אָפּלאָזן. אָבער „קיד קאַרטער"? דער גאַנצער מאַטעריאַל איז פֿאַכמעסיק אַסאָרטירט דורך די פּופּצן לידער. די פֿאַבולע, וואָס לעבט זיך אויס אין קינסטלערישן אונטער־באַוואוסטזיין, — און טרעט אַרויס אין קרישטאָלענע קלאָרקייט אַ דאַנק

**דעם קינסטלערס געלונגען אַרויסגעבראַכטער פּאָעטישער אָנרעגונג, — איז, וואָס איר ווילט, אָבער מער פון אַלעמען איז זי די אורזאַך פון דיכטערס פאַרלאַנג צו שעדיקן אַ פּאָר איינגעפּרעסענע מיראַזשן, ווי רעליגיע־טיראַניי (רעליגיע: גלויבן, קאָרופּציע, באַזע, קאָנווענציע):**

„דו צעקראָכן ווייבערש האַרץ מיינס,
צו וואָס דער אָנשטעל און מאַרטירער רוף" **(„דער טעמפּל")**
„מיר זיינען נייע קינדער פון דער אַלטער ליגנערישער וועלט"
**(„מעגי, קום מען רופט אונדז")**

**און דאָס וואָס גילט ביי אונדז לעצטנס אונטער דעם שטאַמפּ פון „משי־חיזם" און „אומקום" — „אויפקום" — אַלע דריי נישט מער ווי עקלהאַפטע צוטשעפּענישן צום קינסטלערישן לייב:**

„דאָס שכינה־ליכט איז גאָר פון פלאַטערדיקע נאַפט־לאָמפּן
וואָס מאַניען קונים צו די טונקלדיקע פושקאַרטס"
**(„די לעצטע געהיימעניש")**
„אויב אונטערגאַנג — וויל איך אַליין דיין זיסקייט פון מרידה"
**(„דער רעטונגס־שניט")**

**פאַר זאַמלער פון אַנטיקן אָן שום הינטערפּיסלעך וויל איך אָנווייזן אויף אַ ליד אין דער סעריע:**

אונדזער סעודה

„אונדזער הייליקער פאַראיינזאַמטער לויתן
ליגט אין שטריק געפאַנגען ביי דעם ברעג.
די מאַנשאַפט מיט דער נאַכט צונויפגעגאָסן
חלומט וועגן צוגעזאָגטע גאָלדנדיקע טעג.

„די נאַכט פאַרכישופט און צעטראָגט פון זיך די נעפּל־ברעגן.
די שוואַרצקייט שווענקט די וואַסערן פון שטילקייט און פון רו.
דאָס האַרץ נאָר האַלט זיך לאַנגזאַם אין באַוועגן
מיט טיפע אָפּגרונטן, וואָס ברייטן זיך צום חושך צו.

„אין רויטן שיין פון זיך אַנטפּלעקנדער געהיימניש
וואַרטן אַלע אויפגערעגט און שטום
און לאַנגזאַם נענט זיך צו די צוגעשמידטע פיס
אַ זיסע שרעק, וואָס שטייגט און נעמט דעם האַלדז אַרום.

„עס זיינען גאָר קיין ברעגן נישט פאַראַן
ס׳פאַרגייט צום הימל פון דעם ווייטן סומנעם פיש
דער שוואַרצער רוף פון אונדזער שטאַרבנדיקן קלאַן
און ס׳פאַלט פון זיך פאַנאַנדער אונדזער אָפּגענאַרטער סעודה־
טיש״.

די ראַפינירטקייט פון לידס זויבערער קונסט דערהייבט עס צו „טויט ביים וואַסער״ פון דער באַרימטער ענגלישער פּאָעמע „די וויסט־לענד״ פון עליאָט.

דער סכום פון מינקאָווס שאַפונגען מאַכט זייער אַ פיינעם איינדרוק. וואָלט איך זיך געוואָרפן מיט אַטעסטאַציעס, וואָלט איך לייכט געקאָנט זאָגן „גרויס״, „איינציק״, א. ד. גל. נישט ווייל עס איז אַזוי אין מינקאָווס פאַל, נאָר ווייל „געוויכטיקע״ קריטיקער האָבן עקסטאַטיש באַשאָנקען מיט די צונעמען לידער־זאַמלונגען פון דיכטער, וואָס זיינען באין ערך קלענער פון אונדזער דיכטער. איך בין כמעט ווי זיכער, אַז „קיד קאַר־טער״ פאַרוואַנדלט מינקאָווס פּאָעטיש אָנזיכט אין עפּעס אַזוינס, וואָס איז דערוויַל אַ חידוש צווישן אונדז. אָבער פונקט אַזוי ווי די פריערדיקע לידער האָבן דעם דיכטער געדינט ווי פאָרשטאַפּלען צו זיין „קיד קאַר־טער״, אַזוי, ווייס איך, איז די לעצטע געוויכטיקע פּאָעמע בלויז אַ פאָרוואָרט צו זיינע מער אַמביציעזע פּאָעטישע ווערק. עס איז קוים דערלאָזבאַר זיך צו ספקן, אַז ער קאָן פּאָעטיש באַהערשן זיין מאַטעריאַל. זיינע צוקונפטיקע ווערק, גלויב איך, וועלן אים אפשר אַרויסהייבן צו דער מדרגה, וואָס איינצלנע אין אַ דור קאָנען האָפן צו דערגרייכן. איך האַלט זיך נאָך צוריק מיט מיין גאַלקע; דאָך צווישן די דערוויילטע קאַנדידאַטן זע איך ווייניק פון די יעניקע, וואָס זאָלן אין דער מאָס — אויב אפילו נישט די סאַמע העכסטע — פאַראיייניקן געשמאַקפולן פּאָ־עטישן חוש מיט טיפזיניקייט.

1925

כאַסיע קופּערמאַן

# „אונדזער פּיעראָ" — נ. ב. מינקאָוו

— „און אָט האָבן מיר אַ קלאַס מענטשן ביי וועמען די עמאָ־ציעס, צוריקגעהאַלטן האַלבוועגס, ווערן טראַנספּאָרמירט אין פאַרשטענדיקייט, עסטעטישן געשמאַק, רעליגיעזע געפילן, אין מאָראַלישקייט, גרויזאַמקייט, לויט דער סביבה און די אומשטענדן, און לויט אַן אומגעהייער־פאַרבאָרגענער סיסטעם פון דינאַמיק".

(רעמי דע גורמאָן)

און אַן אומגעהייער־פאַרבאָרגענע סיסטעם פון דינאַמיק כאַראַק־טעריזירט דעם כוח הינטער דעם ליסטיק־געפלאַנטן סקעלעט פון דער טראַגי־קאָמעדיע פון „אונדזער פּיעראָ" — אַ פאַלק. פּיעראָ מישט צונויף לידער מיט צייכנס און מיט זיפצן, און פאַנטאָמימיש דעקט ער אויף זיין צער און זיינע פריידן; דאָך, דאַכט זיך אויס, אַז ער כאַפּט קיינמאָל ניט דעם עצם פון דערשיינונגען; ער דערטראַכט זיך קיינמאָל ניט, און דערזעט ניט אַז ער איז דער אמתער אַרלעקין, דער נאַר וועלכער שפּילט זיך מיט זון־שטראַלן ווי זיי וואָלטן געווען טרערן, און וועלכער גאַרט נאָך טיפער ליבע. דער נאַר גאַרט נאָך טרוים און טעמפּלען, לבנה־זילבער, שטערן, אַלכעמיע, — געזאַנג.

די טעמע וואָלט גרינג געקאָנט אַרויסרופן אָנצאָליקע און ליידנ־שאַפטלעך־איבערפּליסיקע אויסגוסן; אָבער דער דיכטער לינדערט מיט געלאַסנקייט אַלע היציקע לאַמענטן. ער איז צו דער זעלבער צייט דער וועגווייזער פון זיין ספּאָנטאַנקייט, — אפילו קיין איין פונק זאָל ניט פאַרלוירן גיין. דער דיכטער, אַליין געבוירן פון פּיעראָ, געדענקט מיט שאַרפקייט , פאָלגט נאָך יעדן שפּור פון זיינע עמאָציאָנעלע וויסטאַס, אין דער צייט ווען ער כאַפּט אויף ציטערדיקע גרימאַסן, ער פאַרשרייבט און שניצט זיי, זיי זאָלן שטראַלן אין ווייסער היץ.

און קעגנגעשטעלט דעם נויטווענד פון אַ סכעמע פאַר זיין דראַמע,

---

„אינזיך", ניו־יאָרק, יאַנואַר און פעברואַר, 1930.

באַשרייבט ער פּיעראָס מאַכט אין אַ דרייפאַכיקן רייך: דריי מאָל באַזיגט דער העלד זיינע טרוימען, און דריי מאָל פאַרשווינדט ער מיט

„שיינע קינסטלעכע וואונדן,
זילבערנע הערצער,
אַראַבעסקן סימנים.
הימל און ערד
זעט מען קלאָר
נאָר ניט אים,
דעם ליכטיקן מת.״ (ז. 90).

און פּיעראָ איז שוין אפילו געווען דער געהיימסטער רייזנדער, כאָטש ער, דער געוואַגטער, האָט אַלעמאָל געגאַרט נאָך דעם מינדסטן:

„בלויז אַ קרבן וויל איך זיין, איך — אומנייטיקער באַצירער,
און צעברעכן יעדן שאַרף פאַלנדיק אויף אים אַנידער.

ניט קיין ווידערשפעניקער בין איך. עס שלאָגט אין מיר
אַ ניט־פאַרשטאַנענדיקע היץ,
איך לעב צוריק אויף וואו עס לויערט נאָר געפאַר
און גאַר מיט גרויזאַמקייט פון אָנזאָג־בליץ
פאַרוואַנדלען אין אַ הויכן זין יעטוועדן אָפּגענאַרטן שכר.״
(ז.81)

אָפּשטאַם, אָבזערווירער, און אַפילו דער תלמיד פון פּיעראָ, — האָט דער דיכטער באַהערשט זיין מאַטעריאַל אַזוי, אַז אַן אינערע סעקווענץ פון אידייען און עמאָציעס, און מער פון אַלץ, פון פונדאַמענט און איבער־בוי, רעגולירט דעם אינהאַלט. יעדעס ליד ווערט געבוירן, — דער נייטיקער און לאָגישער אויספיר פון דעם פריערדיקן, און אַלע זיינען ענג־צונויפגעהעפט אין איין פולשטענדיקן און האַרמאָנישן געבוי.

דערצו איז יעדע איינע פון די דריי סעריעס אָדער אַן אַריינפיר, אָדער אַן אַרויספיר, צו אָדער פון די אַנדערע. דער דיכטער האָט איינ־געצאַמט זיינע פערזן אין די ראַנדן פון זעלבסט־אַרויפגעצוואונגענע לימיטאַציעס; אָדער, בעסער געזאָגט, ער האָט זיך געשאַפן אַ קאָמ־פּאַקטע גאַנצקייט וועמעס אַדענדאַ (יעדער דעטאַל, און אפילו אַ שפור פון אַ דעטאַל, ווי דערווייטערט עס זאָל ניט זיין) איז אַ צוגעפּאַסטער און אינערלעכער טייל פון דעם גרויסן חשבון.

דער פּאָסטולאַט באַציט זיך צו פאָרם אַזוי גוט ווי צו אינהאַלט.

וויכטיק זיינען דער פּלאַן און די באַגריפן. די פאָרם אַנטהאַלט אַ מאָטי־וּוירנדיקע סכעמע; און די פאַבולע אָדער די פעדים פון אינהאַלט מוזן זיך אַריינפּאַסן אין דער סעקווענץ און קאָנסעקווענץ פון דערשיינונגען. די פאָרם אין וועלכער דער אינהאַלט פון די דריי סעריעס איז געצאַמט, אַנטפּלעקט אַ סובטילע טעכניק. דער שוואונג פון „קיד קאַרטער" איז פּאַטאָס פול מיט בלוטיקייט, ליידן און שוידער. די אימאַזשן זיינען געוואַגטע, ענערגישע און אָן אויפהער פלוצימדיק — אָטעם־פאַרכאַפּנ־דיק. „פּאַרעטער" טראָגט אין זיך סאַטירע, און עלאָקווענטן שטראָם פון פאַרנאָטירטע פּאַסירונגען געמישט מיט פאַרביטערטע וויזיעס, אָנ־דייטנדיקע אימאַזשן. דער בלוטיקער פּאַטאָס פון „קיד קאַרטער" איז באַזייטיקט געוואָרן, און דער דיכטער באַנוצט דאָ אַן עלעגאַנטע און פּליסיקע שפּראַך, אין וועלכער דעם העלדס שאַרפזין און אַספּיראַציעס ווערן צוזאַמענגעוועבט. דער אינערלעכער ריטם שיינט צו פאָדערן דאָ לענגערע אָטעמצוגן, לאַסטיקע שפּאַנען, און פאַרקערט, (כדי זיי זאָלן בלייבן, צוליב דעם קאָנטראַסט, אין פאָרגרונט), שורות וועלכע זיינען שפּאַרעוודיק, ממש דראַטיק. די לעצטע אייגנשאַפטן ווערן אַ באַלדיקער איינלייט צו דער פאָרם וועלכע איז הערשנדיק אין „פליאַסקעדריגע", וואו דער גרעסטער טייל פון אינהאַלט איז בלויז אַלוזיע; די רחמים־בעטנדיקע שורות, עלאָקווענץ און שאַרפזין זיינען אָפּגעווישט. די „פליאַסקעדריגע" לידער זיינען דערפאַר דער זעניט, דערגרייכט אין אינהאַלט, דורך פאָרם; די קורץ־געפּאַסטע און קאָמפּאַקטע פראַזן, ווי אויך אימאַזשן, דעקן אויף אַ כמעט־מיסטישע סכעמע (אויב מיסטי־ציזם קאָן ווערן אַ טייל פון קונסט און פון פּאָעזיע); דער נאַראַטיווער עלעמענט איז דאָ געבליבן נאָך ניט קאָנסטרואירט און איז דערפאַר אינגאַנצן אַנדערש פון „קיד קאַרטער" וואו דער אינהאַלט איז דער וויטאַלער עלעמענט.

און „פּאַרעטער", דער קלימאַקס־סוף פון „קיד קאַרטער", גרייט צו דעם לעזער פאַר „פליאַסקעדריגע". אַזוי ווערט קיד קאַרטער, דער אויסוואורף, וואַגאַבונד...

„דער לעצטער, העכסטער, בלאַנקענדיקער טויט," (ז. 11)

דער אינספּירירטער, רחמנותדיקער און באַליבטער לאָבוס; דער פרוי־מער, דער איינפּאַכער און דער סובלימער געליבטער פון מעגי בוירנעט.

„פון איינזאַמע, אידעלע פיס,
פון האַרבסט־שוואַרצע, זיידענע פיס'" (ז.15)

ער ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ פּאַרעטער, אַ רעבעל, אַ שפּיאָנען־גאַסט וועלכער שטייט אויף שייד־וועגן, באַוואוינט וואַך־טורעמס, חוזקט און שמייכלט פון דער נאָבעלער אַרבעט פון פאַרשפּרייטן גלאָריע און גלויבן (אין דער סעריע איז די אויפגאַבע אַ פּאָליטישע און סאָציאַלע; אין די פריערדיקע סעריעס איז דאָס געווען רעליגיעז און סאָציאַל). אָבער ער געפינט זיך זינקענדיק און זינגענדיק אַרומגערינגלט מיט פינצטערניש.

„פאַרזונקען אין נעפּלען די גאַסן,
וואַנזיניק צאַרט ווערט די שטאָט,
עס רייצן מיך שאָטן־גרימאַסן
און שמייכלען אַפיר פון מיין טראָט.

ס'האָט אין פינצטער מיין וועג זיך געצונדן,
געצונדן, געברענט און פאַרברענט
מיינע ביינער באַפרייטע פון וואונדן
וואָס אַשן צו דיר נאָר געווענדט.“ (ז. 65)

אין „פליאַסקעדריגע“ ווערט דער פּאַרעטער דער טיראַן און דער געלערנטער, וועלכער הויערט אַזוי כיטרע איבער זיינע קאָנפערען אין דער קונסט און אין דער וויסנשאַפט; ער פאַרמינערט און פאַרמישט עס־טעטיק און מיסטיק אַזוי ראַציאָנעל, ביז וואַנעט זיינע נביאישע ווערטער פאַרלייקענען די מיסיע, — און מיט אַ מאָל. . . באַוויזט ער זיך אין אַ נייער מאַסקע, קערט אַלץ איבער, רעוואָלטירט. מיט צוואַנג שרויפט ער אויף די פעסטונגען פון ספּעקולאַציע, פאַרשווינדט אין עקסטאַז און פאַרנעמט זיך אויף אַ קרייץ־וועג צו ערגעץ־ניט, — אָדער אפשר ווידער אַ מאָל צום אומעטום. ער שילדערט זיך אַליין ווי דער וואָס איילט זיך אין וואַנזין דורך זומפּן און אָפּפאַל, ווען פיינטשאַפט און שפּאָטנדיקע ווערטער ציטערן נאָך אַלץ אויף זיינע ליפּן.

דער אומעטום איז מיט שאַרפזין באַשריבן ווי דאָס אייביקע און גליאיק־אומבאַוואוסטע, וואָס האָט געוואָרפן אַ כישוף פון שרעק אויף דעם געוואַגטן ריטער. מיט זיין שרעק פאַר נענענדיקער צעפוילטקייט און דראָענדיקן אונטערגאַנג פון זיין אימפּעריע, זעצט ער פאַר אויפצו־וועקן אַלע זאַטע, איינגעשלאָפענע און באַפרידיקטע.

דער פיעראָ, וועלכער רעפּרעזענטירט אונדזער אייגן פאָלק מיט זיינע וועגן־אומוועגן און זיינע אויסגעשרייען (פּוסטע צי ניט פּוסטע) איז דער טרויעריקער סימבאָל — אַ לירע, וועמעס סטרונעס מען האָט

צו שטאַרק אָנגעצויגן און וועמעס לידער ווערן פאַרשוואונדן, פאַר־וואַנדלט אין אַלכעמיע און אין שפּורן פון פאַרגאַנגענע לויב־געשרייען.

עס זילבערט איבער זיי אַ ריפנדיקע האַרף
אַ בלוטיק אייגענע, מיט אייגענע באַפלעקטע שפּורן. (ז. 112)

דער לעזער דערזעט די צאַרטע און ליכטיקע צוגן פון אַ געזיכט וואָס איז דערהויבן צו הימלען, וואַנזיניק פון פּיין, בענקענדיק נאָך רו, וועמעס יעדע עמאָציע פּאַרזייט וויזיעס און אַבסטראַקציעס; וועמעס באַגריפן זיינען אַריבערגעטראָגן הינטער די ראַמען פון אייגענעם זיך, הינטער יעדער מעגלעכער באַגרענעצונג, און דאַן אפשר ווידער צוריק צום „זיך" — אַ רעפלעקטירטער און דורך אייגענער פּריזמע איבער־געבראָכענער עגאָ, — דער אָביעקטיעוור „איך". פּיעראָס אַנטבלויז איז דערפאַר בלויז אַ מיטל צו אַ צוועק — דעם דיכטערס שאַרפע קריטיק און סאַטירע אויף זיין אומגעבונג.

פּאַטאָס, ערנסטקייט אין פּאָעזיע, ווי אין יעדער קונסט בכלל, ווערט אפשר אויגנשיינלעכער און מעכטיקער ווען, דורך עקזאַלטאַציע, טראָגט עס אַוועק דעם לעזער הינטער פּערזענלעכע טיפן, צו ברייטערע און ווייטער־גרייכנדיקע האָריזאָנטן, ווייטער אפילו פון פּערזענלעכן שיקזאַל. דער סך־הכל פון סימבאָליזם, דערגרייכט דורך אַזאַ לירישקייט, איז אין אַ גרויסער מאָס פולער, ווייל ער געפינט זיך אין מער ווי איין ספערע. דער אַווטאָר, וועלכער איז עמפּינדלעך צוביידע ספערן, די ענג־פּערזענלעכע און די וויט־זעענדיקע, דערהויבט זיך איבער ביידע און, פּאַרוואָר, דאָס אוניווערסאַלע וואָרצלט זיך אַרויס פון אַן אַויטאָ־ביאָגראַפישער קוואַליטעט. נאָך מער, דער פרייוויליקער אָנווענד פון טעמעס, וועלכע זיינען אָדער זיינען ניט זיינע „אייגענע", אָבער קעגן וועלכע דער דיכטער האָט באַוואוסטזיניק זיך אַליין געשטעלט, איז אַ באַווייז אַז מינקאָוו האָט אָן אויפהער אָפּגעהיט זיין דיכטערישן ציל. אַז ער איז געווען אויף דער וואַך. אַלץ איז און איז ניט געווען „זיינס", לויט דער אינער־לאָגיק פון סענטימענטן און באַגריפן און לויט דער סכעמע *). צווישן די פּאַוזעס קאָן מען דערפילן די וויבראַציעס וועלכע טראָגן זיך אַריבער אָן אויפהער פון איין רייך אין אַנדערן. מינקאָווס אוניווערסאַלקייט איז אַ ביישפּיל פון באַוואוסטזיניקער און

---

*) געטע: „דער העכסטער געני איז דער וועלכער אַסימילירט און געברויכט אַלץ אָן פּאַראורטייל פון זיין איינגעבוירענעם כאַראַקטער."

איבערגעטריבענער זעלבסט־צענטרישקייט וואו די אויטאָביאָגראַפישע עלעמענטן זיינען בלויז סוגעסטיעס.

פסיכאָלאָגיע און קריטיק האָבן נאָך ביז איצט ניט פעסטגעשטעלט אַזאַ פּערפעקטע פאָרמולע מיט וועמעס הילף מען זאָל קאָנען אַרויס־נעמען אָדער אַפיקסירן די גרענעצן פון באַוואוסטזיין, אונטער־באַוואוסט־זיין און איבער־באַוואוסטזיין אין קינסטלערישע באַמיאונגען. מען קאָן זיך נאָר משער זיין אַז איינס מאָדיפיצירט דאָס אַנדערע, אַז דאָס אונטער־באַוואוסטזיין איז דער דירעקטער שאַפער; און אַז אין אַ צושטאַנד פון כמו־חלום (דאָס געוויינלעכע וואָרט איז אינספּיראַציע) אַנטדעקט אָדער ווידער־אַנטדעקט דער דיכטער זיין אינטימסטן און אָפּט אונטער־דריקטסטן „איך". באַוואוסטזיניקערהייט, אַזוינאָך, איז ער אימשטאַנד בלויז אָפּצושאַצן, אורטיילן, אַפּאָזיטירן, און רייניקן זיין רויען מאַטעריאַל אין אָנקלאַנג מיט זיין ספּעציעלן געשמאַק; דאָס לעצטע איז, ביים באַוואוסטזיניקן דיכטער, ראַפינירט און דערהויבן דורך אינטעלעקטו־עלער אָנשטרענג. מיט איבונג און באַשטענדיקייט טרעפט אויך אַז דער צווייענדיקער פּראָצעס פון שאַפן און פון שניצן (און שפּאָרן) זאָל ווערן אַ פּאַראַיינקטער, אַ מין געוואוינהייט־פּראָצעס. מען קאָן אויך גלויבן, אַז וואָס גרעסער דער זכרון און וואָס רייכער די חוש־דערפאַרונגען, אַלץ קרעפטיקער וועלן זיין די אונטערבאַוואוסטזיניקע כוחות. ריין־באַוואוסטזיניקע שאַפונג און ריין־צערעבראַלע פּאָעזיע זיינען טערמינען וועלכע זיינען רעלאַטיוו און האָבן ניט מער ווי אַ טעאָרעטישע עקזיס־טענץ; אַ קינסטלערישע שאַפונג איז אַ פּראָדוקט פון ווילן אַזוי לאַנג ווי דער ווילן איז אימשטאַנד אָפּצורייניקן אַלע אויבערפלעכלעכע און איבעריקע אָדער אומלאָגישע נייקייטן, וועלכע אַנטשטייען אין דעם אונטערבאַוואוסטזיין.

מינקאָווס פּאָעזיע איז אַ ביישפּיל פון דעם איבער־באַוואוסטזיין אין קונסט; ער האָט אָביעקטיוו אָרגאַניזירט און געריינִיקט די קאָמעדיע פון זיין עמאָציאָנעלער וועלט. צו דער זעלבער צייט איז זיין צוגאַנג דורכאויס פּאַרבליבן גליענדיק, ניי. אפילו ווען מיסטישער טאָמיזם און אינטואיטיווע אַנונג וואָלטן געווען מער ווי טעאָריעס אָדער איבערגע־טריבענע סענטימענטן, דאַרף נאָך אַלץ באַוויזן ווערן, אַז דער טאָפּל־זעלבסט עקזיסטירט ערגעץ־וואו אויפן אָרט פון דעם פּאַראייניקטן „זיך", אָדער פאַרקערט, דעם פילפאַכיקן „איך". אַזוי לאַנג ווי עס קאָן ניט געלייקנט ווערן, אַז דער געדאַנק קוואַלט פון דעם סוביעקטיוון, אָדער פון דעם אומבאַוואוסטזיין, איז דער באַגאַבטער נאָר דער, וועלכער קאָן

בלויז שטודירן, איבן, אָרגאַניזירן און, ווען נייטיק, רעאָרגאַניזירן. אויף אַזאַ אופן קאָן דער קינסטלער אַרויסרופן אַנטשלאָסנקייט און אויפדעקן דעם פאַרבאָרגענעם „איך". אין דעם באַשטייט אין אַ גרויסער מאָס, מינקאָווס עפעקטיווקייט. פונדאַמענטאַל עמאָציאָנעל, כמעט דראַמאַטיש־עמאָציאָנעל, איז ער דער וועגווייזער פון זיינע אייגענע כוחות, אַזוי אַז די לירישקייט ווערט געפאַסט און שפעטער נאָכגעפאָלגט און דער קוואַל איז קיינמאָל ניט אויסגעשעפּט. ער ווערט אָן אויפהער אָנגערעגט, באַרואיקט, דערפרישט, און ניואַנסן ווערן דערגרייכט דורך פאַר־שטענדיקייט.

אין „קיד־קאַרטער", די אויגנשיינלעך־רירנדיקסטע פון די דריי סעריעס, געפינט זיך אַ מאָנאָלאָג וואָס אין די ערשטע סטאַדיעס פון אַרויסשיילן זיך, האָט געמוזט זיין איבעררייך מיט סענטימענטאַלן אויס־גוס. דער מאָנאָלאָג דריקט אויס דעם ווייי פון דעם אָפּגענאַרטן וואָס האָט אַנטדעקט דעם אמת און דעם באַטריג. די טעמע וואָלט דעריבער געוועזן זייער פּאַסיק פאַר לאַנגע און פליסנדיקע פראַזן, פאַר מאַטערנדיקע איבערחזרונגען, שוידער־און־טרערנפולער שפראַך ; דאָך האָט דער דיכטער דערפון געשאַפן אַ קאָמפּאַקטן האַמלעט־מאָנאָלאָג, וואו שפראַך ווערט ממש געזאַנג, עקסטאַז. אויף אַזאַ אופן מיידט דער דיכטער אויס סענטימענטאַלע און ניט־געצאַמטע וויי־געשרייען, שטאַרקע און פוסטע ; און דער רעזולטאַט איז עלעגאַנטע פּאָזע, טרויער און — דויער (פון איינדרוק) :

דער אָפּגענאַרטער

„איך וועל זיך שמדן מיט דעם אַש פון מיין באַשאַפן
וואָס איז חרוב אונטער דיינע פיס צעפלאַמטע,
מיט רויטע כוואַליעס אָקסענע צעקאַמטע,
וועל איך אין דיין האַנט אַוועק ווי אַלע דיינע שקלאַפן.
פון וועלכע וייטן פאָרט דער ווייסער אייזל אויף זיין רייטער
און וואָס איז אָנזאָג יאָמערדיקער דורך מיין שאַרבן ?
איך וועל צונויפקלייבן די קומענדיקע גאַרבן פייערדיקן שוואונג,
מיט מיין האַרץ וועל איך צעפעדימען דעם זיסן שיינעם צונג,
ברענגען וועל איך אַלץ צוריק צו דיינע שוועלן
און וועל צונויפגיסן אין זיך די בריאיקע געמעלן
וואָס זוכן אייז און דעק פון דיינע טריט."

(ז. 24)

רעמי דע גורמאָן האָט אין זיינע פילע דיסקוסיעס וועגן סימבאָליזם און פאַרבאָרגנקייט אין דער פּאָעזיע באַוויזן אַז „עס זיינען פאַראַן מענטשלעכע נאַטורן ביי וועמען די עמאָציעס רעאַגירן ניט אויף דעם הויפּט־צענטער פון עמפּינדלעכקייט, אָדער ווייל דער צענטער איז אַטראָפּירט, אָדער ווייל דער שטראָם פון עמאָציעס האָט אין זיין גאַנג, זיך אָנגעשטויסן אָן אַ שטער, אַ וואַסער־וואַנט, אַן אומדרינגלעכן מויער". ביי מינקאָוון איז די שטערונג, דער אומדורכדרינגלעכער מויער אויס־געקלערט, געשאַפן פון דעם דיכטער צוליב סכעמע. ער דערמאָנט זיך; ער סאָרטירט; און ער באַגרייפט דעם זין פון דיכטערישע בילדער. מינקאָווס פּאָעזיע איז אַ רעזולטאַט פון סובטילער פאַכמאַנשאַפט. ווי מאַלאַרמע, גאַרט ער צו אַנטלויפן ווייל

"la chair est triste, helas . . ."

וואָלט די סטרוקטור פון די דריי סעריעס לידער ניט געווען אַזוי צוועקמעסיק און אַזוי טיכטיק אַקצענטירט, וואָלטן די באַהעפטונגען פון איין ליד מיטן צווייטן ניט געווען פון אַזאַ גרויסער וויכטיקייט, וואָלט דער טערמין, ליריק, געווען צופּאַסיק. אָבער הינטער די דריי קאַפּיטלען פון אַ פאָלקס־לעבן געפינען זיך אַזוי פיל פאַרוויקלטע און קאָמפּליצירטע אַלוזיעס, אַזוי פיל דין־באַגריפענע סימבאָלן געבויט אויף פאַקטישע עפּיזאָדן, אַז „פּיעראָ פון דער עמאַציפּאַנטער קאָמעדיע" איז אַ סאַטירע, ווירקלעך אַ דראַמע וועגן מאָדערנע צייטן און וועגן אַלע צייטן (פון אידישן פאָלק).

די ריינע ליריק וואָלט אפשר געווען ווינציקער געצאַמט און וואָלט אויסגעבראָכן אין פּלוצימע, פרייע, מאָמענטאַלע אויסגוסן; אָבער דער סאַטירישער עלעמענט דערגרייכט ביז צו רעוואָלט, איז דאָ אומ־געהייער־קאָנסטרוקטיוו, פול מיט שטאָלץ און חשיבות.

„דער גאַנג — שטורקאַץ צווישן נעכט
אַרום וועלכן ס׳עמבריאָנען געטער,
מיט געוויין ענטפערט קוואַל־דעק פאַר פרייד,
מיט עקסטאַז אָנגעלאָדענע רעטער." (ז. 116)

דאָס איז דער שלוס פון אַ ליד מיטן נאָמען „שטורקאַץ" וואו דער אַוטאָר סומירט דעם ווערט פון אַלע ריכטונגען. דער אַנטבלויז פון אמתן איז אין עצם דעסטרוקטיוו; די דראַמאַטישקייט און די פאַר־צווייפלטקייט איז האַמלעטיש־פאַרניכטנדיק, אָבער דער דיכטער ברענגט

אונדז צו אַ סוף וואו דער גלי פון געחלומטער נייקייט ווערט אויף עקסטאַז:

שטורקאַץ

„פאַרצווייפלטע ווערטער צום חלום
פאַרביטן אויף פרייד דעם וואָרן
וואָס זינגט אין שכל פון וויזיעס
צעעפנט פון מעטעאָרן.

דער גאַנג — צווישן פיס אומגעריכטע
צום אייביקן אָנגריף אויף געטער —
מיסטעריע פון בייטן געזיכטער
ביים פאַלן פון מויער און רעטער.

דאָס שטרענגע טראַכטן צעעפנט
לעגענדעס און ראַנגל פון פלוכן
און פלוצים דאָס לעצטע טרעפן
טראָגט לעגענדאַרישע גרוכן.

ביים פאַלן פון רעטער און מויער
ווינען דורך שטערן האָז,
דורכן שיין פון צעפאַלענעם טויער
שפרינגען צו פלעבן מימאָזן.

אין געבורט ביי דעם דראַנג פון קלישייען
ניט פאַר זיי עשאַפאָטן געגרייט.
ווער שטייט אויף די הענט ביי די קוואַלן?
וואָס זינגט זיסער ראָזעווער דעק?

דער גאַנג — שטורקאַץ צווישן נעכט
אַרום וועלכן ס׳עמבריאָנען געטער,
מיט געוויין ענטפערט קוואַל־דעק פאַר פרייד,
מיט עקסטאַז אָנגעלאָדענע רעטער". (ז. 115)

זשול לאַפאָרג, דער בופאָן, וועלכער האָט באַנוצט זיין דיכטונג צו „דערציילן" סאַטירע, איז געווען בלויז אַ פריילעכער פּאַיאַץ ווען מען פאַרגלייכט אים מיט מינקאָוון; און עס קאָן אפשר זיין אַז דער גרויסער אונטערשייד צווישן זיי איז פאַראורזאַכט צוליב דעם, וואָס דער פראַנ־

צויזישער דיכטער האָט פאַרמאָגט אַ סך וויניקער פון דער רעליגיעזער עקזאַלטאַציע, פון דער ברענענדיקער ליידנשאַפט נאָך דעם אומענדלעכן און אומדערגרייכבאַרן. און זשול לאַפאָרג באַזיצט אַ געוויסע לייכטקייט פון באַהאַנדלונג, ווי עס אַנטפּלעקט זיך אין איינע פון זיינע כאַראַק־טעריסטישע סאַטירעס, „איז געווען אַ קעניג אין טולע״.

אָבער די ענלעכקייט פון די צוויי דיכטער ליגט אין דער בויגיקייט פון שפּראַך: ביידע ווערטער ווערן געשאַפן פון רויע סובסטאַנטיוון און אייגנשאַפט־ווערטער.

זשול לאַפאָרגן פעלט דער פּאַטאָס און די בלוטיקייט פון ניט־געוואָגטע אויסגעשרייען און ניט־געזונגענע לידער, אין פאַרגלייך מיט מינקאָווס גרייניקטער און דאָך ברענענדיקער דראַמאַטישקייט און זעלבסט־צענטרישקייט.

די נעאָ־טאָמיסטן באַגרייפן רעליגיע ווי די אומאָפּהענגיקייט פון קעגנשטאַנדן. דערשיינונגען ווערן אָפּגעטיילט אין זייער וועזן. דער גלויביקער וואָס פאָרשט דיווירקלעכקייט פאָרשט זייער עסענץ. פּאָעזיע, ווייל, אַז די וואָר זאָל ווערן אָננעמבאַר פאַרן געדאַנק. דיכטונג איז, אין איר ריינסטן זין, רעליגיע, ווייל אַלע גרענעצן פון דעם דיכטערס אייגענער עקסיסטענץ זיינען דורכגעבראָכן און די פּאָעזיע ווערט אַזוינאָך אַן אַנטרינונג. און אומדערוואַרטע, דערשטוינענדיקע און פילפאַכע אַנט־פּלעקונגען, לייכטן אויף, זיי שטראַלן אַרויס פון דעם אינערלעכן „איך״.

דאָס אַלץ איז באַזירט אויף דעם גלויבן אַז דער סוביעקטיווער עגאָ קאָן אָפּשטיין פון זיך אַליין, ווערן אָבסערווירער און קריטיקער, און שאַפן דעם טעאָרעטישן, אָביעקטיוון „איך״. רעליגיעז און מיסטיש איז באמת דער דינער סך־הכל וואָס באַקומט זיך.

און זיכער זיינען רעליגיע און אַנונג איינגעוואָרצלט אין מינקאָווס פּאָעזיע (און מיין דעפיניציע פון רעליגיעזיטעט שליסט אויס אַזעלכע קלאָג־געשרייען און איבעריקע לאַמענטן ווי: „גאָט, מיין גאָט״, „אָ, גאָט פון רחמים״; ווייל אַזעלכע געבעטן טראָגן מיט זיך זעלטן מער ווי שוואונג, דעקלאַמאַטאָרישקייט). מיסטיש איז זיין סכעמע. די ענג־פאַרבונדענע און די פאַרבאָרגענע פאַסירונגען, זיינע אַלוזיעס. און זיי דערציילן ניט נאָר דאָס וואָס דער דיכטער וויל אַנטבלויזן, נאָר אויך וועגן אַ צוזאַמענהאַנג פון דערשיינונגען, וואָס אפשר ער אַליין דערלויבט זיך ניט. אָפט זיינען זיי אומדערוואַרט און אומבאַגרייפבאַר פאַר דעם לעזער, ער דערזאָגט די געשאַפענע ניואַנסן, ווייל, דורך דער האַרמאָניע

**פון זין און עמאָציע, זיינען זיי געוואָרן אַן אייביקער טייל פון זיין אינ־טענסיווער וועלט. אָנהייבנדיק מיט די נאַראַטיווע לידער ווי**

מעגי בוירניט

„די ליכטיקע פיס זיינען מעגי בוירנעטס,
דעם בלענדיקן שטערנס פון פאַנטשאָס בורלעסק.
דער ווינט רייסט אויף רעגן, נעפל און ווייזט דיר דעם אומגליק
פון איינזאַמע איידעלע פיס,
פון האַרבסט־שוואַרצע, זיידענע פיס.

אומענדלעכע פוסטקייט, הילפלאָז האָפן און גיין,
פאַרוואָס שניידט רחמנות מיר דורך מיינע ביינער
ווען ס'דעקט אויף דער ווינט ווייסע נאַקעטע קני
פון אַ מענטשן וואָס וויינט?
וואָס בענקען די מאַרמאָרנע וואָרצלען אַרויף צו דעם אייגענעם
האַרץ,
וואָס דאַרף דען דער וויסטער געוויטער דער נאַקעטקייטס ליכט?
געווען איז זי נעכטן נאָך שטאָלץ, יונג־ברוסטיק און ווערביק
און איצט איז זי מאָגערער פלאַנץ
געטראָגן אין וויכער פון שטאָט.
— — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — —
מעכטיקע ווענט,
תהומען פון ווייסן צעהאַקטן קרישטאָל,
אייזן, ציגל, האָלץ און פון אָפפאַל די שמוץ
ברענען אין הייסן געבעט,
און אָט ווערט איר האַרץ גאָר אַ זינדיקער טאָל
פון רויטע טייכן פאַרפלייצט.

און קיד קאַרטער זינקט אַלץ און ברענט,
ער וויגט זיך אין פלאַמען צווישן די גרויזאַמע פינגער
פון הויכע אַלמעכטיקע פיס;
עס דאַכט אים דאָס זיינען גאָטס פיס
און ער אַ ברענענדיק רעשטל פון אונטערגעגאַנגענער שיף.

פאַרוואָס אַזוי שטיל ?
וואָס צאַנקען די ווענט און דער גאַז
און דער ליכטיקער שטערן פון פאַנטשאָס בורלעסק ?"
(ז. 15)

און אַריינרעכענענדיק די מער געצאַמטע לידער פון „פאַרעטער" ווי „ביים טאָל", „געבעט", „אין חושך", „צום אמת", „צוריק אין טאָל", וואו

„עס לעבט אויף מיין געביין ווען מערדער־נעגל גליען דורך
מיין קראַנקן שטאָם
און שמייכל וואָס איז ריין געווען מיין שבועה ביי דעם ערשטן
בונד. (ז.75)

זיי באַשרייבן אַלע אַן אייגענע, אַן אינערלעכע, דאָך מיסטישע און ווייטע, אַן אָפּגעטיילטע וועלט. דער שלוס פון „פאַרעטער" וואָס איז דער צוגעפּאַסטער אַריינפיר צו „פליאַסקעדריגע", איך אַ גרויסע צאָל פון די לידער אין „פליאַסקעדריגע" ווי

פיעראָס לויה צווישן פעלקער

„געשליפן פון פליסיקע צאָלן
גליט
פון
ערד.
אין שווערמונג פון שטיינדלעך און שאָלן
און
וואָרצלישע
בערד.

די דיסקן — דעם שיינס איבערברעכן
דאָס
ערינערונג
שטייגן,
זיך האָרכן אַליין אין געשפּרעכן
פון וואַסער
ביינער
און צווייגן.

ביי ציטרינענע שטערן פֿאַרגייען
לירישע
מאַסקעס
סימפּאָזן,
לבנהיקע פינגער פֿאַרנייען
לעצטע
צעפּעדימטע
שטראָזן

דער צוג מיט שפּרוכן פֿאַרצויגן
ברענט
בורשטיניק
ריין.
פּלוצים מיט קראַנקע אויגן
בלייבט
דער געקרייציקטער
שטיין.
— — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — —

(ז. 119)

זיינען אי מיסטיש, אי עמאָציאָנעל. די צוריקגעהאַלטענע עמאָציעס ווערן פֿאַרוואַנדלט אין אַן אינערלעכער לאָגיק ; אין אַ ווייט־זעערישקייט.

די זויבערע, מעטאַלישע און רעזאָנירנדיקע שורות דערמאָנען אָן אַ שמיד, וועלכער ברענט און האַמערט די עלעמענטן ביז זיי ווערן אַ פֿינקטלעכע קאָפּיע פֿון דעם וואָס מען האָט פֿון אים (אָדער ער אַליין פֿון זיך) פֿאַרלאַנגט — אָדער דראָטיקע פֿעדים, אָדער שווערע און ברייטע פּאַסן. און דער שמיד, דורכפֿירנדיק פּינקטלעך זיין אַרבעט און שאַפֿנדיק דעם געוואונטשטן מוסטער, קאָן דערגרייכן מיסטישע באַלויכטונג. זיין אחריות און זיין גלויבן אין אַ ציל, באַווירקן אַ געניאַלע אינטו־איציע. דער אויספֿורם פֿון ווערטער ברענגט מיט זיך אַ ליבע און אַן אויפֿריכטיקייט צו ווערטער ; ווי אויך דאָס דערזעען זייער אינערלעך־ענגן און זייער ברייטן באַדייט. ווערטער ווערן עלאַסטיש : צומאָל אינטענסיוו און ברייט־זיניק.

מילטאָנס סאָנעט וועגן זיין בלינדקייט אַנטהאַלט אין זיך די ווער־טער:

"                                        , and present

My true account, lest He returning chide"...

מינקאָווס פּאָעזיע דערמאָנט אָן דער זעלבער שטים; דער זעלבער צוזאָג הערשט דורכויס, ביז צום סוף; אויסדרוקן און אימאַזשן ווערן געוואויגן, אינטואיטיוו געמאָסטן, און הינטערן פּאַטאָס ברענט די פּראָפּעטישע שיינקייט פון גליאיקע וויזיעס, וועלכע דאַרפן באַלויכטן דעם וועג צו אייביקער גערעכטיקייט, — אמת, פאַר אים, ווי ער דער־ציילט אונדז, איז אַלץ באַגרייפבאַר, קיין זאַך איז ניט נסימדיק. הינטער אַלע צעשטערונגען זאָגט ער פאָרויס דאָס אָנקומען פון דעם געוואָגטן קריגער (ער אַליין?), וועלכער טראָגט אַן אויסרוף צו „דענקער" (און זיי ליגן טויט, מיט די פּנימער געווענדט צום הימל).

„עס קוואַלט מיין האַס און דאַנקבאַרקייט צו גאָט
וואָס כ'פינצטער צווישן לעבנס פון געבורט ווי מיינס פאַרפאַלן
וואָס פּלוצים טראָגט אַ פייער מיך אַוועק ווי אַ פאַנטאַסטישן
פּילאָט." (ז. 75)

די פּרעציזקייט פון פאָרם, די פעסטקייט, און אפילו די דראַמאַ־טיזירטע סיטואַציעס און באַשרייבונגען, זיינען באַווייזן פון דעם דיכ־טערס פאַראַנטוואָרטלעכקייט אין זיין שאַפן.

אַ ריינער פּאָעט, אַ דיכטערס דיכטער, מוז פאַרלאָזן צייט און רוים. ער דערגרייכט אַ העכערע אַן אויסדערווײלטע שטופע, ער איז ערנסט, אַנטשלאָסן, אומאָפּהענגיק, און נייטיקט זיך ניט אין אויבערפלעכלעכע קלאַסיפיקאַציעס ווי מאָדערניזם, קלאַסיציזם, ראָמאַנטיזם. זיינע אייגנ־שאַפטן ווי אַ דיכטער ווערן געשאַצט ניט לויט שולן און ריכטונגען, נאָר לויט עסטעטישע ווערטן.

„פּיעראָ" (פון דער עמאָציאָנעלער קאָמעדיע) באַשרייבט די טראַ־געדיע פון די פּילע, וואָס ווערן באַהערשט פון ניט־דערטראַכטע, ספּאָנ־טאַנע אויסגוסן און דערלויבן די אימפּולסיווקייט צו צעשטערן דעם ווילן. די טעמע איז אַ קאָנטראַסט צו זיין דערגרייכונג אין פאָרם: פּינקטלעכקייט און אַקטיווער ווילן, וועמעס אָנהייב עס איז געווען ספּאָנטאַנקייט. איז דאָס ניט מאָדערניזם?

אַזוי נאָענט צו ט. ס. עליאָט און זיינע סאַטירישע אייגנשאַפטן, ווי ער איז צו זשול לאַפאָרג (אונטער וועמעס איינפלוס עליאָט שרייבט),

און אפשר נעענטער צו עליאָטן צוליב אַקטועלע טעמעס וואָסביידע באַהאַנדלען, נוצט מינקאָוו דעם זעלבן מעטאָד פון אָנדייטן אויף טאָג־פּראָבלעמען און פון קריטיקירן זיי בלויז מיט דער הילף פון אַלוזיעס און צופעליקער דערמאָנונג. אָבער עס ווייזט אויס, אַז ט. ס. עליאָטס סאַטירע איז מער דעסטרוקטיוו (סאַטירע דאַרף כמעט אַלעמאָל אַרונטער־רייסן טאָג־טעגלעכע פּאַסירונגען); אַלץ איז ביי עליאָטן ווי פאַרלוירן; ניטאָ אפילו קיין לירישע, קיין צייטווייליקע פאַרלייכטערונג. דער מאַ־טעריאַל פון „אונדזער פּיעראָ" און „וועיסטלענד" האָבן אין זיך אַן ענ־לעכקייט, ספּעציעל איז די טעמע די זעלבע אין דעם ליד „וואָיאַזשאָר", וואו דער דיכטער שילדערט פרילינג־צייט, גלוסטן, זיפצן, ראָמאַנסן און פּראָזאַאישע אמתן:

„אין אָוונט ביי דער קאַווע און דעם האָניג־קוכן
האָט זי מוטערלעך געקושט מיין האַנט,
און נאָכדעם — ברעג פון האָדסאָן,
שמעקעדיקע וועש,
דינע וואַרעמקייט,
ווייטיקדיקע פרייד פון פולער
רייפקייט.
און אַזוי פאַרקילט מען זיך." (ז. 53)

ווי מיסטיש, ווי עטעריש און סענטימענטאַל ער זאָל ניט זיין, באַזיצט ער דאָך יענעם נאַראַטיוון עלעמענט, וואָס באַנוצט דאָס דער־זעענע פון דער באַלדיקער אומגעבונג; ער אַנטלויפט אויך ניט פון דער אומגעבונג ווען ער זוכט אַן אינהאַלט. דער קאָנטראַסט איז מאָדנע און צוציענדיק, — אַ נעפּלדיקער פּאָעט, וועלכער לייטערט דורך טאָג־טעגלעכע דערשיינונגען, מאָדעס, ליבנדיק און דאָך שפּאָטנדיק פון זיי ווי עס טוט ט. ס. עליאָט, דער עלעגאַנטער, ראַפינירטער און קאַלטער. ט. ס. עליאָט לאָזט אונדז דאָך איבער מיטן שפּאָט, און, בייוואוינענדיק דעם ספּעקטאַקל וועלכן ער פּרעזענטירט, בלייבט דער לעזער אין דער לופט, דערשטוינט, אַנטמוטיקט.

אויב מען וואָלט געקענט אָננעמען אַ טייל פון דעם איבערטריבענעם אמת פון ה. טענס „אָפּשטאַם, צייט און סביבה", וואָלט דער קאָנטראַסט צווישן ט. ס. עליאָטס קאַלטער שילדערונג און מינקאָווס בלוטיקער ערנסטקייט דאַן גרינג דערקלערט געוואָרן, — זייער צייט איז די זעלבע, די ליטעראַרישע סביבה זייער ענלעך, כמעט די זעלבע. אָפּ־

שטאָם, ווייזט אויס, אונטערשיידט זיי: אַנגלאָזאַקסישע מילדקייט, געלאַסנקייט, קעגן דעם יידישן פּאַטאָס, (אפילו טעאַטראַלישקייט, ווי מינקאָוו באַנוצט עס אין זיין סאַטירע). ירושה און סביבה שאַפן אייגנאַרט. פאַרלאַנגען, באַגריפן זיינען אַנדערש ביי אַנדערע פעלקער.

עס וואָלט געווען אינטערעסאַנט און ווערטפול נאָכצופאָלגן די עלעמענטן פון אימאַזשן און וויזיעס ביי די צוויי פּאָעטן, האָבנדיק אין זינען דעם אונטערשייד פון אָפּשטאַם און אויך פון דער באַלדיקער סביבה; צו פאַרנאַטירן די מער, אָדער די ווינציקער עמאָציאָנעלע קוואַלן פון מאַטעריאַלן. פאַרוואָס ווערט ביי מינקאָוון אַ וויזיע אַ טייל פון זיין זיין; און ביי ט. ס. עליאָטן בלייבט עס אויסער זיין „איך", אַ שילדערונג? און איז דער יידישער אָפּשטאַם די אורזאַך פון אַזעלכע לידער ווי „אַ טריוואַלער טויטפאַל אין היסטאָרישן אָקטאָבער 1917"?

וועגן וויזיעס — ווען מען הייבט אָן צו באַטראַכטן זייער אורשפּרונג פירט דאָס צו דער שטודיע פון אימאַזשן, און צו זייער רויען מאַטעריאַל. מינקאָוו באַנוצט ווערטער לויט זייער ווייטסטער אַלוזיע, דאָס וואָרט קאָן אָנרעגן ניט נאָר דירעקטע און געוויינלעכע באַגריפן; נייע און געוואַגטע פאַרבינדונגען פון אַ וואָרט זיינען וויכטיקער ווי דאָס וואָרט אַליין; דער דיכטער קאָן אי אַנטבלויזן דאָס וואָרט, אי צאַמען, שאַפן ווייטערע גרענעצן. די סימבאָלן און די אַלוזיעס זיינען אָנגערעגט פון אַ פּערזענלעכן קוואַל און ראַפינירט דורך לאָגיק. מינקאָווס וואָרטניואַנסן דערמאָנען אָן מאַלאַרמע, כאָטש דער לעצטער איז מער עטעריש, ווינציקער בלוטיק; די דורכזיכטיקייט פון וואָרט־און־פראַזע בוי כאַראַקטעריזירט זיי ביידן. (מינקאָווס דראַמאַטישער עמאָציאָנאַליזם איז דאָך די אורזאַך פון די ווייניק־עטערישע אייגנשאַפטן; ער דערגרייכט דאָס לעצטע אין די לידער וואו דער נאַראַטיוו־עלעמענט ווערט פאַרביטן אויף ריינער אַלוזיע) די וועלכע האָבן אים ניט פאַרשטאַנען און פאַר וועמען דער דאָזיקער יידישער פּאָעט איז „עניגמאַטיש" דאַרפן בלויז פאַרזיכטיק אויסשעפּן יעדן מעגלעכן זין אָדער באַדייט פון טערמינען; זיי דאַרפן געדולדיק אָפּלייגן זייער טעגלעכן און אָפּגעלעבטן באַנוץ פון ווערטער און אָפּפרישן זייערע אינטעלעקטועלע און עמפינדלעכע כוחות דורך לערנען ווי אָנצונעמען נייע פאַרבינדונגען, פון וואָרט, דורך קלאַנג.

מינקאָווס פראַזעאָלאָגיע איז אייגנאַרטיק, ניט רעכענענדיק יענע פאַלן וואו ער באַנוצט אייגנשאַפט־ווערטער און הויפּט־ווערטער אויסצופורמען ווערבן (עס שטאָלט, עס גרינט, עס בלויט, עס גאָלדט, עס

**אומרוט, עס הייזעריקט), זיי טראָגן מיט זיך אַ שטימונג וואו דער לעזער דערפילט דעם פּראָצעס פון איבערוואַנדל, פון בייט. אָבער דער באַנוץ איז אין פאַרגלייך ניט זייער וויכטיק. אָפט מוזן דיכטער שאַפן אייגענע ווערטער. מינקאָוו באַנוצט אייגנאַרטיקע קאָמבינאַציעס, און די זיינען אַ נייטיקער טייל פון די באַשרייבונגען אין זיין פּאָעזיע, ווי אין זיין ליד „מעגי בוירנעט״; אומבאַלעבטע אָביעקטן ווערן באַשאָנקען מיט אייגנ־שאַפטן פון לעבן און געפילן; פאַנטעזיזם לויכט דאָ אויף אויף אַ מאָדנעם אופן.**

„פאַר מיילן ווייט איז שטיל און שוואַרץ די וויסטע שטאָט.
מיט שטומע האַלדז־צעשפּרייטע שרעקן
טרינקען זיך מיריאַדן טריט פון לאַנג־פאַרשוואונדענע געמעלן
און איך צאַנק דורך טויטן צווישן ווענט.

— — — — — — — — — — — — — — — —

לאַנגזאַם עפנט זיך מיין הויט מיט פונקען פרייד,
מיינע ביינער שלאָגן פון זיך זיילן ליכט,
שפּרייטן, גיסן זיך מיט זון צוזאַמען — ״ (ז. 20)

**דער אויבנדערמאָנטער ציטאַט און אַנדערע טיילן פון דעם ליד „מעגי בוירנעט״, זיינען נאַראַטיוו אין זייער קאָנסטרוקציע און דערפאַר ניט טיפּיש פאַר די שפּעטערע אימאַזשן אין בוך, וואָס זיינען מער קאָמפּאַקט און פלינק געשילדערט, מיט אַ בליציקער באַוועגונג, אַ מאָמענט, אָדער אַן ענדלאָזער גאַנג.**

„אויפן הימל —
פאַרוואָרפן —
וועלדער־קעפּ;
צעפּעלזיקטע בערג־צעפּ,
וואו שלאָגט איר פונאַנדער
די קולות
וואָס שטראָמען
אָן אויפהער
פון טאָלן. (ז. 59)

„שוואַרץ און בלאַטיק איז געוועזן די רעגנדיקע שטאָט
און אַלע בלודנע ווענט האָבן זיך פאַר מיר געבויגן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

שוועבנדיקע שטומע קולות פלעמלען אויף אַרום און
אויסגעהוילטע מענטשן וואַקסן פון דער בלאָטע שטאַר אַרויס,
פלוצים — ווי אין טאָל אַן איינזאַמער מיט שטעקנס
איבער פענצטער וועק איך וואָס עס קאָן ניט זיין דערוועקט
פון אונדזער חורבה־הויז.
וואָס אַנדערש קאָן איך טאָן ? — — — ״ (ז.68)

„שטראַליק איז דער וואַנזין פון דער לעצטער שעה,
פון מיין צעאַשטן שרייען שווימט אין נאַכט אַ זילבערנער
מיין גומען, (ז. 80)

„אָפּגעקילטע פרייד
אַש,
וואַש,
מבול,
דעם שטראָמיקן רויך; (ז. 87)

פּליס,
שפּרייט זיך,
שאַרף זיך,
נידער,
מיין זאַפט,
וואָס קוואַלסט
מיט צעשטערטע
געבאָט
און צעפּנט
דעם בליענדיקן מעת
מיט אייביקן ליכט
און לייכסט דורך
און צעבייטסט
אַלע עקן
פון דער וועלט.״ (ז. 89)

„גליאיקע לוחות — צעפלאָסן אין קרייצן
נאָכדעם אין גריכיש־טראַגישע מאַסקעס.
מיר — בויגנשטראָמיק צעפּרוירן אין שפּיגלען,
קאַלט — אפילו פון לאַסקעס.

(ז. 109)

די אייגנשאַפט אויסצואיבן שטימונג איז ענלעך איןביידע פּאָעטן (מאַלאַרמע און מינקאָוו): מאַלאַרמע קאָמבינירט זיין ווערטער־מאַזאַיִק ניט מיט וויטאַליטעט, ער קאָמפּאָנירט זיינע פּערזן, ווי אַן אַל־כעמיקער, צו געניסן אינטעלעקטועלע באַפרידיקונג. דאָס איז אויך אמת וועגן מינקאָוון, — און נאָך מער; ער פּאַראייניקט אינטעלעקטועלע באַפרידיקונג מיט אייגענעם און אוניווערסאַלן פּאַטאָס. און אַזאַ אייגנ־שאַפט שיינט צו פאָדערן אַ סובטילערע און שאַרפערע פאַכמאַנשאַפט, כאָטש ביידע זיינען קורץ־געפאַסטע דיכטער.

סומירנדיק דעם קריטישן אָפּשאַץ פון מינקאָווס אַרבעט איז נויטווענדיק זיך אָפּצושטעלן אינגאַנצן אויף „פליאַסקעדריגע". אין דער סעריע דערגרייכט ער דעם זעניט פון זיין פאַכמאַנשאַפט, דאָ איז זיין פּאָעזיע אַמריינסטן: וויניקער באַשרייבונגען און וויניקער נאַ־ראַטיוו. פּראָזע־שורות זיינען כמעט דאָ ניטאָ. אין די פריערדיקע סעריעס קאָן מען געפינען אַזעלכע לידער, וואָס ווערן באַנוצט ווי אַן אַריינפירנדיקער מאַטעריאַל, נויטווענדיק פאַרן אינהאַלט. נאָך מער, אין „פאַרעטער", געפינען זיך ערטער, וואו דער סאַטירישרע עלע־מענט נייטיקט זיך אין פּראָזע־שורות כדי די איראָניע זאָל בעסער דערקלערט ווערן. אָבער אין „פליאַסקעדריגע" טרעפט מען ניט אַזעלכע פאַלן, וואו דער אינהאַלט באַהערשט פאָרם: איטלעך ליד איז אַ פעסטע און פולשטענדיקע סטרוקטור, אומאָפּהענגיק פון דעם פריער־דיקן און פון דעם שפּעטערדיקן (אין אינהאַלט און פאָרם). דעם פּרואוו וועלן ניט אויסהאַלטן די לידער „דזשאַן וויקפילדס קיניגרייך" (פון „קיד קאַרטער") און „הויכשטאַפּלער", „דער לעצטער צוג", „אויפן הימל" (אין „פאַרעטער") און פילע אין „קיד קאַרטער" זיינען זייער ענלעך אין פאָרם (פילטרירטע פערזן, אַ קאָמבינאַציע פון נאַקעטקייט און שפּאָרעוודיקייט). אַזעלכע זיינען „דער אָפּגענאַרטער", „אַליין", „דער רעטונגס־שניט" (פון „קיד קאַרטער"), „געבעט", „אין חושך", טיילן פון „דער עשאַפאָט", „דער אָנהייב"; די לעצטע לידער פון „פאַרעטער" זיינען, לויט דער פאָרם, ענג פאַרבונדן מיט די לידער אין „פליאַסקעדריגע". אין די „פליאַסקעדריגע" לידער אויסער אפשר אין אַזאַ ליד ווי „נאָכן גרויזאַמען יאַריד" ווערט מינקאָוו אַ דיכטערס דיכטער, אַ מייסטער פון וואָרט און קלאַנג. אַזאַ ליד, צום ביישפּיל, ווי „ביים נייעם טראָט", אַנטהאַלט ניט קיין איין איבעריק וואָרט; יעדער געדאַנק איז קאָנצענטרירט, פילטרירט פון אויבנויפיקע און זעלבסט־פאַרשטענדלעכע פאַרבינדונגען (וועלכע דאַרפן דערפאַר ניט דער־

מאָנט ווערן אין ליד). דער ווילן פון אַווטאָר שאַפט אינהאַלט און פאָרם וואָס פליסן גלייכצייטיק פון איין שטראָם אַזוי, אַז די צוויי עלעמענטן קאָן מען ניט אונטערשיידן. אין די ערשטע צוויי סעריעס איז מינקאָוו דער פריש־עמאָציאָנעלער דיכטער, דער וואָס קאָמבינירט אינטעלעקט מיט שוואונג, נאַראַטיוו, באַשרייבונג, אפילו דערקלערונג. דערפאַר איז אים דאָ אפשר גרינגער צו פאַרשטיין און ער איז מער „איבערצייגנדיק״; אין דער לעצטער סעריע, אָבער, שיינט ער צו „פאַרלירן די צוגענגלעכקייט״, ווייל ער פאַסט זיינע אייגנשאַפטן אַזוי, אַז דאָס געשאַפענע זאָל פאַר־בלייבן קוואַל־מאַטעריאַל פאַר אַנדערע דיכטער. דער רייך איז אַזוי געצאַמט און באַוואוסטזיניק באַגרענעצט, אַז, מעגלעך בלויז די אויס־דערוויילטע וועמעס פאָרשטעלונג־קראַפט איז אַליין קרעאַטיוו און גע־איבט, קאָנען אָפּשאַצן די פולע עסענץ. דער פּלאַן וואָס דער דיכטער האָט דאָ דערגרייכט איז זעלטן; פריי פון אַלע אומנויטיקע און אַריינ־פירנדיקע שילדערונגען, דערשטוינענדיקע נאַראַטיוון, איז דער אינ־האַלט פון דער סעריע אפשר ווינציקער פּאַטעטיש, ווינציקער צוגענג־לעך, אָבער דערפאַר גייסטיק דערהויבן.

„פויסטן בליען:
  בייט דעם טראָט.
שיידוועג דרעמלט
  אויף די ליפּן.
פאָלעס קויטן
  אין באַראָט,
זיי צונויפקלייבן —
  קלייבן שלייענדיקע פיפערנאָטערס״. (ז. 101)

ד״ר שלמה ביקל

# נ. ב. מינקאָוו

„באָרד, — אין יידיש־לאַנד, וואו איז דיין זונדערלינג ?״ — פרעגט נ. ב. מינקאָוו אין איינעם פון זיינע לידער. און מיר דאַכט, אַז עס איז לייכט דערויף צו ענטפערן אַזוי : ער אַליין — דער דיכטער פון „אונדזער פּיעראָ״ און פון „מסעות פון לעצטן שאָטן״ איז בלי ספק איינער פון די סאַמע „זונדערלינגען״ אין אונדזער פּאָעזיע.

אין וואָס באַשטייט דאָס מאָדנע און זעלטענע אין מינקאָווס דיכטונג ? מינקאָוו איז אַ פּאָעט, וואָס אַיעדע סטרונע פון זיין האַרץ וויברירט מיט יענער אַלטער און גוטער עמאָציאָנעלישקייט, פון וועלכער קיין שום עכטער דיכטער איז, דאַכט זיך, עד היום ניט געוואָרן צו שאַנד. ער איז אַ דיכטער וועלכער באַגעגנט זעליש דעם באַשאַף מיט יענער היפּער־סענסיטיווער לירישער ליבשאַפט, וואָס ווערט צומאָל, ווי ער אַליין דריקט זיך אויס, ממש „היסטעריש, אייגנליביק, קראַנק״. ער איז אַ געשטאַלטער, וואָס די אוראייגנסטע פאָרם פון זיין אויסטענהן מיט דער וועלט און מיט איר „שטומען גזר״ : טויט — איז עלעגיע און תפילה.

און אָט דער פּאָעט פון אַלטער גוטער עמאָציאָנעלישקייט, פון עלעגיע און תפילה האַלט זיך איבער די צענדליקער זייטן פון זיינע לידער־ביכער אין איין אַרויסציען פון דער „עמאָציאָנעלער קאָמעדיע״. און נעמען נעמט זיך דאָס דערפון, וואָס עס איז ניט פאַראַן ווי מיר דאַכט זיך, קיין שלום־בית צווישן מינקאָווס דיכטערישער קאָנצעפּציע און זיין אייגענער זעלישער פּאָרמאַציע. מינקאָווס אינטעלעקטועלע איינשטעלונג איז, אַז עמאָציאָנעלע באַנעמונג פון דער ווירקלעכקייט פירט צו פּאַר־קרימונג, צו „קאָמעדיע״ און אַז די געשטאַלטונג פון פּאָעטישן שטאָף טאָר ניט איבערגעלאָזט ווערן אויפן באַראָט פון געפילס־דירעקטקייט. און ס׳קען זיין, אַז ער איז גערעכט, אָבער מיט איין קליינער און תמצית־דיקער באַוואָרעניש, דהיינו : יעדע דיכטערישע טעאָריע ווערט באַוויזן

---

„דער טאָג״, ניו־יאָרק, פעברואַר 28, 1942.

דורך אַן אַנטשפּרעכנדער פּאָעטישער לאַנדשאַפט און ניט פאַרקערט.

מינקאָוו באַמיט זיך צו עלימינירן פון זיין שאַפונג דעם ודוי־מעסיקן ליריזם, וואָס וואָלט זיך גוט אַריינגעפּאַסט אין דעם פּייזאַזש פון דיכטע־רישער געפילס־סוביעקטיווקייט און ער פּאַרוואַנדלט זיינע לידער אין אָביעקטיווע שילדערונגען פון אינטעלעקטואַליזירטע שטימונגען.

וועלכע זיינען דאָס די כלי־זין פון דער אָביעקטיוויזירונג אָדער, אין זיין פאַל, בעסער געזאָגט, פון דער פאַרפרעמדונג פון זיינע סאַמע אייגנסטע ליריש סענטימענטן? מינקאָווס עיקר־וואָפן איז זיין פּאָע־טישער סטיל. דער שפּראַך־נוסח פון זיינע פערזן איז אויסן צו באַשאַפן דעם איינדרוק, און באַשאַפט אים צום גרויסן טייל, אַז דאָס וואָרט, וואָס ברענט אין זיין ליד, האָט זיך ניט אָנגעצונדן ביים פלאַם פון דיכטערס פאַרמלאָזער לירישקייט, נאָר עס האָט ערשט אויפגעלויכטן אונטערן פורעם־האַמער פון זיין אינטעלעקטועלער באַוואוסטזיניקייט.

עס גייט אָן אַ שווערער געראַנגל צווישן פּאָעטישער סובסטאַנץ און שפּראַך־נוסח ביי מינקאָוון. און עס איז פּאַראַדאָקס, אָבער פּאָרט אמת: וואָס ווייניקער קאַפּריזנע, אייגנוויליק און, אַזוי צו זאָגן, העכסט פער־זענלעך עס איז מינקאָווס פּאָעטיש לשון, אַלץ טיפער און אַלץ מיט מער אייגענעם נערוו קומט אַרויס זיין דיכטערישער געדאַנק און געפיל.

צומאָל קומט פאָר אַ פּשרה. דאָס עלעגישע און תפילה־געפיל גיט נאָך און פּרוווט זיך צוצופּאַסן צו די טונקלקייטן פון מינקאָווס אָביעק־טיווע שפּראַך־דעפיניציעס און צונויפגעפּרעסטקייטן. דעמאָלט פאַרציט זיך דער קאָנקרעטער סענטימענט פון קלאָג און געבעט אין דער אַבס־טראַקציע פון שרעק־זעאונגען און קאָשמאַרן. די פּאָעטישע סובסטאַנץ ברענגט קרבנות אויפן מזבח פון שפּראַך־פורעם. אָבער דערפאַר ווערט מיט דער הילף פון שרעק־זעאונג און קאָשמאַר־חלום מינקאָווס פּאָעטישע שורה געפירט אויף די פעלדער פון רשות־הרבים־לשון און. . . פון לייטערונג.

אַן אַנדערש מאָל אָבער איז דער קוואַל פון מינקאָווס דיכטערישער אינספּיראַציע גובר אָן שום פּשרות. עס טרעפט, אַז מינקאָווס אַזאַ אייגע־נער פּאָעטישער מאָטיוו, ווי דאָס גבורהדיקע אַקעגנשטעלן זיך און צו דער זעלבער צייט הכנעהדיק אַקצעפּטירן דעם גרויסן אמת: טויט, רייסט אין אַלע צוימען פון עכטער בכיונדיקער עמאָציאָנעלער איינגע־האַלטנקייט און ברעכט דורך אַלע פאַרקאַנעס פון אויסגעמייסטערטער און אָפּגעקילטער דעפיניציע, און שאַפט אַ קאָנטאַקט פון מחיהדיקער

דירעקטקייט צווישן פּאָעט און לייענער.

איןביידע פאַלן, פון פשרה מיטן שפּראַך־נוסח און פון גובר זיין אים, צעפּלאַקערט זיך אין מינקאָווס דעפיניציע־שורות ס׳פייער פון פּאָעטישן אימאַזש. זיינע מעטאַפאָרן, הגם מייסטנס אַבסטראַקטע, ווערן נאָענט און וואַרעם און די וויזיע, הגם באַלאָדן מיט אייגענע דיכטערישע אַסאָציאַציעס, ווערט צוגענגלעך און סוגעסטיוו. מען ווייסט דעמאָלט אויף זיכער, אַז מינקאָוו, וואָס איז לויט זיין אייגענעם קינסטלערישן רצון אַ דיכטער פאַר געציילטע, איז לויט זיינע פּאָעטישע מעגלעכקייטן און סובסטאַנצן אַ דיכטער פאַר אַ סך.

ש. טענענבוים

# ליטעראַרישע נאָטיצן

(נ. ב. מינקאָוו — „אונדזער פּיעראָ״, נ״י, 1937).

**נ. ב. מינקאָוו איז עקאָנאָמישער מייסטער פון וואָרט. ער רעדוצירט וואָרט צום סאַמע געדאַנקלעכן עסענץ. דעריבער איז שווער זיין ליד צו פאַרדייען— ווייל לייענער איז געוואוינט צו וויזיע — צו געפיל — צו קאָליר. נ. ב. מינקאָווס ליד איז — קאָנסטרוקציע. וואָרט אויף וואָרט געלייגט — אָן אָביעקטיוון, אָן סופּערלאַטיוון. קאַלט און שטייניק. ווי אַ געבוי פון אַן אייז־געביידע אין צפון־פּאָל. זיין טעמאַטיק — אויב מען קען ריידן פון אַזאַ — איז די וועלט — דער אוניווערס. דורך טראַגישע גענגסטער־געשטאַלטן — גייט אויף דאָס איראָנישע און דאָס גראָטעסקע פון רעאַליטעט. ער דערציילט נישט ווי דער עפּיקער, ער זוכט נישט — ווי דער ליריקער. ער וואַרפט אָן — סקיצנהאַפט — די רעאַליטעט. דאָס פּאָעטישע באַנעמען פון דערווירקלעכקייט — ברוטאַל — קאַלט —אָן אינטימיטעט.**

**אָפּטמאָל דאַכט זיך — נ. ב. מינקאָוו איז צופיל אינטעלעקט — און ליד פאָדערט נאַאיוויטעט. מיר קענען זיך ניט שיידן מיט דער באַקווע־מער נאַאיוויטעט אין דיכטונג. מיט דעם מעטאַפאָר, וואָס פירט די זאַכן צוריק צו דער קינדהייט, ווען מיר באַטראַכטן זאַכן נישט אַזוי ווי זיי זיינען — נאָר צו וואָס זיי זיינען ענלעך. נ. ב. מינקאָוו — אין זיין צערע־בראַלער פּאָעזיע — שאַפט אָן טראַדיציאָנעלע פאָרם. ער גיט דעם קנויל פון לעבן — אין דינע, עקאָנאָמישע קאָנטורן. דער לעזער מוז עס אָנוואַרעמען, פאַרדייען, געניסן. אַ פּראָצעס — וואָס נישט יעדער לעזער וויל טאָן.**

**דעריבער איז טאַקע נ. ב. מינקאָוו נישט פּאָפּולער. אָבער ער האָט זיין חשובן אָרט אין דער ליטעראַטור. אַבסטראַקט־עקאָנאָמיש אין זיין פּאָעזיע־סטרוקטור — באַווייזט זיין פּראָזע — לאָגיק, געדאַנק, קאָנ־סטרוקציע און — צוועק. זין און — ציל. ער ווייסט וואָס ער וויל.**

---

„די שטימע״, מעקסיקע, יוני 26, 1943.

נ. ב. מינקאָוו וויל אויסשיילן דאָס וואָרט פון זיין ווילדפלייש — און געבן דעם קערן, דעם גרונט־עסענץ פון וואָרט. אָפטמאָל שינדט אַזוי שטאַרק דאָס וואָרט — ביז עס גייט בלוט פון אים...

געדאַנקלעך — דיכטעריש — וויל ער געבן דאָס סאַמע אַבסטראַקטע. דאָס טוט אויס דאָס ליד פון פלייש, פון דעם פלייש — וואָס מאַכט ליד לייענבאַר, צוגענגלעך, אויפנאַם־פּייאיק.

עס איז אַ פּרואוו צו געבן ליד — אָן באַלאַסט פון דעקאָראַציע — אָן מעטאַפאָר — בלויז נאַקעטע ראַדירונג — געשניצט דירעקט אין קופּער.

שווער נאָכצופאָלגן די וואַנדערונגען פון דעם לעצטן שאָטן אין דער וועלט פון קאָמעדיע און גיהנום. עס איז אַ מין אונטערבאַוואוסט־זיניק, זיך פאַרטיפן אין וועלט — פּיערא־אַרטיק — סור־רעאַליסטיש.

דאָרט וואו נ. ב. מינקאָוו ווערט פּשוטער, מענטשלעכער — שאַפט ער פיינע לידער, מיט וועלכע מיר דערפרייען זיך. ערשט דאָ ווערן מיר געוואויר אַז ווען נ. ב. מינקאָוו וויל נאָר — קען ער שרייבן אַ קלאַסיש ליד — מיט מעטאַפאָר־שטימונג — עמאָציע — אַקציע.

אַקציע איז יאָ פאַראַן ביי נ. ב. מינקאָוו. אָפטמאָל שוין רעדוצירט צו אַקציע אַליין — אָן דער סוביעקטיווער באַאַרבונג, וואָס מאַכט אַז אַקציע — וועלט — געשען — זאָל דורכגיין דורך דער פּריזמע פונעם אָביעקט.

אין די מער פּשוטע לידער — צום סוף פון זיין בוך — זעט מען ערשט ווי נ. ב. מינקאָוו קען מאָלן אַ לאַנדשאַפט מיט ווערטער. קען איבערגעבן שטימונג — פּלאַסטיש. קאָנקרעט. ווי אין מעטאַל אויס־געדריקט.

זיין מעטאָדע איז ווייזן די וועלט — אָביעקטיוו. אָבער עס איז אַן „אָביעקטיוויטעט" — געזען דורך אַ חכם. ווייל הינטער אַלץ — פילט מען נישט בלויז דעם דיכטער וואָס זעט — נאָר דעם חכם, דעם דענקער, וואָס טראַכט. און די איראָניע. עס איז נישט קיין וויץ. נישט קיין הומאָר וואָס מאַכט שמייכלען. נאָר אַ קאַלטע איראָניע פון אַן אינטעלעקט. דערקענסטו אפילו די לאָקאַלע מיליע איבער וועלכער דער פּאָעט איראָניזירט. אָבער — זי ווערט — וועלט־צירק, וועלט־קאָמעדיע.

אין דעם ליד „סאַקאָ און וואַנזעטי" ברעכט די איראָניע אויס ווי אַ גוואַלדיקע דעמאָנסטראַציע. דאָ איז דער פּאָעט שוין געצוואונגען צו

זיין קאָנקרעטער. מיט ווערטער באַווייזט נ. ב. מינקאָוו אויפצובויען אַ גוואַלדיקע פּיראַמידע פון וועלט־צאָרן. דער צאָרן שפּאַרט פון אַלע זייטן — ווי אַ ים וואָס רעוועט און גיסט זיך אויס — ווי אַ וואָלקן־ברוך.

און די פּערזן — די ווערטער — די פּראַזן — קורצע — אָפּגעהאַקטע — זיינען אַזוי געוואָרפן, אַז זיי זאָלן קומען פון פאַרשיידענע זייטן — ווי אַ גאַנצע דעמאָנסטראַציע — וואָס ברעכט אויס פון פאַרשיידענע זייטן. די עלעקטרישע מתים — קאָלאָסאַלע סימבאָלן — הענגען איבער דער וועלט — פּאַטאַל — גורלדיק — אין סטאַטור — ווי מאָנסטערס. „מאָנסטערס" פון מאַרטירערײַ.

נ. ב. מינקאָווס לידער באַאומרואיקן — וועקן — שטירצן — שליידערן. אפשר דערפאַר האָט מען ניט ליב צו לייענען אין די שפּעטע שעהן — ווען מענטש וויל רוען — ציט צו דער שלאָף־גראַוויטאַציע. זיינע לידער זיינען געלאָדן מיט לעבנס־דינאַמיק — זיי רייסן אויף — ער צעשטעלט זיי איבער די זייטן אין אַ „חוצפּהדיקער" אָרדענונג — זיי אַטאַקירן — באַפאַלן אייך — די ווערטער — דער סטאָקאַטאַ־טאָן.

שווער צו זיין אַ מאָדערנער פּאָעט. שווער צו רעדוצירן ליד צו נאַקעטער וואָרט־קונסט. מען ליידט אָפט מיט אומפּאָפּולאַריטעט. אָבער די אמתע ליבהאָבער פון יידישן ליד — ווייסן דעם ווערט פון נ. ב. מינקאָווס פאָרם־דערגרייכונג. ווייל דיכטונג — פּונקט ווי מאָלעריי צום מאָלער — ווי מוזיק צום מוזיקער — ווי סקולפּטור צום סקולפּטאָר — איז נישט דאָס ליטעראַרישע — נאָר דאָס פאָרם־זוכנדיקע. קונסט רעדוצירט זיך צו פאָרם. פאַכמענער ווייסן עס. און נ. ב. מינקאָוו איז פאַרליבט אין דער פאָרם. ער עקספּערימענטירט מיטן וואָרט — צו דערגרייכן פאָרם־רעזולטאַטן. דאָס געפילן־ליד איז שוין אַ באַנאַלע איבערחזרונג. שוין די אַראַבער האָבן געוואוסט, אַז פּאָעזיע איז נישט דיליידנשאַפט אין די ליבע — נאָר די קאָמבינאַציע, די דערפינדונג פון פאָרם.

דאָס יידישע ליד — די יידישע פּאָעזיע האָט צו לאַנג געשפּילט אויף דעם עמאָציע־אינסטרומענט. דאָס ווייבלעכע דאָמינירט אין דער יידישער ליריק. איז געקומען נ. ב. מינקאָוו — באַוואָפנט מיט דער־פאַרונג אין דער וועלט־פּאָעזיע — און געפּרוווט געבן דאָס אַבסטראַקטע, צערעבראַלע ליד — רעדוצירט צו וואָרט־אַקראָבאַטיק — צו וואַג־נערישער מוזיק־סטיכיע — נישט צום זיסן, לירישן, פאַרשלעפּערנדיקן טאָן. אויב צום מאַלער איז דער עיקר די לייזונג פון ריין־מאַלערישע

טעכניק־פּראָבלעמען — פאַרוואָס זאָל די זעלבע אויפגאַבע נישט שטיין פאַרן פּאָעט ? אין אַ בילד איז נישט דער עיקר וואָס עס שטעלט פאָר — נאָר ווי אַזוי עס איז געמאָלן. פאַרוואָס זאָל אויך דאָס זעלבע פּראָבלעם נישט שטיין צום פּאָעט ? —

ניו־יאָרק — די מעטראָפּאָליע — איר ריטם — איר ווירוואַר — איר קאַלײדאָסקאָפּישקייט — אויך דאָס מערקט זיך אין נ. ב. מינקאָווס לידער. די יידישע דיכטונג — ספּעציעל די „יונגע" איז אַ רוראַלע — אַ דאָרפישע — דערצו נאָך פון דעם פּרימיטיוויסטן ווינקל פון אייראָפּע — פון פוילן — רומעניע — ליטע — גאַליציע — רוסלאַנד. שוין צייט צו געבן דאָס אורבאַניסטישע ליד. דאָס גרויס־מעטראָפּאָלישע. אָפּטמאָל, לייענענדיק נ. ב. מינקאָווס אַ ליד — פילט מען ווי עס עפנט זיך צום אויג ווי אַ ביינאַכטיקע פייער־לאַנדשאַפט פון טיימס־סקוועער. דער אויפבליץ פון ליכט־רעקלאַמעס — אויטאָס — עלעקטרישע אַקראָבאַטיק — לייכט אויף אין זיין ליד — מיט דער הילף פונעם וואָרט און די אייגנאַרטיקע קאָמפּאָזיציע וואָס ער גיט דעם וואָרט — דעם פריי־געלאָזטן — לעבנס־לוסטיקן — צירק־אַקראָבאַטישן וואָרט.

אָט דאָס האָב איך געוואָלט פאַרצייכענען — דאָס נייע — דאָס געוואַגטע — דאָס עקספּערימענטאַלע — וואָס נ. ב. מינקאָוו האָט אַריינגעפירט אין זיין צערעבראַל־אינטעלעקטועלן, איראָניש־אַבסטראַקטן ליד . . .

ד״ר מאַרק דוואָרזשעצקי

# אין טעג פון אומגלויבן

(אַ פּאָר ווערטער וועגן נ. ב. מינקאָווס בוך לידער „ביים ראַנד״)

נ. ב. מינקאָוו, „ביים ראַנד״. פאַרלאַג באָדן, ניו־יאָרק, 76 ז.

**די חורבן־ליטעראַטור וואַקסט. לידער, דערציילונגען, זכרונות.**

**ליטעראַטור פון ערב־חורבן, ליטעראַטור, געשריבן אין טאָל־פון־חורבן; ליטעראַטור פון נאָכן חורבן. דאָס רוב פון די מחברים — עדות, שרידים פון יענע טעג.**

**און פון צייט צו צייט גיט דער געדאַנק דיר אַ פרעג: און וואָס־זשע האָבן דאַן געפילט די יידישע פען־מענטשן מעבר־לים? וואָס האָבן זיי איבערגעלעבט? וואָס האָבן זיי געאַנט? וואָס האָט באַזונגען זייער ליד?**

**די יידישע געפילן מעבר־לים זיינען צו אונדזער אייראָפּעאיש־יידישער עפנטלעכקייט דערגאַנגען אין לייוויקס „אין טרעבלינקע בין איך נישט געוועז״, אין מלך ראַוויטשעס „67 לידער״. לאָמיר זיך איצטער באַקענען מיט מינקאָווס „ביים ראַנד״.**

***

**וואָס איז דער הויפּט־טאָן פונעם דאָזיקן אַזוי אָריגינעלן און אַזוי פּאָעטישן באַנד־לידער? דאָס איז די גרויסע אַנטוישונג.**

„אין טעג פון אומגלויבן, ווען ס׳ליגט גאָטס ווערק צעבראָכן,
ווען זיגן זיגט קאָשמאַר, ווען נסים — נוצלאָזער באַטרוג,
נישט רעד פון טייערסטע אבדות, נישט רעד פון טרייסט,
דערצייל נישט פון בטחון,
מיר האָבן אַלץ געהאַט, מיר האָבן אַלץ געהאַט גענוג — — —

---

„אונדזער וואָרט״, פּאַריז, נאָוועמבער 21, 1947.

די אַנטוישונג איז גרענעצלאָז. דער אומגלויבן איז אין־סופיק.

„מיר צינדן נישט, מיר צינדן נישט קיין ליכט.
מיר ווילן מער נישט היטן קיין שום פייער.
לאָזט שטאַרבן אָן פאַרשקלאַפטע בשורות...״

דאָס גאַנצע בוך איז איין סעריע קאָשמאַרן־וויזיעס, און יעדע שורה איז אַ באַזונדער קאָשמאַר, און פון יעדן וואָרט שלאָגט אָפּ — קאָשמאַר.

„דער רעגן, דער אויסגעקרימטער רעגן שטייט.
טויט אויף אַלע אויסגעדרייטע לאָמפּן.
ווער איז געווען דאָרט דערביי?
ווער איז דאָרט ניט געווען?
און ס׳שווייגט אַ וועלט. עס שלאָפט אַ גאַנצע וועלט.
איז ווער געבליבן פון דעם לעצטן קאַמער,
אויפצונעמען וואָס ער האָט געזען?
די מערדער אין די ווייכע בעטן
עקדות־לעמער אין די ברידער־קברים,
קעלערס ,וועלדער ,לעכער.״

***

די מערדער אין די ווייכע בעטן! און די עקדות־לעמער! דאָס זיינען די וויזיעס, וואָס פּייניקן דעם דיכטער, דאָס שרייט צו אים אַרויס פון די שטילסטע שטילקייטן, מיט איוב־געשרייען:

„מיר באַנעמען נישט גאָטס דרכים מער! — — — ״

***

דער דיכטער ווייסט, אַז „עס חושכן אין זיינע לידער אומפאַר־שטענדלעכקייטן שטיקער״. און ער ווידמעט אַ ספּעציעל ליד, אַ מין פאַרענטפערונג פאַר זייערע „קאָשמאַרעוודיקע זעאונגען״, פאַר זיינע „ווערטער אין ווייטיקן געצאַמט״. איז טאַקע דער דיכטער אומפאַר־שטענדלעך? ס׳איז די פראַגע נאָר, ווי מען לייענט זיינע לידער. לייענט מען זיי אויף אַדורכצולייענען ווי עפּעס אַ סיפּור־המעשה — זיינען

**זיי נישט פאַרשטענדלעך; לייענט מען זיי, אַזוי ווי מען באַקוקט אַ בילד, איינמאָל און אַ צווייטמאָל, און מען שפּירט זיך אַריין אין דיכטערס שטימונג, און מען לעבט זיך אַריין אין זיינע זעאונגען, — דערזעט מען, אַז די זעאונגען זיינען „פיינלעך קלאָר געצייכנט" און די אין־ווייטיקן געצאַמטע ווערטער זיינען „פינקטלעך און באַשטימט".**

***

**און אָט איז אַ מוסטער פון מינקאָווס דיכטערישער וועלט, פון זיינע אומפאַרשטענדלעך־פאַרשטענדלעכע לידער: „די טויטע נאַכט":**

„שטילקייט.
הער מיך.
די נאַכט איז טויט.
אין זילבער ברענט דער וואַלד דערשטוינט.
אין פעלד, אין פאָספאָר־ליכט,
ווייזט זיך גאָט, גאָר אומגעריכט.
די בלומען — שוואַרץ, דער נאַכט־טוי — שוואַרץ.
בלויז גראָז און זאַנגען — ווייס און ווייס.

דו האָסט געזאָגט, אַז פינצטערניש וועט קיינמאָל גאָרנישט שטאַרבן.
וואו ביסטו וואו? אין וועלכן צייכן, וועלכן אות?
די נאַכט איז קיינמאָל נישט געווען טויט אַזוי ווי היינט,
און שטערן האָבן קיינמאָל נישט געאַשט אַזוי אין ווייסן גראָז.

מיר דוכט, איך הער אַ ווייטן ציטער פון אַ רוף.
איך ווייס, דאָס זיינען לעצטע ספּאַזמעס פון דערינערונגען.
און פלוצים, ווי פון דורות־טיפן וואָלט זיך טראָגן
אַ טויבער גזר:
'שעלט גאָט און שטאַרב'.

און גאָט אין פאָספאָר־ליכט
ווייזט זיך אומגעריכט,
און זייט צעבליטע פייער־קערנער
און לאַנגזאַם בלייכט די טויטע נאַכט
און גאָט — גאָט זייט און זייט און זייט. — — — — "

***

דער דיכטער זעט זיך אַן איינזאַמער, אַ לעצטער „אין האַרץ פון נאַכט", און וואָס ער לייענט — איז אַ פייער־כתב. „די אותיות — פינצ־טערע גורלות, די ווערטער — גזר!"

אין יענע טעג, ווען ס'ווילט זיך אים אַזוי אויסשרייען: „מיר זעען נישט!"; אין יענע טעג, וואָס ס'דוכט זיך אים, אַז דעם שטנס רעגנ־בויגן טרויערט „וואָס מיר טראָגן נאָך דעם צלם־אלוקים", אין יענע טעג דערשפּירט דער דיכטער דאָך אין זיך דעם מיסטישן כוח, וואָס האַלט אים אָפּ פון זינגען אין „כף־הקלע פון באַטרוג":

„אין האַרץ פון פאָלק. מיין אומגליקלעך פאַרפייניקט פאָלק
אָטעם איך אין זכות פון אַ טיפן־טיפן קוואַל.
דעם קוואַל איז נישט צו הערן, דעם אויסשטראַל —
נישט צו זען.
נאָר ס'דערגייט פון אים אַ קוים־באַמערקטער ציטער —
פון אייביקייט און גאָט."

***

לייענסט דורך נ. ב. מינקאָווס אייגנאַרטיקע לידער, ליד נאָך ליד, דערשפּירסטו אין זיי דאָס אָטעמען „אין זכות פון אַ טיף־טיפן קוואַל", און דערזעסט דעם „אויסשטראַל נישט צו זען". יעדעס ליד האָט זיין ציטער, יעדעס ליד — זיין מוזיק; און ס'בלייבט הענגען אין זכרון בילדער פון זינקענדיקן סדום — און ס'בלייבט עפּעס אין געמיט, וואָס וויברירט און וויברירט, ווי לעצטע נאָך־תפילה־אַקאָרדן.

מאַטעס דייטש

# נ. ב. מינקאָוו — פּאָעטישער אינטעלעקט

אייגנאַרטיקייט איז שווער,
פאַרלאַנגט עס פון אונדז דעם גרויסן קלער;
אייגנאַרטיק קלערן איז אָפט ניט קלאָר,
טאָר מען עס נישט מעסטן מיט דער וואָר.

יהי אור! זאָל זיין וואָרטיק, ליכטיק וועט שוין ממילא ווערן. ס'איז דאָס וואָרט וואָס האַלט אין איין ברענגען ליכטיקייט.

ס'איז דאָס וואָרט וואָס שטעלט זיך פאַר גאָרניט אָפּ, דער לאָגוס וואָס צעליכטיקט אַלץ; ס'איז דער ליכטיקער שטראָם וואָס ציט זיך פון זינט בראשית אָן און צעגיסט זיך אַריבער און אַרונטער אַלע יאָר־הונדערטער און האַלט אין איין אָנטרינקען די דורות פון אַלערליי פריי־לעכע און טרויעריקע עפּאָכעס. עס שטעלט זיך ניט אָפּ. עס פאַרקערעוועט זיך אַמאָל, עס שפּרינגט אַריבער (סימבאָליש) עס פאַרטייעט זיך אַמאָל (מיסטיש) אָבער עס האַלט אין איין שטענדיקן פליצן און עס האַלט אין איין אויפרייסן נייע שטראָמען און שווענקען די וואָרטיקע, אַלץ מער ליכטיקע, ווערטיקע וואָרטיקייט.

אַמאָל דערקייקלט עס זיך צו אַ גרויס פּאָעטיש געזאַנג — דער בעש"ט, וואָלט ווהיטמאַן — פילן עס אָן פול מיט התרוממות און עס רעדט צום לעבן מיט דריי מאָל אויסגערופענעם: קדוש! קדוש! קדוש. און פאַרקערט: אַמאָל ווערט עס אויך דער וויסטער געפילדער פון וואָרט־געוויסער מיט אַן איכהדיק און קינהדיק יאָמערן און קלאָגן — דער היטלער־טאָל פון בלוט און מיט אַלערליי יסורים־טרערן. אָבער אויך דאַן אפילו, איז נאָך אַלץ דאָס איינגעשפּאַרטע, איינגעעקשנטע וואָרט דאָס וואָרט וואָס שרייט תורהדיק: יהי אור! זאָל זיין וואָרטיק! ליכטיק וועט שוין ממילא ווערן.

און עס ליכטלט זיך דורך, דורך אַלע שפּאַרונעס גלייך אין אונדז אַריין. וואָרעם בשעת מיר זיינען איכהדיק באַזעלט און קינהדיק צע־

„ליטעראַרישע זאַמלונגען", 5, שיקאַגע, 1948.

קרעלט, איז דאַן ערשט דאָס איינגעשפּאַרטע, איינגעעקשנטע וואָרט, צעליכטיקט און טיף־וואָרטיק צעשטראַלט.

געווײן האָט שטילע וואַרשטאָטן;

קריג — היסטעריש־צעפינקלטע קוזניעס.

און דאָס וואָרט קומט דאָך סיי פון די שטילע וואַרשטאַטן און סיי פון די היסטעריש־צעפינקלטע קוזניעס אַרויס. האָט עס טאַקע דעם טרערנדיקן, בלוטיקן טעם, און דעם קויליקן, רויכיקן ריח; דעם לעבעדיקסטן זשעסט און די פאַרגליווערטע אַגאָניע! עס פאַרמאָגט די שוועבנדיקע פלאַטערדיקייט פונעם לעבן און די שווערוואָגיקייט פונעם טויט! לכל הפּחות דערמאָנט עס אונדז אינעם לעבן — דער וואָרעמער געדאַנק פאַרזייט עס און מיט ריטמישן קלאַנג נידערט עס אַראָפּ פונעם מויל. וואָרט איז די שילד פונעם לעבן אין יידע טייטשן... נ. ב. מינקאָוו איז פון די פּאָעטן אמוראים, זיין בוך „ביים ראַנד" באַווייזט:

ער האָט יאוש אָבער ער איז ביי אים אַ קאָנטראָלירטער, דערפאַר איז ער ניט קיין דעפּרעסירטער נאָר אַ פרעגנדיקער, אַ זוכנדיקער; ער האָט פאַרצווייפלטקייט אָבער אויך דער צווייפל זיינער איז אויך ניט מער ווי צייטס אָטעם וואָס הויכט אַרויס מיט איר תהו און שליידערט דעם פּאָעט אין פנים אַריין איר בייזע כאַאָטישקייט פון אומגלויבן. ער מוז פאַרבייגיין ווי אַן אוריקאַן — ווען וועט ער זיך שוין ענדיקן?! אָט דאָס דריקט מינקאָוו. דער סוף! ווען קומט שוין דער סוף? ער ווייסט אַז די וועלט שטייט „ביים ראַנד" פונעם סאַמע אם־הדרך פון דעם מענטשנס דענקען און ווילן; וואָרעם ער קייקלט זיך נאָך אין שטויס פון זיינע אורטימלעכע וואַקכאַנאַליעס פון סטיכישע מעשים. און מינקאָוו פרעגט דעריבער טאַקע שווערמוטיק אָבער ניט אָן ביטחון: אומ־פאַרשטענדלעך...

איך האָב געזאָגט אַז מינקאָוו פרעגט, ניט אָן ביטחון. ווייל אין דער פערטער סטאַנזע איז ער אַזוי ממעקמדיק צעווייטיקט אַמאַי אין זיין פולן ביטחון מוז ער דווקא שרייען:

„גאָט, פאַרלעש די לעצטע פונקען פון זיכרון."

און דאַן וואָלט ער נאָר געבליט — אַ דומם אָבער אַזוי איז עס גאָלע שמאַך און פּיין:

„און סאַראַ חוזק... הויך אין חשכות בליט
אַ וואָלקנדיק־צעשוימטע האַנט.

און צינדט־אָן — בראשיתדיק — אַ שטערן,
וואָס ציטערט, וואַקסט, און בליט פון ראַנד צו ראַנד.״

און אָט גיט ער אונדז די אַנונג, די פערצעפּציע וואָס נעמט אונדז פיל ווייטער אַוועק ווי דער טרוקענער באַגריף — די עקזאַקטע קאָנ־צעפּציע. דעריבער הייבט ער תיכף אָן אין צווייטן ליד „לאָז שטאַרבן״ פונאַנדערוויקלען די שווידערלעכע מגילות פון אונדזער גייסטיקייט:

אין טעג פון אומגלויבן, ווען ס׳ליגט גאָטס ווערק צעבראָכן,
ווען זיגן זיגט קאָשמאַר, ווען ניסים — נוצלאָזער באַטרוג,
ניט רעד פון טייערע אבדות, ניט רעד פון טרייסט, דערצייל ניט
פון ביטחון.
מיר האָבן אַלץ געהאַט, מיר האָבן אַלץ געהאַט גענוג.״

טאָ פאַרוואָס האָט עס ניט געאַרבעט? פאַרוואָס האָט עס ניט אויס־געהאַלטן? און עס וועקן זיך אויף אין אים, ווי אין איובן די אומפאַר־שטענדלעכקייטן פון דעם וואָס צינדט אָן בראשיתדיק אַ שטערן נאָך אַ שטערן, אימער און תמיד; און ער צאָרנט־אויף מיט פּראָטעסט קעגן דער אַלטער, טויבער געדולדיקייט:

„מיר צינדן ניט קיין ליכט. מיר ווילן מער ניט צינדן
קיין שום פייער!
לאָזט שטאַרבן אָן פאַרשקלאָפטע בשורות״.

, אָס איז דער זעלבער דראַמאַטישער מין זאָג וואָס עס זאָגט אים רב שלמה ביי פּרצן.

אָט אָ דער־אָ זאָג איז דאָס בלוט פון אַן אַנטווישטער אידייע אָבער ניט פון דער אוניווערסאַלער — די קאָסמישע גייסטיקייט. און מינקאָוו איז פול מיט איר — ס׳איז זיין געזיכערטער ביטחון.

און ווייל זיין אַנונג דורך זיין פּאָעטישער פערצעפּציע איז ניט קיין אינטואיטיווע נאָר די אינטעלעקטועלע זיכערקייט אַז גאָט ליידט צוויי מאָל איבערן מענטש; איינמאָל — איידער ער דאַרף אָנשיקן גורמדיק זיין בייזע שטראָף אויף אים, און דאָס צווייטע מאָל — בעת עס ליידט שוין טאַקע דער מענטש די יסורים פון זיין מקוימדיקער און שוין פּאַקטישע באַשטראָפטקייט, ליידט גאָט מיט־אים...

ער קומט צו צו דער איבערצייגטקייט פון איובס לעצטער דער־קענטעניש...

אָט די פּאָעטישע ספּיריטואַלקייט מינקאָווס, האָט זיך צו מיר אַנטפּלעקט דורך זיין גאַנצן בוך „ביים ראַנד". איך האָב דערפּילט דעם אמצת־כוח פון זיין וואָרט וואָס טראָגט מיט זיך די אינטימקייט פון יענער אַנונג וואָס קאָמוניקירט זיך מיט אַזאַ ספּיריטואַלער עמאָציע, אַן עמאָציע וואָס קומט פון דער גרויסער איבערלעבונג וואָס אַנטפּלעקט זיך ווען מ'קומט אין דער אָנוועזנהייט פון גרויסע געשעענישן.

ס'איז דאָס טיפסטע, פּראָפונדישע טראַכטן. זיין צימצומדיקייט פון וואָרט ווירקט אַז זיין ליד זאָל אַרבעטן אויף אַזאַ מין אופן איבער אונדזער געמיט, טאַקע ווי נאָר ער וויל עס זאָל דורכפירן די פונקציע אַזוי אין דער פּערצעפּציע זיינער, איך וואָלט זאָגן: זיין קילע אַנונג. און זי איז ביי אים איינגעפורעמט אין אַ מוזיקאַל. און דאָס געניטע אויג, וואָס האָט שוין ניט איינמאָל פריי געוואַנדערט איבער די בייטן פון לידער, ווייסט, אַז לייענענדיק מינקאָווס „ביים ראַנד" איז דאָ איין ברירה: דער ברייטער, אָפענער וועג, אויף וועלכן מ'מוז דורכגיין — פּאָעטישער אינטעלעקט.

ער אַרבעט ביי אים אָן די צעלאָזטע שפּיל־כלים פון גלאַטשטיינען, און אָן דעם אָנגעסטראָיעטן ווערך פון קלאַפּערגעצייגלעכער מייסטעריש־קייט פון לעיעלעסן.

טעמאַטיש זיינען כמעט אַלע יידישע פּאָעטן פון דער היטלער־צייט, אַלע ווי איינער, צוגעשטעלט צו דער זעלבער איינציקער וואָנט: חורבן און יידישער פּאַרטיליקט ווערן. און אַלע גייען זיי צו אים, אָן אויסנאַם מיט דער גרעסטער פּיעטעט און מיט ניט ווינציקער אויפגעטרייסלטקייט.

און מינקאָוו איז ניט אַנדערש פון קיינעם, טעמאַטיש.

די ניין און צוואַנציק לידער זיינען היינטצייטיקע מאָטיוון אין זיין בוך „ביים ראַנד", אָבער לחלוטין ניט קיין שרייענדיקע; זיי זיינען אָן דעם געפּילדער וואָס מיר הערן אָפט ביי אַ סך פּאָעטן; ס'איז שוין שוידערלעך ווייטיקדיק זיי אויפצונעמען (די שרייעוודיקע) מיט דעם אַליין וואָס זיי שטעלן אָן אַזוי געניט די גוטע געצילטקייט זייערע פון די שרייענדיקע קאַנאָנען־פּיסקעס און מיר ווערן לייכט באַלד צעשאָסן. און מיר זיינען אפילו אויך ניט איינמאָל שטאַרק צופרידן וואָס מיר ווערן גרינג צעשאָסן; נו, איבערגעקומען...

אין דעם דאָזיקן בוך איז מינקאָוו ווי אַן עקספּאָזיציע פון אַן איין־קינסטלער אויסגעשטעלטע אַרבעטן און דאָס פון גאָלע שטיל־לעבן געמעלן פון שטילן טראַכטן, פון שטיל־פרעגן, און עס לויערט אויף אונדז

מיט אַ דערקענטעניש פון ריינעם שכל. זיי זיינען לידער פון ריינעם שכל. דער שכל וואָס קומט שוין נאָך אַלעמען.

דעריבער קען ער מיט אַזאַ געזעצמעסיקער שטרענגקייט פאָדערן „לאָזט שטאַרבן".

„דער טויט, אַ זינלאָזער, אין שאָדנפריידיק הויערן
באַפאַלט, צעשענדט, צעפייניקט — וועמען ס'לאָזט זיך נאָר".

טאָ צו וואָס ליאַרעמען און פאַרשליאַרעווען מיט געזאַנג פון גרויסן פּאַטאָס אין דיכטערישע באַפּוצאַכצן? אים מאַטערט דער געדאַנק:

„איז ווער געבליבן פונעם לעצטן קאַמער אויפצומאָנען
וואָס ער האָט געזען?"

און דעם יידישן חורבן האָבן ניט אַלע יידן געזען, כאָטש אים איבער־געלעבט אין פאַרשיידענע קאָשמאַרן, האָבן אים אַלע. קאָשמאַרן וואָס די פּאָעטן באַמיען זיך מיט זייער גאַנצער טאַלאַנטישקייט — איבער־צוגעבן. און ס'איז גאָר ניט מעגלעך קיין ערגערער גיהנום פאַרן מענטש, ווי זיין פאָרשטעלן זיך דעם אופן פונעם יידישן חורבן. נאָר פאָרט...

דער וואָס איז טאַקע ניט געווען אין דעם לעצטן קאַמער ווייסט ניט, בשום אופן ניט ווי אַזוי און מיט וואָס אויפצומאָנען און ווי לאַנג. די מאָנונג, זאָל דויערן... ענדיקט ער דאָס ליד „דער לעצטער" מיטן אויספיר: אַז וויפל מ'זאָל ניט אָפּצאָלן לויטן דין און שכל דעם שונא־ישראל, אומגליקלעך בלייבט דאָס האַרץ וואָס וועט שוין בלייבן אַ געליטנס אויף תמיד — עס קען זיך שוין ניט פרייען ס'יידישע האַרץ:

„נאָר ערגעץ־וואו פאַרהוילן, טיף־פאַרהוילן וויינט און וויינט
דאָס האַרץ."

און דער שכל קען אפילו ניט טרייסטן און ניט צימאַלס — וויינען. אים איז פיל אומגליקלעך מאָל ערגער. ער דאַרף בלויז הינטער־ציען די סך־הכלען...

„האַרץ. האַרץ. צייל ניט. ענטפער ניט.
זוך ניט, זוך ניט האַרץ, וועסט ניט געפינען.
סך־הכלען שטאַרבן אין לעצטן רויש פון לעצטע טריט.
סך־הכלען ווילן ניט און דאַרפן ניט קיין שום באַגינען."
(„האַרץ ענטפער ניט"...)

אין די נײַן און צוואַנציק לידער זײַנען פֿאַראַן אי דער צלם אַלקים, אי דער לעצטער קנויט, אי דאָס ניסימדיקע וואָרט, די גיהנום־טירן, דער שטורעם, אונדזערע טעג, ביים טויטן וואַסער, די טויטע נאַכט, ביים גליוועדיקן טייך, אי דער קוואַל, אליהו הנביא, אי אין הויז אומשטערבלעכן; אַ חוץ אַנדערע מאָטיוון וואָס זײַנען סײַ פּראָבלעמאַטיש און סײַ ריין פּאָעטיש־קינסטלעריש.

אַלע יידן זײַנען אין דער היטלער־צייט געוואָרן מער יידישער אָבער מער ווי אַלע איז דער פּאָעט געוואָרן יידישדיק. יעדער פּאָעט פֿון אונדזער צייט ראַנגלט זיך אָן אַ שיעור צו פֿאַרקערפּערן, צו פֿאַרענטפֿערן, און צו פֿאַראייביקן דעם נאַציאָנאַלן צער און ווייטיק, דעם פֿאָלקס־בראָך. פֿון אַלע פֿאַרמעסטן וועלן געוויס קומען אייניקע צום העכסטן אויסדרוק אָבער ס׳וועט נאָך נעמען געגנוג לאַנג ביז ס׳וועט קומען צום לעצטן אויסדרוק.

מינקאָוו איז איינער פֿון די געציילטע ביי אונדז, וואָס האָט דערגרייכט אָט די הויך וואָס איז ראוי אָנגערופֿן צו ווערן — קינסטלערישער דערגרייך, קינסטלערישע שלימות.

זײַן ליד „ביים טויטן וואַסער" פֿירט אונדז דורך די פֿייערדיקע טויט־געראַנגלען פֿון מלחמה, נאָר אָן דעם מלחמה־געשריי און אָן איר באַרבאַרישע היסטעריע. די אַנטלאָפֿענע קומען צוריק אין אַ טויט־שווייגנדיקער ווינטער־נאַכט און זיי זעען ווי אַלץ איז אין אַ פֿאַרפֿרוירענער בילדלעכער טויטלעכקייט — אַ געמעל פֿון אַ מייסטער אַ מאָלער. אַ ווינטער־פּייזאַזש:

„ניט ווייט פֿון נוסבוים שטייט אָפֿן אַ טיר. די נאַכט איז
פּראָסטיק שוואַרץ.
ניט ווייט פֿון שוועל פֿרירט אַ שטראָם. ביים שטראָם
צוויי שאָטנס שטאַר.
אין הויז זײַנען אַלע טויט. די גאַנצע געגנט טויט.
דער נוסבוים — דערטרונקען אין נאַכט. דער שטראָם
איז טיף און רויט."

און עס וואַרפֿט אונדז אַריבער, די מחשבה, צום ביבלישן אייכנבוים וואָס איז געוואַקסן אין ממרא און לעם, אונטער זײַנע שאָטנס פֿלעגן זיך אָפּט טרעפֿן גאָט און אברהם. און מינקאָוו גיט איבער אַזוי געדאַנקען־בולט דעם חומשדיקן אַמאָל אין אַן איצטיקן מאָל, פֿון גאָט און אברהמס דינגעניש איבער סדום ועמורה; און דער מענטש און גאָט זײַנען איצט

ניט מער ווי צוויי שאָטנס פון געשטאַלטן וואָס טענהן אַ שטיל שווייגעניש פון אומגליק און חורבן:

„...בן אָדם רופט מיך צוריק.
...אין תהום ווען אַלץ איז דערשטיקט.
...זעט וואָס איר האָט דאָ צעטאָן?"

און דער מענטשישער שאָטן האָט אים צוריקגעשוויגן:

„...ניטאָ שוין מער קיין זינען.
...דערמאָן, דערמאָן, כ׳וועל נייער באַגינען."
ער האָט אַזוי געשוויגן: „בן־אדם רופט מיך צוריק."
האָב איך אָפּגעשוויגן: „אין תהום, ווען אַלץ איז דערשטיקט".
— — — — — — — — — — — — — —
ער שווייגט צו מיר ווידער שטיל: זעט, וואָס איר האָט דאָ צעטאָן?"
— — — — — — — — — — — — — —
איך האָב אים צוריקגעשוויגן: ניטאָ שוין מער קיין זינען".
האָט ער שטום געבעטן: דערמאָן. כ׳וועל נייער באַגינען."
(ביים ראַנד, ז. 17)

אין צוואַנציק שורות, ניט מער, רופט ער אַרויס די סקראָפולע איבער דער מלחמה־וויסטעניש וואָס אַ פּראָזעניק וואָלט אָנגעווענדט געננוג פּאַרשריבענע בלעטלעך כדי אונדז אַזוי העפּטיק צו באַשווערן מיטן געמיט.

אָט דאָס איז געשאַפן ווי אַ קופּערשטיך און אויך אַזוי שטעכט זיך עס אַריין אין אונדזער אויפפאַסונג. אין אונדזער נשמה; און ער זאָגט און זאָגט מאַלעריש:

„דער נוסבוים פּאַרטראָגן אין חלום: צוויי שאָטנס ביים בלוטיקן שטראָם.
ביים יבוק מיט שוויגן שטרייטן: גאָט און אַ בשר ודם."

און ווי אַ שניט אין לייב גיט זיין שורה אין לעצטן אויספּיר אַ זאָג און מעסערט אונדזער געביין מיט אַלע פּיינען:

„קיינער האָט דאָרט ניט געזיגט. איך בין בלויז אַראָפּ פון זינען."

אָט דאָס איז דער פּשוטער כוח פונעם מאָדערנעם ליד; און פון פולער מייסטערשאַפט.

ס׳וואָלט געווען דאָ אַ גוטער פאַרגלייך צו זאָגן, אַז גלאַטשטיין איז דער סימפאָנישער אָרקעסטער, לעיעלעס דער דיריגענט, און מינקאָוו — דער טשעלאָ־סאָליסט.

ווער האָט ניט באַזונגען די געשטאַלט אליהו הנביא? אַ מילדע, אַ פריידיקע און אַ בשורה־ברענגער — אליהו דער אַלטיטשקער, אַ גאָטס קינד. ביי מינקאָוון איז ער אַ פאַרצווייפלטער אַליין פון זיין צופיל וואַרטן אויף דער גאולה און ער ברעכט שוין צוזאַמען באַגלייך מיט אַלע:

„און אָט — אַ שליידער דעם זאַק
און אויסגעפלאַצט אין געוויין.
שפעטער — האַרט ביי דער וואַנט,
שפעטער — דעם קאָפּ אין די הענט.״

אין אַ פריערדיקער סטאַנזע האָט ער געמאָלן אַז מיר זיינען ניט מער ווי מתים. אפילו ביים יום־הדין זיצן מיר ווי מתים. ווייל דער אָרום, די גאַנצע וועלט איז טויט צו אונדזערע געשעענישן. דעריבער ווען ס׳האָט שוין „ענדלעך גענומען טאָגן״ האָבן אַלע אין פאַרוואונדערטקייט גענומען פרעגן „פון וואַנען? פאַרוואָס״? אַז סע האָט אַזוי לאַנג גע־דויערט די פיינען, און לאַנג האָט גענומען און „חצות איז געבליבן חצות.״

און כאָטש ער ענדיקט:

„אין דרויסן גייט־אויף אין וויטן
אַ מת אין כעלות השעה.״

נאָר ער האָט נאָך פריער טיף־טראַכנדיק געזען:

„ערגעץ־וואו גליט אַ טראָט,
אַ יש, אַ יש־מאין.״

און אַז דער יש איז פאַראַן איז — אַלץ פאַראַן. נאָר נישט מער דער ייד איז אויס־גלויביקער ייד געוואָרן. אַן אָפּגעשטאָרבענער, אַן אָפּטריניקער פון יידישער אַלקיומדיקייט. נאָר ניט דער פּאָעט. וועקט ער טאַקע איצט מיט זיין לעצטן מתיש־כוח און גאַראַנטירט אפילו סיי דעם ייד און סיי דעם מענטש בכלל:

„העלער טאָג, שוין שעהן ווי גאָטס פייערדיק געזיכט קוקט
אַלץ אַהער אַראָפּ.
אַן אָפּגעשטאָרבענעם איז מיר אַלץ איינס, צי ס׳איז גאָטס
חסד צי זיין צאָרן.

נאָר איינס איז זיכער: כביכול קוקט און זעט און — שווייגט.
און קיינער מאָנט מער גאָרניט פון אים; אפילו איך,
דער אומשולדיקסטער צווישן אַלע בכורן.״

נאָר זייענדיק אַזאַ בעל ביטחון ווי ער איז, און פאַרמאָגנדיק די געוואונטשענע וויזיע, צערייסן זיך ביי אים די וואָלקנס און אַ ליכטיקע קיומדיקע שיין באַווייזט זיך פאַר דעם דיכטער:

„אַ ריס פון שלאָף, און זע — מיין אייניקל, אַ זקנה, לייענט
שטיל די צאינה וראינה.״

דאָס ליד פון וואַנען דער פריערדיקער פערז איז ציטירט, רופט דער פּאָעט אָן „ענדלעך״... ס׳איז פון די געציילטע לידער וואָס פאַראייביקן די מלחמה־גרוילן פון דער מאוימדיקער היטלער־צייט און דאָס זיינען ניט קיין פאַרפיקסירטע כימערעס פון אַ וואַנזיניקן פּאָעטישן מאַרך נאָר פון אַן אינטים־דיכטערישן חזיון, וואָס ער אַנט דורך זיין פּאָעטישן אינטעלעקט פון ריינעם שכל — יידיש־ירושהדיקער שכל —

„ענדלעך שלאָף. עס וואַכן בלויז די שלייפן
קלאַפּן אויס דעם גזר. אָן חלום, אָן שום צווייפל.״

ווי אַנטפּלעקט ס׳איז אַלץ פאַרן דיכטער, פאַר אונדז, פאַר דער גאַנצער געהייליקטער כנסת ישראל וואָס זעט די אונטערשטע שורה מיטן סך־הכל פונעם פאָלקס־חורבן — אָן חלום, אָן שום צווייפל. און ווי ברוטאַל ס׳איז דער אכזריותדיקער ענדלעך צו אונדז אַלעמען, פונ־דעסטוועגן פאַרטויבט עס ניט דעם דיכטערס אויער און אויך ניט זיין בליק פאַרשטעלט עס ניט צו וועקנדיקן אַרום:

„אין דרויסן רעדט פאַרשטעלט דער רעגן מיט דער רינווע.
לבנה שטעלט־אויס פאַסטקעס, שפּינט און שפּינט מכלומרשט
שפּינוועבס.״

לייענט נאָך אַמאָל איבער די ציטירטע צוויי פערזן און זעט ווי קרעפטיק עס זיינען דאָ די עקספּרעסיאָניסטישע אימאַזשן. דעם גאַנצן אומקום נעמען זיי אַריין אין זיך ווי אַ מעטאַלענע ראַם פון קאַלטן זילבער, כאָטש דער פּאָעט איז אין אַזאַ קילקייט, שילדערן אָבער די פערזן דער וועלטס גלייכגילט צו אונדזער אומגליק און בראָך.
און אָט אין דעם אופן פון שילדערן ליגט דער גרויסער כוח פון

קינסטלערישער איינגעהאַלטנקייט, אָביעקטיווע קינסטלערישע פּראָ־פּאָרציע באַלאַנסירט די געפילן וואָס זיינען דווקא גרייט צום אויפ־פלאַצן אין אַ היסטעריש צעקראַכט־ווערן! אָבער שטאַרקער פון אַלץ איז די מייסטערשע האַנט וואָס פורעמט אויס די סימעטריע און פירט און דערפירט זיין ליד פונקט צום קוואַל פון אַלע קוואַלן — צום האַרץ:

„אין זעל האָט קיין שום שאָטן ניט געהאַט קיין שליטה.
איצט צאַפּלט דאָרט דאָס לעצטע פייערל אין לאַפּעס פון
געוויטער.״

ווי שוין פריער באַשטעטיקט:

דער פּאָעט איז ניט פאַרצווייפלט, ער איז ניט אין יאוש, הגם ער איז, אַ זאַנג אַ טרוקענע, צווישן יענעם העלישן פייערל, איז ער אָבער טיף איינגעקרעפּטיקט אין דער יידישער מסורה פונעם ערשטן ביבלישן אָנהייב און דאָס מאַכט אים צו זיין אַ באַוואָרנטער. ער איז באַפּאַנצערט מיט דעם ירושהדיקן אויסגעשמידטן ביטחון און ער גייט אַרום ווי אַ לעגענדאַרישער פייער־זייל און קוקט צום פינטעלע — צום אַלטן פינטעלע ייד:

„ווי ס׳באַפאַלן ווילדע זעאונגען, באַפאַלן שלאַנגען און היענעס,
אַ ריס פון שלאָף, און זע — מיין איינִיקל אַ זקנה, לייענט שטיל
די צאינה־וראינה.
גייט אום אַ האַנט, לאָזט צייכנס אויף באַשטימטע טירן.
נביאיש לויפט יחזקאל אום אין פייער, ברענט אויס איטלעכע
מסירה.״

און אָט אַזוי זוכט ער דעם קדמון פאַר אונדז אויס און קומט צו אַזש ביזן צווייטן פון די יידישע אבות:

„ניטאָ דער ווידער. אויך יצחק איז פאַרברענט. פאַרפרוירן
איז געבליבן שטיין די לעצטע פלאַמענצונג.״

זיין ליד „דער שטורעם״ גיט דאָס געפיל ווי מען שטייט קעגן שפּיגל און מען דערזעט אין אים ווי אונטער זיך שטייט אין אויפגע־הייבענעם האַלבן בייגל — דער קאָפּ פון אַ קאָברא. מ׳ווערט אומבאַ־וועגלעך פאַרשטאַרט. נאָר געדאַנקען פאַלן מעטעאָריש חידושדיק.

„האַרבסט״ איז אַ ליד פון זעכצן שורות און עס גיט איבער כמעט ביאָגראַפישן אויפגעשווידערטן מאָמענט וואָס דער דיכטער, לייענענדיק

ציטונגען און זשורנאַלן, לעבט דורך. ער צערייסט די צייטונגען און די זשורנאַלן, נאָר עמיצער מאַכט אויף די ראַדיאָ און באַכס מוזיק גיט אַ שטראָם, און אַ נשמהדיקער פּלייץ אויף אים, און ער ווערט פון דער מתיקותדיקער נגינה אַזש פאַרשטאָרבן. צווישן אַזוי פיל רישעות און אומגלויבלעכע טויטן פליסט זיך אַזוי זעליק די געטלעכע מוזיק, גלייך ווי דער אחרית הימים וואָלט שוין מקוים געוואָרן און ישעיהס גייסט הערשט איבער אַלץ... און אַ פאַרחלשטער רעגיסטרירט זיך ביי אים:

„איך האָב דאַן קלאָר דערהערט, גאָט קלאַפּט ביי מיר אין אָדער.
און זוכט אַ וועג, און קלאַפּט און וועקט מיך, אַ פאַרצווייפלטער און וועקט,
און הבלס קולות האָבן זיך אין מיר געוואָרפן, געשריען און געזאָדן.
און גאָט האָט אַלץ געקלאַפּט, געקלאַפּט — און האָט זיך מער שוין ניט אַנטפּלעקט.“

דאָס איז פּאָעטישע סטאַקאַטאָ לויט איר טעמפּאָ. דאָס איז אַ סקולפּ־טור אויסגעהאַקט פון גראַניט לויט דעם קלאַפּ פונעם ריטם. עס לייענט זיך, אין דער הויך, ווי מען וואָלט הערן דעם שווערן האַק פון אַ סקולפּטאָרס דלאָט. און פון הינטער אָט דעם אַלעמען יאָוועט זיך אַרויס דער גייסט פון וואָרט, די מוזיק פון פערז, דער אָטעם פון פּאָעזיע. און די גאַנצע געמיט אויפגעטרייסלטקייט, איז איבערגעגעבן בלויז אין זעכצן שורות. און אין אָט דעם סטיל זיינען ביי אים אויך די איבעריקע לידער; זיי זיינען מיניאַטור־ביכער פאַר זיך גופא; דאָס קלענסטע ליד זיינס באַשטייט פון אַכט שורות און די לענגסטע פּאָעמע וואָס באַ־שטייט פון פיר און פערציק ווי „ביים גליווערדיקן טייך“ אָדער „הערנדיק בעטהאָווענס פאַר עליז“, זיינען גרויסע ווערק. יעדעס מיט אַ פּאָטענ־ציעלן קערן פאַר אַ באַזונדער בוך.

יעדער קינסטלער פאַרמאָגט אַ הויפּטווערק, אַ דערגרייכונג. נ. ב. מינקאָווס דערגרייכווערק, איז בלי ספק זיין בוך „ביים ראַנד“. זעט ווי ער גיט אַ שוידערדיק בילד פון אַ תליה. מיר זעען אַלץ ווי ס׳וואָלט געוועזן אַ געמעל אין אוילפאַרב קאָלירן. דאָס גאַנצע ליד פאַרמאָגט ניט מער ווי אַכט שורות און אין זיי זיינען פאַרקערפּערט אי לעבן און אי טויט: דער גילדערנער וועווריק שפּרינגט אַרום, דעם שטומען וואַנזין פונעם וואַלד הערט מען, און מ׳זעט ווי עס באָמבלט זיך אַ טיפער זקן אויף דער תליה.

אַן אָנרעגנדיק ליד, פול מיט קינסטלערישן שטייגער, איז דאָס ליד „צו אַ יידישער דיכטערין פון פוילן״; ס׳איז פול מיט זון־פּאַר־גייענדיקע אָוונט־שטימונגען, מיט ליכט און שאָטנס וואָס ציען אויס די אָביעקטן און פאַרענדערן דעם אַרום:

„דאָס שטאַרבנדיקע פייער־שפּיל פון האָדסאָן־טייך גייט אויס.״

די פּאָעמע איז פול מיט אַזוינע ענלעכע פערזן און נאָכמער מיט פאַרבענקטע, ווי די לעצטע שטראַלן וואָס שפּרינגען אַרום אין דעמער פון איין צווייג אויפן צווייטן, פון איין בלעטל אויף אַן אַנדערן. אָט אַזוי שפּרינגען אַרום די שטימונגען און בילדער ווען מען לייענט די פערזן; ווייטיקדיק שווימען אַרויס רמזים וואָס פאַרבינדן עפּיזאָדן אין דער אַמעריקאַנער געשיכטע. עס גייען דורך: קאָסציושקאָ; מיצקעוויטש; עס גייען פיגור נאָך פיגור. עס גייט און גייט דער יידישער האָדסאָן אינעם דיכטערס צעפּלוישט געמיט, זיין יידיש געמיט:

„אין מיר גרוילט פּשיטיק, בריסק, פון שריפות העלישע דער ציש.
עס טיפּט די נאַכט. און ס׳וואַראַזשען גרילן בשורות חרובע
אין ימען שוואַרצן אַש.״

און דער ייד אינעם דיכטער מעדיטירט, און עס זעט זיך דאָס געזיכט פון אַ צעקרענקטן מאַלער וואָס וויל אַריינכאַפּן דעם זונס צע־ברעקלטע דעמער־שטראַלן אין זיין בילד אַריין; מאָלט ער האַסטיק שאַרף, ער וויל גאָרניט פאַרלירן פון דער שנעל־אָפּגייענדיקער זון און ער מאָלט אויסצוגן פון איר ווי מען ציטירט אַ ליד...

עס הערט זיך דאָס קול פונעם דיכטער, עס זעען זיך פון די גע־שטאַלטן די געזיכטער און מיר פאַלן מיט די אויגן אויפן פּנים פון ליד, אויפן האַרץ און מוח פון דעם צעשפּילטן ייד און מיר דערפילן וואָס דער דיכטער טוט און וואָס ער וויל אַז מיר זאָלן וויסן און זעען. ער נעמט אַרויס אַ באַשריבן זייטל פּאַפּיר און ער לייענט אַראָפּ דערפון:

„אין צאַנקענדיקער שטים מיר שטום אַ שטעל פון אייער בריוו געבראַכט.״

און ער פליסטערט אין דער שפּראַך פון דבורה פאָגל: און אפשר איז דאָס גאָר די שפּראַך פון אַלע פּאָעטן:

„כ׳וועל אורשפּרינגלעך רעאַל אין אייער אויפגעוויקלטן מאָנטאַזש.״

און פונקט ווי דער לעצטער זון־שטראַל פאַרלאָזט דעם האָדסאָן־טייך געשווינד אָט פונקט אַזוי פאַרענדיקט זיך דאָס ליד מיט אַ פאַרמאַך:

„און טירן שווינדן, שווינדן־אָפּ. און בלויז געציילטע ווערן ניט
אין טאָג פאַרפאַלן.“

אין יעדער ליד האָט מינקאָוו דיכטערישע שטימונג וואָס ער טוט זייער מייסטערדיק באַהערשן מיט זיין מוזיקאַלישקייט און אַדעקוואַט אַריינגעקרעמפּעוועט וואָרט וואָס איז ווי אָנגעמאָסטן פאַר איר. אָט למשל גיט אונדז זיין ליד „צלם אלוקים“ די שטימונג פון אונדזער אורטימלעכקייט צוזאַמען מיטן יידישן אַרט דענקען און חלומען פונעם צלם אלוקים; שטאָלצירן און זיך יחוסן מיט אים; נאָר אַלץ איז ווי אין אַ טיפן ברונעם אַריינגעפאַלן און פאַרהוילן געוואָרן:

„און אין חשכות טוט דעם שטנס רעגנבויגן טרויערן
וואָס מיר טראָגן נאָך דעם צלם אלוקים.“

דאָס ליד, ווי זיינע מערסטע לידער אין זיין בוך „ביים ראַנד“, איז געשריבן אין דער סטאָקאַטאָ און טאַקע אין אָט דעם באַווייזט זיך מינקאָווס אייגנאַרטיקער סטיל. ער איז בכלל זייער מוזיקאַליש. ער האָט אַ ליד „אין הויז אומשטערבלעכן“ ווען ניט דער סטאָקאַטאָ־ריטם, וואָלט עס לויט דער איבערחזרונג פון די אַליטעראַציעס זייער גרינג געקענט צוגעשריבן ווערן צו מאַני לייבן:

„לאַנגע נעכט. ווייסע שטערן שלאָפן אויף די שוועלן.
אַלטע שאָטנס שלאָפן. ס׳שלאָפט די גאַנצע וועלט.“

ווייטער:

„פון צייט צו צייט גייט עמיץ אום.
מען זעט אים ניט. און גייט דאָ אום.“

ביז עס ווערט גאָלע מאַני לייב נאָך ווייטער:

„גייט אום. פאַרלעשט, פאַרלעשט די שטומע ליכט.“

און צום סוף דערגרייכט עס דעם ריטם פון מאַני לייבס שטילער, שטילער:

„און שטערן, שטערן שלאָפן אויף די שוועלן.“

בכלל האָט מינקאָוו אַ סך דעמער, אַ סך דין־פאַרנאַכטיקס ווי מאַני

ליב. נאָר ס׳איז נאַטירלעך אַז ער זאָל עס פּאַראַידייעווען אַזוי. אַז עס גיט די אימפּרעסיע ווי דער בין־השמשות פאַלט אַראָפּ ווי קאַסקאַדן פון דער וויטנס. ס׳איז אַ נייע, גאָר נייע ליריק. די ליריק פונעם פּאָעטישן אינטעלעקט.

צום גאַנצן בוך דאַרף מען זיך צוהערן זייער אויפמערקזאַם, אָט ווי מען הערט זיך צו צו אַ טשעלאָ־סאָליסט אָדער צו זאָגן תורה פון אַ בריסקער רב... און גאָר ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט דאַרף מען שענקען די צוויי גרעסערע פּאָעמעס; מען מוז זיך טאַקע גוט אַריינ־טראַכטן אין זייער ספּיריטועלקייט. „הערנדיק בעטהאָווענס פאַר עליז" און „ביים גליוועדיקן טייך", וואָס איז אגב די לעצטע פּאָעמע און שליסט דאָס בוך; זי דערמאָנט באַלד ביים אָנהייב, סיי אינעם ריטם און אין איר תוך, די תּפילה על נהרות בבל. שוין די ערשטע צוויי פערזן קומען און ברענגען מיט זיך אָט יענע אומעטיקע גייסטיקייט:

„ביים גליוועדיקן טייך איז דאָס געווען.
ביי דעם פאַרשטומטן וואַלד איז דאָס געווען."

דער קערן פון אָט דער פּאָעמע ליגט אין דער פּאָעטישער מעטאַ־פיזיק, נאָר אַז מען גראָבט זיך טיף אַריין אין איר מאַכן זיך אויף, בשתיקה, קליינע פענצטערלעך און געהיימע פּאָרטעטשקעס און מיר זעען ווי גרויסע ניסים אַנטפּלעקן זיך אין זייער פייערלעכע ממשותדי־קייט — דער גאַנצער באַגאַזש, דער יידישער, פון וויזיאָנערישקייט, גאולה, חצות־געוויין, גלות השכינה־קלאָגעניש, און נאָך און נאָך; גזירות און קבלה, פּילפּול אַרום קץ, מכוח תחית המתים, אַרום דעם מענטשנס בחירה, מכוח עולם הבא און די פּראָבלעמען אַרום אונדזער שיקזאַל־גאַליק אָנגעצייכנטן לעבנס־גורל; און טאַקע ווידעראַמאָל און דער עיקר פון אַלע עיקרים — די השגחה־פּרטית און שכר־ועונש.

אָט דאָס אַלץ ווערט טראַכטנדיק און קלערנדיק געפרעגט הינטער די שאָטנס פון אַ בלינדן פייערדיקן שרף וואָס איז מיט זעקס פליגלען. די פּאָעמע דאַרף מען לייענען און נאָך אַמאָל לייענען. הן צוליב איר ימיקער טיפקייט און הן צוליב אירע קערנדיקע טראַדיציאָנעלע געדאַנקען־גענג וואָס הויערן, און הן צוליב איר הויכער פּאָעטישער קוואַליטעט. איך האַלט אַז מינקאָוו האָט דאָ קאָאָרדינירט דעם העכסטן אויסדרוק פון באַנעמען די יידישע אויפפאַסונג פון די צוויי באַגריפן: ערדישקייט און מלכות־השמים — קאָסמישער גייסט, קאָסמישער שכל.

ער האָט גענומען דעם גרעסטן איוב־פרעג און אים געמאַכט פאַר

אַ פֿאָלקס־פֿרעג; אים געגעבן די בולטסטע פֿאָלקס־כאַראַקטעריסטיק און אים צוגעשריבן צום יידישן פֿאָלקס־דענקען. ער גיט צו די שטאַרקסטע ליניע, אַז מיר זיינען ניט נאָר אייביקע גאָט־זוכער, נאָר אויך אייביקע — גאָט־פֿרעגער. מיר שטופּן אים צו צו דער וואַנט פֿונעם זיבעטן הימל און — באַץ! נישטאָ וואו ער זאָל זיך פֿון אונדזערע צערייצטע געדאַנקען־לאַפּעס אַרויסדרייען צי נאָך ערגעץ אַוועקוויטערן פֿון אונדז! אָבער נאָך די אַלע געשיקטע איינגעשאַפּטן אונדזערע, בלייבן מיר פֿאָרט זיצן ביים ראַנד פֿונעם אומבאַשטימטן און עניגמאַטישן אַם־הדרך:

„ביים גליווערדיקן טייך —
ביים אור־אור־אַלטן וואַלד —
אין מיט פֿון שטחים חורבות —
אין מיט פֿון טויטער וועלט —"

זיצן מיר מיט אונדזער ברענענדיקן טראַכטן און קלערן פֿון אונדזער גורלדיקער אַלייניקייט וואָס איז ענלעך צו דער אַלייניקייט בלויז, פֿון גאָט — אחד!

און איצט צו דער פּאָעמע „הערנדיק בעטהאָווענס פֿאַר עליז." דאָ איז מינקאָוו ווידעראַמאָל דערגאַנגען צו דער מיסטישער וואַנט. יעדער פּאָעט, יעדער קינסטלער, יעדער דענקעוודיקער מענטש קומט צו צו איר אין געוויסע מאָמענטן פֿון לעבן. עדגאַר אַלען פּאָו איז צו איר צוגעקומען, און אפילו דער בעל־שם־טובדיקער וואָלט וויטמאַן איז צו איר צוגעקומען ביים סוף פֿון זיין פֿאַרענדיקטן קרייז. אַוודאי איז ער צו איר צוגעקומען ניט דורך עצבות, נאָר בתוך ספּיריטועלער חדוה, און פּאָעטישער דערקענטעניש, איז וויטמאַן צו איר צוגעקומען. מען דאַרף לייענען זיינע לידער „מורמלענישן פֿון הימלישן טויט" און די באַשטעטיקטקייט איז דאָ. הערט ווי מינקאָוו, דערגרייכנדיק די זעלבע פּאָעטישע ספּערן, באַשטעטיקט עס:

„מיר דוכט איך בין בלויז האַלב וועג דורכגעגאַנגען.
איז מעגלעך, אַז איך לעב מיין גאַנצן לעבן אויפֿן זעלבן וועג?
מיר דוכט, איך האָב שוין דאָ געחלומט ווען.
געווען די ערד, דער זאָמען, פֿליסטער פֿון די גאָלדענע זאַנגען.
איז מעגלעך, אַז צו ווידער־אויפֿלעבונג איז גאָר ניטאָ קיין
ברעג?"

און ער, דער פּאָעטישער אינטעלעקט, וואָס שרייבט לידער נאָר פֿונעם ריינעם שכל, גיט אַ שפּרודל אַרויס זיין האַרצנס קוואַל:

„יאָ, יאָ, ס׳איז מעגלעך אַלץ, ווי ס׳זיינען מעגלעך מיינע טרערן,
וואָס קיינער זעט ניט, ווי עס שלינגט מיין ענגער־ווערנדיקער
האַלדז.״

**און ער ווידערהאָלט: ס׳איז מעגלעך, מעגלעך. און ער פרעגט אויף זיין אופן:**

„און ווען? פון וועלכן דור? אין וועלכן בלי איז דאָס געוועזן אַלץ?

**אָבער אַנשטאָט אַן ענטפער באַווייזט זיך אַ פּראָצעסיע:**

„די לעבנס שטראָמען־אויף אין נאַכט־וואַנדל, ווי אַלע טייערע
אבדות.״

**נאָר איינע דערקענט ער:**

„און דאָס ביסטו, עליז, דו קיינמאָל ווירקלעכע און ניט פאַר־
ווירקלעכסטע עליז.

און כ׳לעב דאָרט לעבנס... אָ עליז, ווען שטאַרב איך, ווען?
די אַלטע כליפּענדיקע פּיאַנע ווײנט מעטאַדיש אויס
דיין קינדערשע, דיין קיינמאָל ניט געוועזענע געשטאַלט.
און דו אַליין, אין טענער, לאַנגזאַם שאַפסט און קרויזסט און קרויזסט
דיין אייגן לעבן, זיך אַליין, דיין זעל, דיין דינסטן פּאַלד.

און מאָדנע. בלויז איין לעבן, בלויז איין רגע דאָ געווען.״

**און ער פאַרענדיקט מיט אַ רעפריין וואָס לויפט אין אַ קרייז ווי דעם לעבנס ספער, אין אַ קאַראָהאָד לויפט זי. די ערשטע סטאַנזע איז אויך די לעצטע און דער לייט־מאָטיוו קייקלט זיך אַריין ווי עס קייקלט זיך אַריין אין אָרקעסטער די פּיקאָלאָ מיט איר באַשטעטיקטן אונטערשריפט־טאָן:**

„יאָ, יאָ, ס׳איז מעגלעך אַלץ, ווי ס׳זיינען מעגלעך מיינע טרערן.״

**מינקאָוו, דער דיכטער פון לעצטע סך־הכלען, וואָס קלערט מער ווי ער זינגט און וויינט איבער יידישן חורבן, איז זייער יידישדיק אויפגע־טרייסלט פונעם גאַנצן אומקום וואָס ציט זיך ווי אומענדלעכע יסורים־פּראָצעסיעס. אַלע פּאָעטן לעבן אים איבער אין געמיט ווי יידן, און נאָך אַמאָל ווי פּאָעטן — ביים שאַפן זיך אַ בילד פון זיין פייערדיקער פּרעס־רעאַליטעט. יעדערער טראָגט־צו זיין קינסטלערישן צוגאָב אויף זיין ספּעציפישן אופן און פּאָטענציעלער מעגלעכקייט; גלאַטשטיין, לייוויק,**

לעיעלעס, ראַוויטש, גרינבערג, קאַדיע, מנחם, פעפער, א. צייטלין — יעדערער נאָך זיין כוח נאָך, נאָך זיין פאַנטאַזיע נאָך; נאָר מינקאָוו דער־פירט אים ביז צו אַ באַזונדערער, אינדיווידועלער באַזונדערקייט וואָס איז כולל, אין אַ געוויסן פרט, אלעמענס אופנים און דרכים; ווייל ער איז ביי אים „ביים ראַנד" ביז דער העכסטער הויך פאַרטיפט און קינסט־לעריש געלייטערט. ער איז אין לויטערקייט מקדש דעם טייוולישן חורבן. ער איז ביי אים דערבראַכט געוואָרן צו אָט דעם־אָ איינגעהאַלטענעם פונקט פון פּאָעטישער שאַפונג, אַז עס הויכט פון אים ריטואַלע פּאָרכ־טיקייט ווי יום כפור ביי דער הויכער שמונה־עשרה, ווי אין די מינוטן פאַר נעילה...

ביי אַנדערע פּאָעטן איז ער באַוועגלעך און רוישיק ווי דער ים און אָט אַזוי וועט ער שוין ביי זיי פאַרבלייבן — אַ ימיקע צעטרייסלטקייט.

ווי גלאַטשטיין, ווי לעיעלעס, איז ער אַ בעל בטחון און אַ בעל תכלית בנוגע אונדזער יידיש לשון, — דער שעפער, מעג ער בלייבן איינציק און אַליין און אומפאַרשטאַנען אפילו (ווי מינקאָוו טוט זיך אַזוי קלאָר אויסדריקן אין זיין פאַרענטפערן זיך אין זיין ליד „אַן ענטפער") איז ווי ער רירט זיך נאָר צו מיט זיין פען, דערפילט ער אַז ער דאַרף מיט די בעסטע שפּראַך־קערנער פאַרזייען זיין שאַפונג. ער דערשפּירט די יצירה און ער באַהעפט זיך אין איר: און נאָר אַזוי אַרום, קומט ער צו דער איבערצייגונג פון איובס לעצטער דערקענטעניש:

„און גאָט אין פּאָספּאָר־ליכט,
ווייזט זיך אומגעריכט
און זייט צעבליטע פייער־קערנער
און לאַנגזאַם בלייבט די טויטע נאַכט.
און גאָט, גאָט זייט און זייט און זייט."

און איצט נאָכאַמאָל צום סאַמע אָנהייב:

זאָל זיין וואָרטיק! ליכטיק וועט שוין ממילא ווערן. דער עיקר — ווען מיר זיינען זיך מעין אין מינקאָווס אַ ליד, צי לעיעלעס, צי גלאַט־שטיינס צי מלך ראַוויטשעס, דאַרף פאַרשווינדן דער באַגריף — לייענען. מיר דאַרפן ווערן אויס לייענער און ווערן — לערנער!

נאָר מעסטן זאָל מען מעסטן מינקאָווס שאַפן מיט דער אייביקער ליכטיקער צעשטראַלטקייט פון אונדזער גייסטיקן וואָרט — יהי אור! וואָס טראָגט אויף זיך די פּאָעטישע קוואַליעס פון בראשית אָן צו אונדז, און פון אונדז — אַד אינפיניטום.

י. ראַפּאַפּאָרט

# ממעקים...

(נ. ב. מינקאָוו — „ביים ראַנד״, פאַרלאַג „באָדן״, ניו־יאָרק, 1945)

**די געדיכטן פון דאָזיקן זאַמלבוך זיפּצט מינקאָוו אויס שטייענדיק ביים ראַנד פון אונדזער געמיינזאַמען יידישן אָפּגרונט. אָפּטמאָל דאַכט זיך אפילו, אַז עס וואָלט פּאַסיקער געווען אַ נאָמען צו געבן די דאָזיקע זאַמלונג „אין תהום״ אָדער „ממעקים״ — פון טיפסטן אָפּגרונט אַרויס.**

**די גאַנצע יידישע ליטעראַטור איז איצט אַ ליטעראַטור ממעקים, מיר האָבן נישט און מיר קאָנען נישט און מיר טאָרן נישט האָבן איצט קיין אַנדער ליטעראַטור, ווי אַ חורבן־און קינות־ליטעראַטור. אפילו בויען מוזן מיר אין אבלים־קליידער. עס זיינען אָבער דאָ צוויי אַרטן קינות: דירעקטע און אומדירעקטע. איין מין שרייבער באַווייננט על־פּי־רוב דירעקט דעם חורבן־האומה (למשל טקאַטש אין זיין לעצטער לידער־זאַמלונג „בלוט שרייט פון דער ערד״). דער צווייטער מין באַוויינט אים על־פּי־רוב אומדירעקט (ווי מינקאָוו אין זיין לידער־זאַמלונג „ביים ראַנד״). מינקאָוו ווערט דורכגעדרונגען ביז צו דער לעצטער טיפעניש פון זיין געמיט מיטן געשעענעם און אין זיינע לידער שפּירן מיר דעם גאַנצן שווערמוט און דעם גאַנצן טרויער פון אונדזער תהום, הגם על־פּי־רוב רופט ער דירעקט נישט אָן די סיבה פון זיין טרויער. מיר האָבן דאָ נישט די דירעקטע געשעעניש, נישט דעם דירעקטן געשריי, נאָר זייערע טראַנספאָרמירטע שאָטנס אויפן ריזיקן האָריזאָנט פון דיכטערישער איבערלעבונג און דיכטערישן אויסדרוק. איןביידע לידער־זאַמלונגען איז דאָ אליהו הנביא, אָבער ווי פאַרשיידן ער איז אין ביידע! ביי טקאַטשן הערן מיר רירנדיקע דירעקטע ווערטער צו אליהו הנביא:**

„טרינק נישט אליהו היי־יאָר
אונדזער וויין אין פולן כוס,
נישט קיין וויין, נאָר פליסיק פייער,
סם פאַרצערנדיקער איז דאָס.״

---

„אויפן שוועל״, ניו־יאָרק, פעברואַר־מערץ, 1948.

אָבער ביי מינקאָוון גיט זיך אַ וואָרף געשפּענסטיש אַ ריזיקער שאָטן — געשפּענסטיש ווי אונדזער גאַנץ לעבן:

„ער איז אַריין אַ ווילדער,
און שטאַרק געוואָרט אויף ווענען.
. . . . . . . . . . . . . . . .
און אָט — אַ שליידער דעם זאַק,
און אויסגעפּלאַצט אין געוויין
שפּעטער — האָרט ביי די ווענט,
שפּעטער — דעם קאָפּ אין די הענט.“

מען זאָגט איך נישט דירעקט פאַרוואָס, אָבער איר פילט דעם וואַנזין וואָס כאַפּט אַרום אליהו הנביאן און איר ווייסט אַליין פאַרוואָס. „אליהו הנביא“ געהערט ניט לויט מיין געפיל צום בעסטן אין דער דאָזיקער זאַמלונג, אָבער דאָס ליד איז טיפּיש לויטן מעטאָד און מיט דער געפיל־אָנגעלאָדנקייט, וואָס צעלויפט זיך איבערן חוט־השדרה מיט שטעכעלקעס אפילו פון די נישט בעסערע לידער.

ווען איך קום (צום וויפלטן מאָל? „ביים ראַנד“ ציט צום לייענען נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל) צו די פאָלגנדיקע שורות פון מינקאָווס „אומפאַרשטענדלעך“:

„...הויך אין חשכות בליט
אַ וואָלקנדיק־צעשוימטע האַנט,
און צינדט אָן — בראשיתדיק — אַ שטערן,
וואָס ציטערט, וואַקסט, און בליצט פון ראַנד צו ראַנד.“

דאַכט זיך מיר תמיד, אַז צו די דאָזיקע שטערן געהערן די שטימונגען, אויפגעוועקט אין אונדז דורך מינקאָווס פּאָעזיע. ער גיסט זיי אַצינד אָן אין אונדזער געמיט־חשכות, און זיי ציטערן, וואַקסן און בליצן אפילו דאַן, ווען דאָס ליד איז נישט אינגאַנצן פריי פון פאַרוואָלקנטקייט, פון פאַרנעפּלטקייט. אפילו ווען עס איז נישטאָ די לעצטע קלאָרקייט פון דיכטונג, איז דער נעפּל אויך גענוג דורכזיכטיק, ווי אַ לייכטער שלייער. איך זאָל דאָ וועלן עקספּלואַטירן מינקאָוון, אויסצודריקן מיין געדאַנק, וואָלט איך ציטירט זיינע צוויי שורות:

„די זעאונגען, די רעגנס רירן זיך ניט. אַלץ פאַרגליווערט.
גאָר ערגעץ וואו פאַרהוילן, טיף פאַרהוילן וויינט און וויינט
דאָס האַרץ.“

אַט דאָס איז עס: אַ סך זעאונגען זיינען פּאַרגליווערט, רירן זיך נישט און רירן אונדז נישט. אָבער אין יעדער שורה ערגעץ וואו פּאַר־הוילן, וויינט און וויינט דאָס האַרץ, דעם דיכטערס און אונדזערס. און דאָס האַרץ וואָס וויינט און מיט וועלכן מיר וויינען מיט — איז אַ גרויס האַרץ, אַ גרויס דיכטעריש האַרץ.

און דעריבער באַרואיקן נישט על־פּי־רוב מינקאָווס לידער „ביים ראַנד", ווי דאָס טוט שלימותדיק אויסגעלייטערטע דיכטונג, שלימות־דיק אויסגעשטאַנענע דיכטונג. די לידער פון „ביים ראַנד" ציען זיך כסדר, און כסדר טאַקע דערפאַר ווייל אין זייער אָפּטן טונקל — פּילן מיר — באַהאַלט זיך אויס אַ זין, אַ דיכטערישע טרייסט, וואָס ראַנגלט זיך נאָך פאַר פאַרקערפּערונג, אויסלייזונג.

***

וואָס איז דיכטונג? אויב אונדזער חומש זאָגט „כי האדם הוא הנפש", אַז די נשמה איז דאָס בלוט, איז דיכטונג דאָס בלוט פון דער וועלט, איר נשמה, איר לעבן, איר זין. דיכטונג גיט זין אפילו דעם זינלאָזן.

קען מען דען געבן אַ זין דעם קאָסמישן אומזין פון דער יידן־פאַר־ניכטונג 1940־1945? מיטן שכל נישט. מיט דיכטונג — יע. ווען איוב שרייט זיך אויס מיט זיינע געוואַלדיקע דיכטערישע געשרייען, דאַכט זיך אים, אַז ער האָט זיך אויסגעטענהט מיט זיין גאָט און שלום געמאַכט מיט זיין גורל. אינעם דאָזיקן געבן אַ זין דעם זינלאָזן ליגט איינע פון די גרעסטע מיסטעריעס פון דיכטונג. ווען אַ מיידל זינגט אויס איר אָפּגעאַרערישע ליבע, ווערט איר לייכטער אויפן האַרצן, הגם דאָס געזאַנג גיט איר נישט צוריק דעם געליבטן. און ווען מיר דיכטן אויס, צוזאַמען מיט מינקאָוון, דאָס געדיכט „ביים טויטן וואַסער", גיט אויף אונדז אַ ווייע מיט עכטסטער מיסטעריע פון דיכטונג. דאָס דאָזיקע ליד איז אַ געוואַלדיקע וויזיע. דאָס איז אַ גראַנדיעזער קאַמף צווישן אומזין און זינגעבונג.

האָט ער שטום געבעטן. ׳דערמאָן. כ׳ווער נייער באַגינען.׳
„איך האָב אים צוריקגעשוויגן: ׳ניטאָ שוין מער קיין זינען.׳

— ׳ס׳מאַכט ניט. ניטאָ ווער זאָל דאַרפן. די וועלט איז בלינד ווי דו.׳
האָט ער געענטפערט אַ שווייגן: ׳ניט איך, בלינד ביסטו.׳

דער נוסבוים פאַרטראָגן אין חלום: צווי שאָטנס ביים בלוטיקן שטראָם.
ביים יבוק מיט שוויגן שטרייטן: גאָט און אַ בשר ודם.„

מעג מינקאָוו טויזנט מאָל זאָגן „נישטאָ שוין מער קיין זינען," וועבט זיך דאָס דאָך אויס אינעם פּראָצעס פון דיכטן (ווייל דיכטונג איז זינגעבונג) אַ שטימונג־זין, אַ האָפענונג אויף זין, ווי זינלאָז דאָס זאָל דעם שכל נישט פאָרקומען.

אמת, דאָס ליד איז צופיל מיט דעם, וואָס איז פאַר מיר קאָנווענציאָנעלע סימבאָליק, ד. ה. טויטע סימבאָליק. אָבער דאָס לעבעדיק־דיכטערישע, און טאַקע דאָס גרויס־דיכטערישע, וועגט אַריבער דאָס קאָנווענציאָנעל־טויטע. דאָ האָט אַ דיכטער אַ שעפּ געטאָן פון דער טיפסטער טיף פון דיכטונג אין פאַרלאַנג צו געבן אַ זין דעם זינלאָזסטן, אין פאַרלאַנג לעבעדיק צו מאַכן דעם נאַציאָנאַלן אוצר פון סימבאָלן.

„ביים יבוק מיט שוויגן שטרייטן: גאָט און בשר ודם" איז נישט קיין צופעליקע בילדלעך־סימבאָלישע שורה. אַראָפּנידערנדיק אין תהום פון גרעסטן נאַציאָנאַלן אומגליק, אינעם תהום פון גרעסטן נאַציאָנאַלן אומזין, גיט דער דיכטער אינסטינקטיוו אַ כאַפּ־אָן די צווייטע וואָג־שאָל פונעם טיפסטן זאַפּאַס פון נאַציאָנאַלע סימבאָלן, פונעם טיפסטן זאַפּאַס פון נאַציאָנאַלער זינפולקייט, כדי איינצוהאַלטן די גלייכגעוויכט, די פּערזענלעך־נאַציאָנאַלע גלייכגעוויכט און אַזוי־אַרום זיך אַרויסצוהייבן פונעם תהום.

סאַראַ טיפע נאַציאָנאַלע קאָנוואולסיע דאָס איז, באַווייזן נישט נאָר מינקאָווס לידער: מיר געפינען די דאָזיקע נאַציאָנאַלע סימבאָליק ביי סוצקעווערן (אין זיין ליד „ערב פרילינג", וואו דאָס קינד פאַרלאָזן געראַטעוועט דורך דער מוטער אויף אַ קריע אין ווילנער ווילִיע, זעט דעם דיכטער אויס צו זיין אַ המשך פון משהס רעטונג אויפן נילוס), ביי גלאַטשטיינען און מסתמא ביי אַ סך אַנדערע, וועמעס לידער עס זיינען נאָך צו מיר נישט דערגאַנגען. ביי מינקאָוון שפּילט די דאָזיקע נאַציאָנאַלע סימבאָליק אַ גרויסע ראָלע. און די דאָזיקע עלעמענטן זיינען די ווערטפולסטע אינעם בוך.

***

אינעם ליד „אַן ענטפער" זאָגט מינקאָוו:

„דו שרייבסט, אַז קלאָרקייט איז דער עיקר.
מיט ליבשאַפט. דאָך דיין ניט דערזאָגטער פאָרוואורף איז צו
מיר געווענדט.
ווי וואָלסטו געזאָגט: עס חושכן אין דיינע לידער אומפאַר־
שטענדלעכקייטן שטיקער.“

דער דאָזיקער פאָרוואורף איז נישט אינגאַנצן אומגערעכט, אָבער אין דעם בוך מינקאָווס זיינען אַזוי פיל אומקלאָרקייטן — קלאָר, אַז די אומקלאָרע אומקלאָרקייטן שפּילן שוין נישט קיין וויכטיקע ראָלע. אַ גרויסע ראָלע שפּילן אין דעם דאָזיקן בוך די וואונדערבאַרע קלאָרע אומקלאָרקייטן, וואָס זייער כלומרשטע אומקלאָרקייט נעמט זיך פון דעם, וואָס זיי באַרירן די דינסטע און טיפסטע זאַכן, וואָס לאָזן זיך נישט אָנטאַפּן, אָבער מען קאָן זיי איבערלעבן אין אַ דיכטערישער וויזיע, וואָס ווען מען פּלאַפּלט זי אפילו נאָר אַרויס, איז זי אויך הייליק, הגם נישט יעדער קאָן דערפילן די וואונדערלעכע מוזיק פונעם זין, פונעם גרויסן זין, וועלכן דער דיכטער דערשפּירט און ער מיט זיך (און מיט דערפאָלג), אַז אויך מיר זאָלן אים דערשפּירן.

„... יעטווידע מדרגה (האָט) איר באַזונדערע קלאָרקייט“, ענט־פערט מינקאָוו מיט רעכט אויפן „נישט דערזאָגטן פאָרוואורף...“ „מיט ווייטסטער זיניקייט קומט מיר אויס דעם אומזין צו דערגרייכן“, זאָגט מינקאָוו ווידער מיט רעכט. „מיין יעדע נאַכט איז אַנגסטן גע־מינטערט פון אַ ווייטן דורות־שטראָם.“

אָט אין די דאָזיקע דריי פּאַראַיינצלטע שורות ליגט דער ענטפער אויפן פאָרוואורף אין אומקלאָרקייט לכל הפחות פאַרן בוך „ביים ראַנד“.

דאָס דאָזיקע בוך געפינט זיך אויף אַזאַ מדרגה, אַז עס פאַרמאָגט אַן אייגענע קלאָרקייט. דאָס דאָזיקע בוך מיט זיך צו דערגרייכן אַ זין פאַר אַזאַ זינלאָזיקייט, אַז עס איז אים קוים מיטן שאַרפסטן געפיל צו דערכאַפּן. אין דאָזיקן בוך מינטערט זיך מינקאָוו פון אַ ווייטן דורות־שטראָם, — ער טויכט אונטער אינעם דורות־שטראָם און ברענגט אַרויס פון דאָרט די גרויסע וויזיע, וואָס פאַרכאַפּט אונדז אפילו דאַן, ווען דער דיכטער אַליין וויל אונדז וואָרענען קעגן איר.

מעג דער דיכטער זאָגן נאָכן שטרייט ביי יבוק צווישן גאָט און אַ בשר ודם, אַז „קיינער האָט דאָרט נישט געזיגט. איך בין בלויז אַראָפּ פון זינען;“ איז דאָס אָבער נישט ריכטיק. דער שטרייט קומט ביים יבוק פאָר נישט צווישן גאָט און אַ בשר ודם, נאָר צווישן דער סמנדיקער

סקעפּסיס פונעם בשר ודם און זיין דיכטערישער פעאיקייט און קראַפט צו זוכן און געפינען אַ זין.

אַ ציטער גייט דורך ביי אַ שפּירבאַרן לייענער, ווען ער קומט צו די וואונדערבאַרסטע שורות אין דאַזיקן טיפן לידער־בוך:

„איך האָב דאַן קלאָר דערהערט, גאָט קלאַפּט ביי מיר אין אָדער.
און זוכט אַ וועג. און קלאַפּט. און וועקט מיך. אַ פאַרצווייפלטער.
און וועקט.
און הבלם קולות האָבן זיך אין מיר געוואָרפן, געשריען און געזאָדן.
און גאָט האָט אַלץ געקלאַפּט, געקלאַפּט—און האָט זיך מער שוין
נישט אַנטפּלעקט.“

גאָט אַנטפּלעקט זיך טאַקע נישט אין די דאָזיקע לידער (מינקאָוו רייסט אָפּט איבער די מיסטעריע פון גאָט־אַנטפּלעקונג דורך זיין סקעפּסיס, דורכן שאַרפן אויפברויז פונעם אומזין־ווייטיק „די הבל־קולות האָבן זיך אין מיר געוואָרפן“... — און דורך דער פּלוצעמ־דיקער אַריינמישונג פון זיין פאַרשטאַנד) אָבער ער קלאַפּט אָפּט, נישט אין איין ליד פון „ביים ראַנד“. און עס קלאַפּט אין די דאָזיקע ליד־אָדערן נישט סתם אַן אַבסטראַקטער גאָט, נאָר דער קאָנקרעטער גאָט פון דער יידישער געשיכטע, פון דער יידישער געלעבטער געשיכטע, גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב, פון אליהו הנביאס פאָלק.

שוין לאַנג, לאַנג ווי דער דאָזיקער גאָט האָט נישט געקלאַפּט אַזוי שטאַרק אַריינגעלאָזן צו ווערן אין אונדזער לעבן דורך די דיכטונג־אָדערן פון אַ מאָדערנעם יידישן פּאָעט.

דאָס דאָזיקע בוך איז פול מיטן יידישן גאָט און מיט זיינע אור־מיסטעריעס. און ווי קלאָר דאָס איז, און ווי טיף!

„אין האַרץ פון פאָלק, מיין אומגליקלעך, פאַרפּייניקט פאָלק,
אָטעם איך אין זכות פון טיפן־טיפן קוואַל.
דעם קוואַל איז נישט צו הערן. דעם אויסשטראַל נישט צו זען.
נאָר ס׳דערגייט פון אים אַ קוים־באַמערקטער ציטער — פון
אייביקייט און גאָט.“

אָט־דער ציטער פון אייביקייט און גאָט הערט זיך אין דעם גרעסטן טייל פון מינקאָווס „ביים ראַנד“.

אָט איז דאָס וואונדערלעכע ליד „די טויטע נאַכט“. איז דאָס אומ־קלאָר? אַז איר ווילט — יע (אויב איר ווילט עס דערשפּירן מיטן

פאַלשן שליסל פונעם שכל הישר פון לאָגיק־ביכער), אָבער דער קליי־מאַקס־ציטער ביי די לעצטע שורות איז קלאָרער פון קלאָר פאַרן זעקסטן חוש פון דיכטונג.

„מיר דוכט, איך הער אַ ווייטן ציטער פון אַ רוף.
איך ווייס, דאָס זיינען לעצטע ספּאַזמעס פון דערינערונגען.
און פּלוצעם, ווי פון דורות־טיפן וואָלט זיך טראָגן
אַ טויבער גזר:
„שעלט גאָט און שטאַרב."

און גאָט אין פּאָספאָר־ליכט,
ווייזט זיך [illegible]
און זייט צעבליטע פייער־קערנער,
און לאַנגזאַם בלייכט די טויטע נאַכט.
און גאָט — גאָט זייט און זייט."

דאָס איז דער זעלבער גאָט, וועמען עס זיינען געווידמעט די אומ־שטערבלעכע רעוואָלט־ווערטער: „שעלט גאָט און שטאַרב".

און דאַן קומען אַזעלכע טיף יידישע גאָט־לידער, ווי „צלם אלוקים" און „דער אָרוך".

דער דיכטער, ווי מיר אַלע, איז דורכגענומען מיט צער און צאָרן; ער וויל נישט דורכלאָזן גאָט, וואָס קלאַפּט ביי אים אין אָדער; ער טרייבט אים פון זיך; ער וויל שעלטן גאָט און שטאַרבן; ער איז אפילו זיכער, אַז ביים נייעם שטרייט ביים יבוק, האָט קיינער נישט געזיגט, און דאָך, און דאָך, אויב עס וועט אויסוואַקסן אויפן קאַלטן מיטאָס־בוים פון דער יידישער גאָט־געשיכטע אַ נייער צווייג, וועט ער האָבן אין זיך אויך דעם חיות־טוי פון מינקאָווס פּאָעטישער גאָט־זוכעניש, אָדער ריכטיקער גאָט־טרייבעניש. נאָך דער גאַנצער באַרעכטיקטער פאַרביטערונג ברעכט פאָרט דורך — „געמינטערט פון אַ ווייטן דורות־שטראָם" — דאָס פאַרטראַכטע באַוואוסטזיין, אַז מיר האָבן

„אונדזער יעקב־חלום טיף פאַרשטאַנען
און קיינמאָל נישט אין סנה דערברענט.
— — — — — — — — — — — — — —
משהס הערנער האָבן זיך געשטאַרקט, געבליצט און אויפגעשטראַלט.
— — — — — — — — — — — — — —
און אין דער ווייטער אומשטערבלעך־שטומער שריפה

גייען לאַנגזאַם אויף, גייען אָן־סוף לאַנגזאַם אויף
לבהנדיקע אָקסן צוויי, געשפאַנט אין אַ לבנהדיקן וואָגן.
און אין דעם רעגנבויגן — חלומט, חלומט דאָרט אַן אַלטער,
אַלטער אָרון.״

די יידישע סימבאָליק ווערט אין דעם דאָזיקן בוך אַלץ טיפער און וואָגיקער פון ליד צו ליד. מיטן ריכטיקן דיכטערישן אינסטינקט האָט מינקאָוו ריכטיק ארויסגעפילט, אַז וואָס מער דער שטאַם ווערט גע־בראָכן און געשפּאָלטן, אַלץ מער מוז מען אַכטונג געבן אויף די וואָרצלען. מינקאָוו האָט גענומען אויסדריקן זיין אומענדלעכן טרויער, ער האָט גענומען געבן אַ געשטאַלטונג דעם אומזין, און כמעט אַליין נישט וויסנדיק וועגן דעם, כמעט ווי פּראָטעסטירנדיק קעגן דעם, האָט ער אַרויסגעזויגן פון דער דיכטערישער געשטאַלטונג, פון דער דיכטערי־שער וויזיע — זין, און ער האָט זיך אַ צי געטאָן צו די וואָרצלען, צו די גייסטיקע וואָרצלען אונדזערע.

און אַנדערש איז גאָר נישט מעגלעך. זויגט מען זיך איין אין אונדזער אומגליק מיט לייב און לעבן, זיינען דאָ צוויי אויסוועגן: אָדער אַ טאָטאַלער „שעלט גאָט און שטאַרב!״ אָדער לאָזן אַ פרישן שפּראָצל פון גלויבן אינעם זין פון אונדזער געשיכטע, פון אונדזער קיום.

און אונטער דער אָפענער סקעפּסיס, פון אונטער דער אָפענער אָנערקענונג פונעם אומזין אין מינקאָווס „ביים ראַנד״, שלאָגט זיך דורך קיום צו הערן, קיום צו זען מיטן געוויינטלעכן אויער און אויג, אַ ציטער „פון אייביקייט און גאָט״.

יצחק יאַנאַסאָוויטש

# נ. ב. מינקאָוו

נ.ב. מינקאָוו — „ביים ראַנד״ — לידער, פאַרלאַג „באָדן״ נ״י 1945.

נ. ב. מינקאָוו איז בלי שום ספק איינער פון די אינטערעסאַנטסטע דיכטער אין דער היינטצייטיקער יידישער פּאָעזיע. ער איז אינטערעסאַנט שוין דערמיט, וואָס לייענענדיק זיינע לידער ווערן מיר אָנגערעגט און עמאָציאָנירט נאָך איידער די לאָגיק האָט באַוויזן פונאַנדערצושיפרירן די צייכנס פון זיין דיכטערישער וויזיע, נאָך איידער דער פאַרשטאַנד האָט באַוויזן צו באַגרייפן דעם פירוש המילות פון דער שפּראַך מיט וועלכער ער איז אונדז מגלה זיין שאָטנדיק געמיט. נ.ב. מינקאָוו געהערט צו דער קאַטעגאָריע „אומפאַרשטענדלעכע״ דיכטער. זיין ליד איז אָפטמאָל פּונקט אַזוי אומפאַרשטענדלעך, ווי דאָס עכטע, וואָרע לעבן, וואָס אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז מיט איבערראַשנדיקער נייקייט און אַנדערשדיקייט.. מינקאָווס פּאָעזיע פאַרמאָגט ניט יענע גלאַטיקע אָפנקייט דורך וועלכער דער לייענער ווערט באַלד גוט־ברודעריש מיטן דיכטער צוליב דעם, וואָס ער זעט, אַז אויך ביים דיכטער איז אַלץ, ווי ביי אים אינדערהיים. אין מינקאָווס פּאָעזיע שפּאַנט דער לייענער מיט אַ ביסל שרעק פאַר דעם סוד פון נייקייט, אָבער אויך מיט אינטערעס פון דערוואַרטונג. עפּעס איז אים, דעם לייענער, ניט אַלץ קלאָר, אָבער עפּעס פאַרחידושט אים, אינטריגירט אים און באַווירקט אים מיטן כוח פון יענעם עכטן געפיל און געמיט, וואָס זייער אָנלאָדונג און אויסלאָדונג בלייבט נאָך אַלץ דער סוד פון דער קונסט.

נ. ב. מינקאָווס פּאָעטיש וואָרט, אָדער פּאָעטישע ווערטער־קאָמבינאַציע ווירקט מיט אַן אומהיימלעכער ערשטמאָליקייט. עס איז דאָ אין זיין פּערז די אומהיימלעכקייט, וואָס מיר דערפילן בעת מיר באַטרעטן צום ערשטן מאָל די געדיכטענישן פון אַ סודותדיקן וואַלד. דערביי איז כדאי צו באַמערקן, אַז מינקאָווס וואַלד־געדיכטענישן רוישן פאַר

„צוויי ביכער פון נ. ב. מינקאָוו״ — „אונדזער וואָרט״, פּאַריז, אויגוסט 28, 1950.

אונדז ניט מיט דער באַררואיקנדיקער גרינקייט פון מאַיעסטעטיש־הויכע ביימער. זיינע וועלדער, ווי פּאַטאָמאָרגאַנאָס פון קאָשמאַר (וועגן דעם קאָשמאַרישן אין מינקאָווס ליד וועט אונדז נאָך אויסקומען שפּעטער צו שרייבן). ווירקן דערשלאָגנדיק אויף אונדזער געמיט מיט דער סקעלעטנהאַפטיקייט פון זייערע געוויקסן. די נאַטור, וואָס שפּיגלט זיך אַרויס פון פּאָעטס איבערלעבענישן איז מאָנסטרועז און גרויליק. דאָס קומט בולט צום אויסדרוק אפילו אין די אַריינפיר־שורות צום ליד „ביים טויטן וואַסער" פון בוך „ביים ראַנד":

ניט ווייט פון נוסבוים שטייט אָפן אַ טיר.די נאַכט איז
פראָסטיק, שוואַרץ..
ניט ווייט פון שוועל פרירט אַ שטראָם. ביים שטראָם —
צוויי שאָטנס שטאַר.
אין הויז זיינען אַלע טויט. די גאַנצע געגנט טויט.
דער נוסבוים— דערטרונקען אין נאַכט. דער שטראָם איז טיף
און רויט.

מינקאָוו באַמיט זיך און אים געלינגט — אַ דאַנק אַ דיכטעריש־פּרעציז און ראַפינירטן אינסטרומענט — צוריק צופירן דאָס וואָרט צו יענעם רויען שטאָפּלעכן צושטאַנד, ווען מען קען דערפון אָנהייבן קנעטן נייע פאָרמען פאַר נייע אינהאַלטן. אין תוך גענומען ראַנגלט זיך יעדער דיכטער מיטן וואָרט, וואָס אַנשטאָט אַדעקוואַט איבערצוגעבן די באַזונדערקייט פון דער דיכטערישער וויזיע און שפּירונג האָט עס די טבע די דאָזיקע באַזונדערקייט איינצושלינגען, צו פאַרדעקן דורך דער שאַבלאָניזירטקייט פון באַגריף וועלכן ער וויל רעפּרעזענטירן. יעדער עכטער דיכטער, וואָס זיין סימן איז די דערמאָנטע באַזונדערקייט (וואָרעם אין דער קונסט זיינען צוויי טראָפּן וואַסער קיין מאָל ניט ענלעך.) מוז אויפברעכן די שאָל פון וואָרט, מוז אַרויסרייסן דאָס וואָרט פון איינגע־וויגטן באַגריף, מוז אַנטזילבערן דאָס שפּראַכלעכע גלאָז, כדי עס זאָל ווערן דורכזיכטיק פאַר דעם נייעם בילד פון דער וויזיע. וואָס אייגנ־אַרטיקער, ערשטיקער, נייער עס זיינען די בילדער פון דער פּאָעטישער וויזיע — אַלץ נייער און ערשטיקער מוזן זיין די ווערטער, ד. ה. יענע גאַמע פון קלאַנגען און צייכנס, וואָס אין דער קאָמבינירונג פון זייער

צוזאַמענשטעל און אין דער פאַרשיידנאַרטיקייט פון זייער ריטמישן פּלוס ליגט דער גאַנצער כּוח פון דיכטערישער יצירה.

נ. ב. מינקאָוו — דער דיכטער — וואַקסט אַרויס פון אַ דיכטערישער ריכטונג, וואָס האָט פּראָקלאַמירט דעם ווייטגייענדיקסטן עקספּערימענט מיט פּאָעטישן געצייג — דעם וואָרט. דאָס זיינען געווען עקספּערימענטן פאַנאַנדערצולייגן די כעמישע סובסטאַנצן פון יידישן לשון כּדי אין זייער נייעם צוזאַמענשטעל אַרויסצוקריגן דאָס עכטע גאָלד פון דיכטערישן געמיט. דאָס זיינען געווען די שפּאַלטונגס־פּרואוון פון וואָרט־אַטאָם כּדי צו באַפרייען אַ מאַסע ענערגיע, וועלכע זאָל העלפן געשטאַלטיקן די וועלט־און לעבנס־עמפּינדונג פון דער היינטצייטיקער פּסיכיש־קאָמפּליצירטער פּערזענלעכקייט. אין יסוד פון דער דאָזיקער שעפערישער שיטה איז געלעגן די איבערצייגונג, אַז די דרויסנדיקע וועלט קען קומען צו אונדזער דערקענטעניש נאָר אין שפּיגל פון פּסיכישער אינטראָספּעקציע, ווייל נאָר אויף אַזוי פיל עקסיסטירט זי און נאָר אויף אַזוי פיל קענען מיר זי באַנעמען. ס'איז אָבער קלאָר, אַז געגאַנגען איז דאָ ניט וועגן אַרויסברענגען סתם עקסטרעמע טיפּישקייטן, וואָס האָבן אין זייער אָפּגעשלאָסענער אינדיווידואַליטעט קיין שום שייכות ניט. פאַרקערט, ס'איז געגאַנגען אין דערגראָבן זיך צום סאַמע דעק פון דער מענטשלעכער באַזונדערקייט כּדי דאָרט אויסצוגעפינען דאָס אַלגעמיין־מענטשלעכע, וואָס וואַרט אויף קינסטלערישער אַנטפּלעקונג.

מינקאָוו איז געבליבן געטריי דער דאָזיקער ריכטונג און דער דאָזיקער ליטעראַטור־שיטה, מחמת זי איז פאַר אים ניט געווען קיין טעאָרעטישער קאַפּריז, נאָר אַן אויסדרוק פון זיין טיף־אייגנאַרטיקער, שעפערישער פּערזענלעכקייט. בכן איז מינקאָוו געבליבן געטריי נישט דער טעאָריע, נאָר זיך אַליין. אפילו דעמאָלט, ווען די ביטערע געשעענישן אין יידישן לעבן האָבן טעמאַטיש געבראַכט אַ געוויסע בשותּפותדיקייט אין אויסדרוק פון פאַרשיידענע יידישע דיכטער, אַ געוויסע אידענטישע פּאָעטישע לעקסיק, איז מינקאָוו דאָך געבליבן דער זעלביקער אָפּגעשלאָסענער דיכטער־אינדיווידואַליסט, וואָס גיט זיך בשום אופן ניט אונטער דעם ברייטן שטראָם פון חורבן־עמפּינדונג. די גרויסע כּלל־קאַטאַסטראָפע אין יידישן לעבן גייט אויף אין זיין ליד פּונקט, ווי זי גייט אויף אין די לידער פון אַנדערע יידישע פּאָעטן. אָבער זי גייט אויף אין דער קאָשמאַרער וויזיע, וואָס אויף איר ליגט דער חותם פון מענטש־

לעכער אינדיווידואַליטעט און אין דער וואָרט־געשטאַלטונג אין וועלכע מיר דערקענען תיכף די פּאָעטישע אינדיווידואַליטעט פון נ. ב. מינקאָוו.

צוליב באַגרענעצטקייט אין אָרט איז מיר ניט מעגלעך צו ברענגען ציטאַטן פון מינקאָווס איינדרוקפולע לידער. סיי־ווי איז טאַקע בעסער, אַז דער לייענער זאָל זיך מיט די לידער באַקענען ניט פון ציטאַטן נאָר פון גאַנצן בוך. עס איז אַ בוך, וואָס ווירקט מיט דער קאָשמאַרער מיס־טעריעזקייט פון יידישן אומגליק. מינקאָוו איז נישט קיין וויינער און באַוויינער. אין זיין פערז הערן מיר נאָר אַ קרעכץ און דאָס דורך פאַר־קריצטע ציין. אָבער אין זיין ליד גייט אויף דער גאַנצער שוידערלעכער קאָשמאַר פון אונדזערע איבערגעלעבטעליידן. עס גייט אויף די גרויל־שפּירונג פון דער קאַטאַסטראָפע מיט דער אָנגעגליטער אַטמאָספער פון האַלוצינאַציע, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער קאַטאַסטראָפע־אַליין.

נ. ב. מינקאָווס בוך לידער „ביים ראַנד" דאָקומענטירט פּאָעטיש, קינסטלעריש אייגנאַרטיק די יידישע טראַגיק פון דער חורבן־צייט.

יעקב גלאַטשטיין

# אין תּוך גענומען

## נ. ב. מינקאָוו

נאָך איידער מען באַנעמט דעם טייטש פון נ. ב. מינקאָווס לידער, אין דעם גייסטן בוך זיינעם — „אַ שטערן בליט״, דערשפּירט מען גלייך אַז זיי זיינען געשריבן פאַרן מויל צו זאָגן און פאַר אַן אויער צו הערן. נ. ב. מינקאָוו איז אַן אויסגעצייכנטער זאָגער פון לידער. זיין דיקציע איז אַ פּרעכטיקע. ער באַטאָנט יעדער יידיש וואָרט זילבערנווייז. מיר איז קיינמאָל נישט אויסגעקומען צו הערן דעם יונג־פאַרשטאָרבענעם ענגלישן פּאָעט דיילאַן טהאָמאַס פאָרלייענען לידער. מען זאָגט, אַז ער האָט סיי פרעמדע און סיי אייגענע לידער אויפגעשפּילט, און ס׳איז געווען אַ זעלטענע דערפאַרונג אים צו הערן אָפּגעבן וואָרט־קאָנצערט. מינקאָוו האָט אויך אַ מוזיקאַלישן צוגאַנג צו דער קלאַנגפולקייט פון יידישן וואָרט, און זיין מעביר זיין די שורות פון אַ ליד איז באמת אַ מחיה פאַרן אויער.

אָט דעם וואָרט־קאָנצערט גיט אונדז מינקאָוו אין זיינע לידער. ער זאַמלט צונויף די שורות, ער רעדט און זינגט זיי צוזאַמען, אַז די זילבן אַליין זאָלן גלעטן דאָס געהער און צוגעבן אַ טאָנאַלע חשיבות צום יידישן לשון.

די ביימער זילבערנע ביים טייך —
ווי פאָרכטיק שטיל איז איצט דער דעמער.
אין מערב — האַרט אַרום דעם בראַנד
שלאָפן רואיק אָוונטלעכע לעמער.

נאָך איידער מען זעט די שקיעה, הערט מען די שטילע, פאַר־סודעטע רייד, וואָס שאָטענען אָן די וואָרט־שטימונג פאַר די בילדער. מען הערט דעם שטילן צוזאַמענפלעסק פון וואָרט מיט וואָרט און דאָס אויער נעמט אויף דעם צונויפרוף פון די שורות.

---

„יידישער קעמפער״, ניו־יאָרק, יוני 18, 1954.

מיר האָבן דאָ געוואַרט, אין ליכט געוואַרט, אין פינצטערניש געוואַרט,
דער טייך איז שוין ניטאָ, שוין אויסגעטריקנט לאַנג,
דער וואַלד פאַרלענדט — די וואוינער זיינען לאַנג פאַרשוואונדן.
געבליבן איז בלויז ווילדגראָז, חרובער געצוויג, געבליבן עקדיש, שלאַנג.

דריי מאָל ווערט דאָס וואָרט „געוואַרט" איבערגעחזרט, און יעדער מאָל קריגט עס אַן אַנדער טראָפּ. מינקאָווס לידער גלוסט זיך צו לייענען אויפן קול, ווי זיי זיינען געשריבן געוואָרן, פאַר דער הנאה פון מויל און אויער. געוויינלעך איז די מוזיק פון לידער אַריינגעבויט אין ליד, אַז דווקא ווען די מוזיק איז דער עיקר, ווערט עס דער תפל. אין מינקאָווס לידער רעדט צו אונדז כסדר דאָס מוזיקאַלישע יידישע וואָרט, ווי עס ווערט קלאַנגפול געפּאָרט מיט אַנדערע שטימונג־ווערטער.

ערשט שפּעטער ווען מען ווערט דורכגענומען מיט דער פול־קערניקייט פון יידישן וואָרט, הייבט מען אָן דערזען מינקאָווס אינער־לעכע וועלט, זיינע זעאונגען, זיין אַפּאָקאַליפּטישן טאָל, די חורבן־שטי־מונגען, וואָס זיינען אַלע געבויט אויף חזיונות און וואָס האָבן אַ דירעקטן נביאישן ווידערקול.

ס'איז נישט שייך צו קומען אָפּפרעגן כלומרשטע אומפאַרשטענד־לעכקייטן, ווייל פאַרשטענדלעכע חזיונות וואָלטן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַבסורד. מינקאָוו ראַנגלט זיך אין זיינע לידער, מאָנט דין וחשבון פון באַשאַפער, קלאָגט אים אָן, קלאָגט אָן די וועלט, זעט דאָס אייביקע פּנים פון טויט און באַשטראַלט דעם מזרח מיט פונקען האָפנונג.

דאָס אַלץ בליצט אַדורך די חשכות פון זיינע זעאונג־לידער, וואָס האָבן אַ קלאָרן תנכישן פונדאַמענט. אויף אַזויפיל זיינען מינקאָווס לידער אַ באַזונדערער צוגאָב צו דער חורבן־ליטעראַטור אונדזערער.

האַרבסטיק, טרויעריק דיין טראָט, דיין בייגן זיך, דיין שווייגן.
און זע — ס'ווערט בראַנדיק־גאָלד, ליכטיק — — —

אַלץ בליט ווידער אין דער האַרבסטיקער טרויעריקייט. דאָס אויג פון גריבלער, פאָרשער און עטיקער וויל נישט שלום מאַכן מיט דעם גרויסן אומענדלעכן און אומזיניקן חורבן —

דאָס ספר ליגט נאָך אַלץ דאָ אָפן.
דורך שייטערס, און אויוונס, און בלוטיקע סופן.

„אַ שטערן בליט", דאָס פינפטע לידער־בוך פון נ. ב. מינקאָוו, איז אַ דירעקטער נאָכפאָלג פון די פריערדיקע לידער־ביכער, אָבער בעת די מייסטע לידער זיינען געווען זעעריש־אימאַזשיסטיש, זיינען די־

לידער פון נייסטן בוך דערגאַנגען צו תנכישקייט, אויסנוצנדיק אַלע דערוואָרבענע מוזיקאַלישע אייגנשאַפטן, וואָס צו זיי האָט זיך מינקאָוו דערגרונטעוועט, אין זיין אינערלעכן קאַמף, פאַר דער חשיבות פון יידישן וואָרט.

האָט אים געפרעגט דאָס געטלעכע געשטאַלט:
„וואָס טוסטו אינעם קעלטער? איך וויל דיר אויפשטעלן אַ
    נייעם היכל״.
האָט ער געענטפערט: איך וויל ניט מער קיין שום היכלות,
    אָט איז מיין האַרץ, אָט איז מיין מויל.
און דער ברענענדיקער שטעקן האָט אים אָנגערירט. און
    פון ביידע איז פאַרשוואונדן יעדער זכר.

כ׳האָב אויבן דערמאָנט מינקאָווס אינערלעכן קאַמף. באַדאַרפט האָב איך זאָגן — מעטאַדישן קאַמף. אין דעם דאָזיקן דיכטער, וואָס איז געוועזן איינער פון די גרינדערס פון דער אינזיכיסטישער באַוועגונג, איז תמיד וואַך געוועזן אַן אַחריות געפיל פאַר ליטעראַטור מיט אבות, ראשונים און באַוואוסטזיניקע פיאָנערן, אַקערערס, זייערס, בויערס.

פאַראַן אַ טיפע טראַגיק אין דעם, וואָס גראָד אָט דעם מאָדער־ניסטישן פּאָעט האָט געטריבן אויפצוגראָבן און דערהויבן אונדזערע קלענערע זינגערס און ווייזן זיי, ניט אין אַ ליכט פון אומבאַהאָלפנקייט נאָר פון באַוואוסטזיניקער פיאָנערשאַפט. מינקאָוו האָט זיך אַרומגעבויט מיט אַ בענקשאַפט נאָך גאַנצקייט און אַרומגעפעסטיקט אונדזער ליטע־ראַטור. מען מוז צוגעבן, אַז צוגעגאַנגען איז ער צו די ראשונים אונ־דזערע מיט טיף־עטישע מאָסן, מכל־שכן צו די יידישע קלאַסיקער־פּאָעטן, געפינענדיק חשובע ערטער פאַר אונדזערע דיכטערס, אין פּאַנ־טעאָן פון דער וועלט־ליטעראַטור.

מינקאָווס אוניווערסיטעט־לעקציעס וועגן יידיש און יידישער ליטעראַטור זיינען געוואָרן טערמינאָלאָגיש איבערצייגנדיק, אַ דאַנק זיין כוח פון גלויביקן אויפבוי. ער אַליין שמייכלט אָפּט פון זיין פּראָ־פעסאָר־טיטל, אָבער ער האָט די פּראָפעסור כשר פאַרדינט, ווייל ער האָט באַוויזן אויסצוגלייכן אונדזער ליטעראַטור־געשיכטע, מיט די בעסטע אין דער וועלט־ליטעראַטור, דערציענדיק זיך אויף דעם יידישן וואָרט און אויפציענדיק דאָס יידישע וואָרט, צו דער ווערדע פון אַ רייך לשון מיט אַ רייכער ליטעראַטור.

מינקאָוו איז נאָר וואָס אַלט געוואָרן זעכציק יאָר. צו דער גע־לעגנהייט זיינען אַ חוץ זיין לידער־בוך דערשינען נאָך צוויי אַנדערע ביכער: אַ לענגערע אַרבעט וועגן — „אליהו בחור און זיין בבא בוך" און וועגן דער מערקווירדיקער יידענע גליקל האַמעל. אין דיביידע ביכער ווייזט מינקאָוו אַרויס אַ סך בקיאות. אין זיין בוך וועגן אליהו בחור איז אַריינגעלייגט געוואָרן פלייסיקע אַרבעט. מינקאָוו גיט אונדז אויסצוגן פון בבא בוך, אין אַ מאָדערנעם יידיש, אויפן שטייגער פון די מאָדערנע ענגלישע איבערזעצונגען פון טשאָסער.

אינטערעסאַנט איז אַז מינקאָוו הייבט גלייך אָן זיין אַריינפיר מיט דעם „אַקסיאָמאַטישן" זאָג, אַז אליהו בחור איז געווען אַ גרויסער פּאָעט. ער מוז האָבן די פּאַראויסיקע הנחה, אַז זיין אַרבעט איז נישט קיין אַפּאָלאָגעטישע, אַז ער אַרבעט נישט ביי אַ וועדליג־ליטעראַטור, וואָס בלויז אין פאַרגלייך מיט אייגענער אָרעמקייט, געווינט זי אין איכות.

נייך, ווען מען ווערט פּאַרטיק מיט דער געביידע, וואָס מינקאָוו שטעלט אויף, וועקט זיך ביי אונדז דער חשד, אַז אפשר איז טאַקע אליהו בחור געווען אַ גרויסער פּאָעט. מינקאָוו אַנאַליזירט זיין גראַם־עשירות, זיין שילדערונג־קראַפט, זיין אויסשעפּן די מעגלעכקייט פון דער עמ־בריאָנישער יידישער שפּראַך. ווען איר ווערט פּאַרטיק, דערשפּירט איר אַז איר זענט געווען אין דער געזעלשאַפט פון עכטער קינסטלערישקייט. פאַר אונדז היינטצייטיקע יידיש־שרייבערס דאַרף זיין אַן אמתער נחת־רוח צו וויסן, אַז אליהו בחור האָט זיך באַוואוסטזיניק אָפּגעגעבן מיט די גראַם־מעגלעכקייטן פון יידיש, ווען דאָס לשון איז נאָך געלעגן אין די וויקעלעך. אפילו דעמאָלט האָט ער זיך, ווי מינקאָוו ווייזט אונדז אָן, געשפּילט מיט אַליטעראַציעס, מיט שינען און סאַמעכן.

ווען ס׳קומט צו דער וואונדערלעכער יידישער מעמואַריסטקע גליקל האַמעל, שטודירט מינקאָוו זי אויך פון שטאַנדפּונקט פון אַ לעבעדיקער ליטעראַטור. ער ווייזט אָן אויף דער אינסטינקטיווער דערציילערין און אויף דעם לירישן שטראָם פון איר נאַראַטיווער קראַפט.

ער צעטיילט איר צוגאַנג צו באַוואוסטזיניקער שילדערונג פון יידיש לעבן, אויף ריינעם מוסר עלעמענט און אויף דעם תפילהדיקן עלעמענט פון דער תחינה, וואָס האָט צו יענער צייט אָנגעהויבן צו פורעמען אונדזער מאַמע־לשון, בעת דאָס טאַטע־לשון האָט נאָך געשפּילט אַ ברוגז מיט יידיש.

ס׳ווערט קלאָר — יידיש איז ניט בלויז אַ שפּראַך, נאָר אַ שטיק ציוויליזאַציע, ווייזט אונדז מינקאָוו, אויפן גרונט פון די גליקל האַמעל

מעמואַרן. נישט געקוקט דערויף וואָס די זכרונות האָבן ליטעראַרישע קוואַליטעטן, איז די זכרונות־שרייבעריין, וואָס איז נישט געווען פאַר־טאָן אין איר ביאָגראַפיע, נאָר אין שילדערן כלל־לעבן, געווען תחינה־מעסיק געגנוג נישט צו לאָזן זיך וואוילגיין מיט שרייבערישע מאַניערן. זאָגט אונדז טאַקע מינקאָוו זייער ריכטיק אַז „אירע זכרונות זיינען פאַר אונדז אַ סך וויכטיקער, ווי די ווערק פון לומדים אָדער פּראָפעסיאָנעלע שרייבער".

דער עיקר איז, וואָס איןביידע ווערק זעט מען נישט אין מינקאָוון קיין סימן פון אַפּאָלאָגעטיק. פאַרקערט, ער שפּאַצירט מיט רחבותדיקע טריט און ער גיט דעם איינדרוק פון ליטעראַרישער נגידות. און ער שאַפט דעם איינדרוק אויך ביי אונדז, מיטן כוח פון זיין ליטעראַריש־טערמינאָלאָגישן צוגאַנג, אַז מיר שטייען נישט אָפּ פון די פעלקער.

מינקאָוו האָט די „יידיש־פּראָפעסור" זיינע אויסגעקעמפט, אויסגע־ראַנגלט און געוואונען דעם קאַמף פאַר זיך. פאַראַן טראַגישע עקשנות און אַ סך עטיק אין דעם עסטעטישן דערהויבן פון זיינע פאַרשעמטע און קבורת־חמור־באַגראָבענע פּיאָנערן פון יידישן ליד. ער בויט אַ פּאַלאַץ, וואו ס'זאָל דעם מאָדערנעם יידישן שרייבער נישט זיין ענג, און ער פאַרווערדיקט און פאַרווערטיקט זיין ליטעראַטור־געשיכטע.

און מינקאָוו טוט זיין אַרבעט מיט זעלטענער התמדה און מיט אַ שטילקייט, וואָס פאַרמאָגט אין זיך דעם ציטער פון מוזיק. ער בויט־אויף מיט גרויס פאַרשטענדיקייט אַ וויסנשאַפטלעכן טעמפּל פאַר אונ־דזער ליטעראַטור, כדי ער זאָל קענען אַריינקומען, אָנלענען דעם קאָפּ, דורכשפּאַצירן זיך אין גאָרטן פון דער ליטעראַטור און שרייבן זיינע דורכגעשוויגענע לידער:

די בלויע קאָרנבלימלעך, די גאָלדענע פּוטערקעפּלעך,
אַנטפּלעקן זיך, און אָט באַהאַלטן זיי זיך ווידער,
און דאָ און דאָרטן וויגט אַ פלאַטערל זיך אויפן שפּיץ פון זאַנג
און ס'וויגט זיך אַלץ אין מילדן רויש פון בליענדיקע לידער.
דער הימל־קלאָר. עס רוען דאָרט לויטערע מנורות, לוחות,
אַ זילבער־בוים, אַ סטאַדע בלויע שעפּסעלעך, אַן ערשט־
געבוירן לאַם.
און ווייט, גאָר ווייט ביים הימל־ראַנד — אַ דינע שורה
ביימער קרוינען
אין אַ גאָלדיק־בלויען פלאַם.

יחיאל האָפּער (תל־אביב)

# נ. ב. מינקאָוו

## א.

די „פּערמאַנענטע רעוואָלוציע", מיט וועלכע נ. ב. מינקאָוו גייט אָן אין דער יידישער דיכטונג אין אַמעריקע איבער פינף און דרייסיק יאָר — איז שוין פון לאַנג אַ שם־דבר. זיין עקשנותדיקער, קאָנסערוואַטיווער רעוואָלוציאָניזם — נייט יעדן איינעם, וואָס פאַרטיפט זיך אין די פּראָבּלעמען פון דיכטונג און קונסט, זיך צו פאַרטראַכטן. אין דער צייט ווען אַ סך אַנדערע דיכטער אין זיינע יאָרן, צי אפילו יינגערע פאַר אים, האָבן זיך באַקוועם באַזעצט אויף פאָרמאַליסטישע, צי אינהאַלטלעכע, פאַקטישע צי איינגערעדטע דערגרייכונגען, איז מינקאָוו נאָך אַלץ מקיים די מיצוות עשה פון זוכן. און לאָז מיר דערלויבט זיין זיך צו באַנוצן מיט מיינעם אַן אייגענעם אַפאָריזם: געפינען איז אַן ענין פון הצלחה, זוכן — אַ קינסטלערישער אימפּעראַטיוו.

די מאָטיוון וואָס באַוועגן מינקאָוון אָנצוגיין מיט זיין „פּערמאַנענטער רעוואָלוציע" זיינען שטענדיק די זעלבע און שטענדיק אַנדערע. זיין קאָנסערוואַטיזם איז דאָס ניט־אָפּטרעטן אויף קיין איין רגע פון דעם אין סאַמע אָנהייב פון זיין פּאָעטישן גאַנג, זיך אָנגעצייכנטן וועג פון זוכן. זיין רעוואָלוציאָניזם — איז דאָס זוכן גופא, דאָס כסדרדיקע פאַרברייטערן דאָס פעלד פון דער פּאָעטישער דערקענטעניש און דאָס צונויפפירן וואָס אַ מאָל נייע, ווייטע און ווייטערע אַסאָציאַציעס; (וואָס דאָס איז די אייגנטלעכע אויפגאַבע פון יעדער מין פּאָעזיע, אָן אונטערשייד פון איר ריכטונג און אירע טעאָרעטישע הנחות).

אָנגעהויבן ביי מינקאָוון האָט זיך עס מיט דעם סאַמע היפּער־סוביעקטיוון אידעאַליזם, וואָס אין דער פילאָסאָפיע גופא וואָלט עס געמוזט דערפירן צום סאָליפּסיזם, און אין דער פילאָסאָפיע פון קונסט, וועלכע איז לאין ערך קאַפּריזנער און סתירותדיקער ווי די פילאָסאָפיע גופא, האָט עס דערפירט צום „אינזיכיזם". צו דעם „אינזיכיזם" פאַר וועלכן אפילו דער סוביעקטיווער אידעאַליזם פון די „יונגע" איז געוואָרן

---

„די גאָלדענע קייט", תל־אביב, סעפּטעמבער 22, 1955.

צו ווינציק סוביעקטיוו און ער איז דעמאָלט איבערגעגאַנגען צו אַן אינטענסיוועץ סוביעקטיוויזם, ווי מינקאָוו באַצייכנט עס: פון „איך" פון די „יונגע" — צו „אין־זיך". דער אינזיכיסט האָט געמאַכט פאַר זיין פאָעטישן כלל דעם סוביעקטיוו אידעאַליסטישן וועלט־באַנעם. ער האָט געהאַלטן, אַז די וועלט עקסיסטירט נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפל זי שפיגלט זיך אין אונדז אָפּ. די וועלט איז אַ ליגן, אַ ניט־עקסיסטירנדיקע קאַטעגאָריע אויב זי האָט ניט מיט אונדז קיין שייכות. (זע זשורנאַל אין־זיך 1920, זייט 2. זע אויך נ. ב. מינקאָוו: טענדענצן און שטרעמונגען אין דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע, די צוקונפט נאָוו־דעצ. 1954). אַזוי אַרום האָבן די אינזיכיסטן זיך געשטעלט אויפן סוביעקטיוו אידעאַליסטישן שטאַנדפּונקט, וועלכער קאָן זייער לייכט, דער עיקר ביי פּאָעטן, דערפירן, ווי געזאָגט, צום סאָליפּסיזם (לויט וועלכן עס עקסיסטירט נאָר „איך־אַליין", אָדער „אין מיין באַוואוסטזיין" און די גאַנצע רעשט וועלט, און בתוכם אַלע מענטשן, עקסיסטירן פּאַקטיש ניט, נאָר זיינען אַ פּראָדוקט פון מיין באַוואוסטזיין, פון מיין פאָרשטעלונג).

אָבער דער עיקר איז דאָך ניט אַזאַ צי אַנדערע פילאָסאָפישע הנחה, נאָר דער אופן פונעם פּאָעטישן פאַרפיקסירן די פילונגען און שפירונגען פון אויף אַזאַ אופן באַנומענער וועלט. די אופנים זיינען געווען דער עיקר די סוגעסטיווקייט פון די בילדער און די ווייטקייט פון אַסאָציאַציעס. שפּעטער אין אַ סך יאָרן אַרום זיינען די מאָטיוון און די סיבות פון זיין (דעם מינקאָווישן) אופן פאַרפיקסירן דיכטונג כאָטש די זעלבע, אָבער אויך שוין גאָר אַנדערע. ווייל ער איז קיין מאָל ניט אַנטלאָפן אינעם „אין־זיך" פון זיך, נאָר אינעם „אין־זיך" פון דער וועלט, ניט זיין אייגענער אונטערבאַוואוסטזיין איז געווען און איז דער מקור פון שאַפן, נאָר די וועלט וואָס שפיגלט זיך אָפּ אין אונטערבאַוואוסטזיין, דאָס האָט אים אינטריגירט; ווייל ער האָט זיך פון דער וועלט קיין מאָל ניט איזאָלירט און פון דער יידישער וועלט אַוודאי און אַוודאי ניט, דעריבער איז זיין אומפאַרשטענדלעכקייט ניט זיין אייגענע, נאָר די אומפאַרשטענדלעכקייט פון אונדזער אַלעמענס פאַרפלאָנטערטע חשבונות. און דעריבער זיינען זיינע אומפאַרשטענדלעכקייטן שטענדיק געווען אַזוי שאַרף, קלאָר, כאָטש אָן אַ פאַרוואָס און אָן אַ פאַרטייטש, און לעצטנס האָבן זיי גאָר באַקומען און אָנגענומען אַ גורלדיקן באַדייט:

דו שרייבסט, אַז קלאָרקייט איז דער עיקר.
מיט ליבשאַפט. דאָך — דיין ניט־דערזאָגטער פאָרוואורף איז
צו מיר געווענדט.

ווי וואָלסט געזאָגט: „עס חושכן אין דיינע לידער אומפּאַר־
שטענדלעכקייטן שטיקער,
און ס׳ווערט אַ לעבן זיניקלאָז פאַרשוווּנדט״.
— — — — — — — — — — — — — — — — — —
דו שרייבסט, אַז קלאָרקייט איז דער עיקר.
מיך מאַטערט אויך דער דאָזיקער געדאַנק — און צייטנווייז,
ביז האַס,
ווייל מיט וואַנזין און פאַרראַט איז אונדזער צייט פאַרשיכורט,
ווייל מיט גרויל איז אונדזער זיססטער טרוים פאַרקנסט.
(ביים ראַנד ז״ז 49־50)

אומפּאַרשטענדלעכקייט, אומקלאָרקייט איז אין דער דיכטונג ניט קיין אידעאַל און אַוודאי ניט קיין ציל. אָבער אונדז שיינט, איבערלאָזנדיק אַלע וויכוחים וועגן דעם פאַרוויקלטער פּראָבלעם לעתיד לבוא, אויפן יום שכולו פּאָעזיע, אַז נאָר די אומפּאַרשטענדלעכ־קייט, וואָס ליגט אין עמעצנס שעפערישן בראשית, וואָס איר אָרט איז אין דעם שעפערס קאָנסטיטוציע, אין זיינע כוחות און מעגלעכקייטן, נאָר אַזאַ אומפּאַרשטענדלעכקייט איז אומבאַהאָלפנקייט, ניט־אויפגע־וואַקסענער און ניט־דערוואַקסענער דיכטערישער אויסדרוק. אָבער די אומפּאַרשטענדלעכקייט, וואָס קומט פון אַ טראַגישן סך־הכל, צי פון טראַגישע סך־הכלען, וואָס איז די סומע פון אַ מוראדיק פאַרפּלאָנטערטן חשבון, אַזאַ אומפּאַרשטענדלעכקייט איז ווי ברענענדיקער תוהו־ובוהו, פון וועלכער אַ דיכטערישע וועלט און וויזיע קאָנען זיך און וועלן זיך אויספורעמען.

אין דעם אַספּעקט זיינען אינטערעסאַנט די ווייטערדיקע צוויי סטראָפעס פון מינקאָווס ליד אומפּאַרשטענדלעך:

— — —הויך אין חשכות בליט
אַ וואָלקנדיק־צעשוימטע האַנט,
וואָס צינדט־אָן — בראשיתדיק — אַ שטערן,
וואָס ציטערט, וואַקסט, און בליצט פון ראַנד צו ראַנד.

און ס׳ווערן אומפּאַרשטענדלעך: —
לאַנג־פאַרענטפּערטע פאַרוואָסן,
אימהדיקע תפילות, ווייטע ליכט,
און ווילדע, שטומע חצותן.

דאָס זיינען צוויי סטראָפעס פון דעם ערשטן ליד פון זיין בוך ביים ראַנד. אפשר איז עס אויך זיין פּראָגראַם־ליד, וואָס ער האָט אָנגעשריבן פינף און צוואַנציק יאָר נאָך דעם, ווי ער האָט צוזאַמען מיט א. לעיעלעס און יעקב גלאַטשטיין מחבר געווען דעם מאַניפעסט פון אין זיך.

ווען „ס׳ווערן אומפאַרשטענדלעך לאַנג־פאַרענטפערטע פאַרוואָסן״, יוערן פאַרשטענדלעך לאַנג ניט־פאַרשטאַנענע, אָדער נאָך ניט־פאַר־שטאַנענע אומפאַרשטענדלעכקייטן.

ב.

די יידישע דיכטער זיינען געווען אין דער „גליקלעכער״ לאַגע, וואָס זיי האָבן ניט געמוזט דעם שוידער, דעם קאָשמאַר, די צעטרייסלונג און די טיפע פאַרצווייפלונג נעמען פון זייער אונטערבאַוואוסטזיין, ווי דאָס טוען די פּאָעטן פון אַנדערע פעלקער, וואָס רופן זיך, אָדער וועלכע מען רופט, סוררעאַליסטן. אַ סך פון דעם וואָס ליגט פאַר די ניט־יידישע דיכטער פאַרבאָרגן אין זייערע חלומות, אין זייער אונטער־באַוואוסטזיין, ליגט פאַר די יידישע דיכטער אָפן (כאָטש ניט דער־קלערט). אָפן און נאַקעט אויפן אייבערפלאַך פון זייער באַוואוסטזיין, דאָס אַלץ איז אַזוי „גוט״ פאַרלאָדן אויף די ברייטע פּלייצעס פון זייער געשיכטע און דער געשיכטע פון זייער פאָלק, אַז נאָר קום און נעם, שעפּ מיט אַ ברייטער האַנט און מיט גרויסע עמערס. און דאָך? און דאָך, און אפשר טאַקע און גראָד דערפאַר, זיינען די יידישע דיכטער און די יידישע דיכטונג, נאָך אַ קורצן בערך קאַמף, אַזוי גערן און מיט אַזוי פיל חשק אַנטלאָפן צום לירישן רעאַליזם, צום לירישן רעאַליזם פון עבר, וועלכן זיי האָבן אידעאַליזירט און פאַרפּאָעטיזירט. חלום איז ביי זיי זעלטן געווען קאָשמאַר, קאָשמאַר האָבן זיי געהאַט גענוג אין דער ווירקלעכ־קייט, חלום איז ביי זיי כמעט שטענדיק געווען טרוים.

די רעלאַטיווע שוואַכקייט פון דער יידישער, אַזוי צו זאָגן, דירעק־טער חורבן־דיכטונג אין אַמעריקע, ליגט ניט אין דער געאָגראַפישער ווייטקייט פונעם אָרט פון חורבן, נאָר אין דער נאָענטקייט, מיט וועלכער די דיכטער האָבן זיך צום חורבן געשטעלט. דער חורבן האָט ביי די דאָרטיקע דיכטער ניט דערפירט צו שבירת הכלים, זיי האָבן זיך גע־שטעלט צום חורבן פנים אל פנים, זיי האָבן גענומען מן המוכן, און אויף קיין רגע ניט פאַרלאָזט די ביז־איצטיקע, אויסגעוואָרעמטע ליריש־רעאַליסטישע פּאָזיציעס. די אָנערקענטסטע קריטיקער ביי אונדז, וואָס

זיינען נאָך היינט גרייט צו פּאַרטיידיקן דעם פּרינציפּ „קונסט פּאַר קונסט״, האָבן זיך גראָד דעמאָלט צעפּשטעוועט מיט פּשטות. אפילו די סאַמע דורכדרינגלעכסטע קריטיקער ביי אונדז האָבן יעדער פּרוּוו פון אַנדערשקייט, פון אָפּטרעטן פונעם ליריש־רעאַליסטישן קאַנאָן, פאַרשריגן מיטן פאַרהאַסטן וואָרט „מאָדערניזם״, און ניט זיך, נאָר דעם וואָס האָט זיך אויף אַנדערשקייט דערוועגט, צוגעשריבן אומבאַהאַוונטקייט אין די דיכטערישע, קינסטלערישע שטרעמונגען פון יענער צייט.

דעמאָלט איז אין אַמעריקע געקומען מינקאָוו מיט זיין בוך חורבן־לידער ביים ראַנד וואָס האָט פאַרוואונדערט טאַקע מיט זיין אַנדערשקייט, מיט זיין שטעלן זיך פון דער ווייטנס, וואָס איז דער נאָנטסטער וועג צו נאָנטקייט. ער איז אין זיין בוך פול מיט סימבאָלן, מיט משונהדיקער בילדערישקייט, אויב איר ווילט, מיט וויזיעס אפילו, מיט באַזונדערן קלאַנג. מען דאַרף די לידער ניט אַנאַליזירן (כאָטש מען קאָן דאָס טאָן), זייער כוח ליגט אין זייער רייסן זיך צו גאַנצקייט.

און אויך אין דער גאַנצער וועלט איז אָנגעגאַנגען און גייט אָן אַ קאַמף פאַר אַ ניי צי באַנייט וואָרט, (כאָטש ניט מיט אַזוי פיל רעש און געפילדער, ווי נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה). זאָל דאָס פאַרוואָס דער קאַמף גייט אָן הייסן ווי עס וויל. זאָל עס הייסן אפילו סורעאַליזם, צי זאָל עס הייסן סתם פּאָזיציע, אַלץ איינס. די איינמאָלקייט פון יעדן פּאָעטישן אַקט און פאַקט איז מחייב יעדן דיכטער, אָן אונטערשייד פון שול און ריכטונג צו וועלכער ער געהערט. די סורעאַליסטן האָבן דעם פּרינציפּ פון איינמאָלקייט דערפירט ביז צו דער סאַמע עקסטרעמסטער עקסטרעמקייט. זיי זיינען ווייט פון יעדן מין טראַדיציאָנאַליזם, זיי זאָגן זיך אָפּ פון יעדער בשותפותדיקייט. זיי ירשענען ביי קיינעם גאָרנישט און לאָזן קיינעם קיין ירושה ניט איבער. זיי לאָזן זיך איינער צום צווייטן ניט פאַרגלייכן. זיי קאָן מען מיט קיינעם ניט פאַרגלייכן. און ווייל מען קאָן זיי ניט פאַרגלייכן איז במילא ניט מעגלעך אָנצואווענדן לגבי זיי וועלכע עס איז מאָס, ווייל יעדע מאָס איז דאָך במילא רעלאַטיוו.

אין דער יידישער דיכטונג אין אַמעריקע שטייט מינקאָוו מיט זיין מין פּאָעזיע איינער אַליין. (זאָל קיינער דערפון ניט דרינגען אַז כ׳מיין, אַז ער איז אַ סורעאַליסט). ניט חלילה איינזאַם, נאָר אַליין. קאָן מען אים טאַקע ניט מעסטן מיט קיין שום מאָס, אַחוץ מיט דער מאָס פון זיין אַליינקייט. לאָמיר צו אים ניט צוגיין מיט דער מאָס פון גרויס און קליין, צי פון גרויס און נאָך גרעסער. לאָמיר זיך ליבערשט אין אים פאַרטיפן, לאָמיר צוזאַמען מיט אים זוכן:

אין הויכע שוואַרצע פעלדער ציטערן די נייע שטערן.
און יעקבס דורכזיכטיק געשטאַלט גייט אום צווישן זיי
און זוכט —
אַ סימן פונעם טאָג, אַ טרער, אַ ניצוץ פון חרטה.
און זוכט און זוכט און זוכט. . .

(פונעם בוך אַ שטערן בליט)

ג.

ס'איז אינטערעסאַנט: נ. ב. מינקאָוו איז אין זיין פּאָעזיע אַ פּרוש, אָבער ניט קיין מוסרניק. אויף זיין אייגענעם וועג און אופן איז ער מדקדק כחוט השערה און בנוגע אַנדערע מינים פּאָעזיע איז ער געוואַלדיק טאָלעראַנט, שוין אפשר אַ צו שטאַרקער מקל. ער איז אַ נזיר, אָבער ניט קיין סעקטאַנט. אויף זיין אייגענעם טיש וועט איר קיין וויין ניט געפינען, אָבער ווען ער קומט צו פרעמדע טישן פאַרזוכט ער פון אַלע מינים וויין און איז זיך שטאַרק משמח. אפשר איז דאָס דערפאַר ווייל זיין עצבות און מרה־שחורה איז ביי אים מער ווי סתם שטימונג, מער ווי אַ נדר אויף נזירות. „פאַר מיר — שרייבט מינקאָוו אין אַ בריוו צום מחבר פון די שורות — איז די פאַרבאָרגענע טיפע מרה־שחורה אַ מין מעגלעכקייט, אַ מין בענקשאַפט צו וועלן צאַמען דאָס אונטערבאַוואוסטזיניקע, באַנעמען די יסורים, זייער זינען, און אַלע אומפאַרשטענדלעכקייטן, וואָס יעדער פון אונדז איז אין זיי פאַרזונקען". כ'מוז זיך מודה זיין, אַז מיר האָבן די פאָר ווערטער זיינע געגעבן אַ סך צו טראַכטן. מיר איז אויך איינגעפאַלן אַ געדאַנק, אַז אפשר איז שוין צייט אַז פּאָעזיע און פּראָזע זאָלן זיך טיילן מיט דער וועלט. פּאָעזיע זאָל נעמען דעם אונטערבאַוואוסטזיין און פּראָזע דעם באַוואוסטזיין. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס וואָלט אויף קיין האָר ניט פאַרמינערט דעם ווערט און דאָס געפיל וואָס די גרויסע באַוואוסטזיניקע, שכלדיקע פּאָעזיע האָט מיט איר שיינקייט, פרייד און חכמה אונדז באַשאָנקען. אָבער פון דער צווייטער זייט וואָלט דאָס אפשר געגעבן אַ גרעסערע מעגלעכקייט דער וועלט פון אונטערבאַוואוסטזיין, דער וועלט פון ווייטע אַסאָציאַציעס און טיפסטע סוגעסטיעס אַרויסצובאַקומען זיך פון זייער תהומיקייט, זיך סובלימירן, אויסשטראַלן און אויך ברענגען פרייד (ריינע פרייד).

לאָמיר אָבער איבערלאָזן דעם ווילן זיך צו טיילן מיט דער וועלט

די פּאָליטיקער און לאָמיר לאָזן סיי דער פּאָעזיע און סיי דער פּראָזע קעמפן יעדער באַזונדער פאַר אַ גאַנצער, ניט־טיילבאַרער וועלט.

***

אַ סך מאָל אַרט מיך פאַרוואָס מינקאָוו גיט זיך רעלאַטיוו ווייניק אָפּ מיט דיכטונג און אַזוי פיל מיט קריטיק. מיך אַרט פאַרוואָס ער האָט זיך געמאַכט פאַר אַ היטער פון פרעמדע גערטנער און דעם אייגענעם גאָרטן צו ווייניק געהיט. מינקאָוו איז ניט בלויז פאָרשער פון דער אַלטער יידישער ליטעראַטור, פון אירע אָנהייבן, ער איז ניט בלויז קריטיקער פון די שפּעטערע און היינטצייטיקע יידישע ליטעראַטור־שעפער און ליטעראַטור־שאַפונג (דער עיקר פּאָעטישער), ער איז אויך דער זעלטענער ביי אונדז קריטיקער פון קריטיקערס (זע זיין בוך: זעקס יידישע קריטיקער, פאַרלאַג יידבוך 1954). ער איז ניט בלויז פאָרשער און קריטיקער, נאָר, אין אַ געוויסער מאָס, אויך אַ ליטעראַטור־היסטאָריקער. ער איז לעקטאָר און פּראָפעסאָר פון יידישער ליטעראַטור אין פאַרשיידענע הויכשולן און לערער־סעמינאַרן. ער איז געווען רעדאַק־טאָר און מיטרעדאַקטאָר פון אַ צאָל יידיש־ליטעראַרישע (דער עיקר פּאָעטישע) צייטשריפטן. ער איז אויך פאַרוואַלטונג־סעקרעטאַר פון דעם עלטסטן ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעכן יידישן חודש־זשורנאַל די צוקונפט. עפּעס טוט זיך דאָס אין דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע מיט און אַרום מינקאָוון.

איך גלייב ניט אין במילאדיקע פּאָעזיע. איך גלייב ניט, אַז אויב עמעצער איז אַ פּאָעט, וועט עס שוין במילא פון אים אַרויסזינגען. די צייט פון זינגען ווי אַ פויגל זינגט, די דאָזיקע צייט איז שוין פאַרביי. אגב איז היינט זינגען אין דער פּאָעזיע אפשר שוין ניט די הויפּט־אויפגאַבע אירע. פונקט ווי איר געזאַנג, איז וויכטיק איר געוואַי און געיאָמער. מען טאָר פּאָעזיע ניט רייסן און ניט אָפּרייסן פריצייטיק, אָבער אַרויסהויבן זי פון זיך דאַרף מען (כאָטש מען מוז ניט, ווייל ס'איז ניט פאַראַן קיין „מוז" אין דער קונסט). דער וועג פון די פאַרפּלאָנטערטע און פאַרפּלאָנטערטסטע געפילן, פון די סאַמע תהומותדיקע טונקלקייטן, פון די סאַמע גרעסטע סתירות ביז צו דער וועלט פון פּאָעטישער אויס־לייזונג און אויסשטראַלונג — איז אַזוי קאָמפּליצירט, אַז אָן דעם פּאָעטס מי און אָנשטרענגונג וועט מען דאָ גאָרנישט דערגרייכן. ס'איז פאַראַן אַזוי פיל אומעטיקע, צי אפילו מרה־שחורהדיקע פרייד אינעם אַרויס־הויבן און במילא אויפהויבן און דערהויבן אַ טיף פאַרבאָרגן פאַרטונקלט

געפיל. אומפּאַרגלייכלעך מער ווי אינעם אויסזינגען דאָס, וואָס איז שוין במילא געזאָגט.

כ'האָב, פאַרשטייט זיך, דערמיט ניט בדעה צו פאַרמינערן אויף אַ האָר די באַדייטונג און די ווערט פון די פּאָעטן־זינגער אפילו פון אונדזער הייניטיקן טאָג. פאַרקערט, איך קאָן זיי נאָר זאָגן: אשריכם שזכיתם לכך! מיר אַליין איז אָבער נענטער, אפשר גאָר ניט נענטער, נאָר אינטערע־סאַנטער, דער שווערער מין פּאָעזיע, דער מין, וואָס רייסט זיך מיט אַלע מיטלען און כוחות צו באַפרייען פון די פאַרפּלאָנטערטע געפילן און אינעווייניקסטע סתירות. קאָן זיין אַז מיט דעם אויבן געזאָגטן האָב איך נאָר אויסגעדריקט מיינעם אַן אייגענעם פאַרבאָרגענעם וואונטש, ווייל אין יעדער עסייאיסטישער קריטיק וועגן יענעם איז שטענדיק פאַראַן עפּעס ווגען זיך.

מען קאָן אָבער צו קיינעם פאַר אַזאַ צי אַנדערן שאַפונג־וועג ניט האָבן קיין טענות. און אַוודאי און אַוודאי זיינען דאָ איבעריק אַלע, אַזעלכע צי אַנדערע, פאָדערונגען. כ'מיין דאָ מיינע טענות און פאָדע־רונגען צו מינקאָוון. אגב קאָן מען קיין מאָל ניט וויסן, וואָס עס שטייט אונטער די פּלייצעס פון יענעמס (און אויך ניט פון אייגענעם) פּאָעטישן מאָרגן...

ד.

נ. ב. מינקאָוו האָט אַ גרויסע ידיעה און אַ טיפע הבנה אין דער וועלט־ליטעראַטור. אַ גאָר גרויסן אינטערעס האָט ער אַרויסגעוויזן, און ווייזט אַרויס, צו דער מאָדערנער ענגליש־אַמעריקאַנער פּאָעזיע. זיין ווילן און רוף צו שאַפן אַ פורעם פון מאָדערנעם קלאַסיציזם איז ניט געשען אָן דער באַדייטנדיקער השפעה פון דער ענגליש־אַמעריקאַנער פּאָעזיע פון פאַר די לעצטע עטלעכע צענדליק יאָר. און זאָל דאָס טאַקע מינקאָוון פאַרשריבן ווערן לשבח. איך האַלט, אַז ספּעציעל אונדזער דיכטונג איז צו ווייניק פאַרבונדן מיט די שטראָמען פון דער וועלט־ליטעראַטור. אונדזער דיכטונג איז, מיט געוויסע אויסנאַמען, שטאַרק פּראָווינציעל. זי דאַרף ניט ווערן, חלילה, ווינציקער יידיש, אויב זי וויל ווערן אַלמענטשלעך. זי דאַרף נאָר ווערן ווייניקער „יידישלעך", וואָס דאָס איז ניט זעלטן אַ קאַריקאַטור פון יידישקייט.

און זאָל פאַר אַ באַוויז און פאַר אַ באַשטעטיקונג פון דעם אויבן געזאָגטן דינען דאָס, וואָס דווקא זיין בוך ביים ראַנד האָט אַזוי אויסגע־נומען ביי דער קריטיק און מיך אַזוי שטאַרק גענומען און צענומען. דאָס

איז געשען דערפאַר, ווייל אין דעם בוך האָט מינקאָוו אויף זיין אייגנ־אַרטיקן און איינצייטיק מאָדערנעם אופן אויסגעדריקט דאָס סאַמע יידישסטע, דעם טראַגישן יידישן גורל מיט זיין פאַרצווייפלטן: „פאַר־וואָס”? דאָס צעבראָכענע וואָס גאַרט אייביק צום בראשית (און ווערט אַזוי אַרום אין־סופיק), דאָס טיף פאַרבאָרגענע וואָס גאַרט צו התגלות, צו אַנטפּלעקונג:

וואָס האָט אונדז ווי מיט צוואַנגען דאָרט געצויגן?
צום קדמון? צום אור־אור־ערשטן תוהו?
צי האָבן אונדז געצויגן גוואַלד־געהיימע וואָרצלען,
זיך וואָרצלען, ביזן טויט זיך וואָרצלען אין עינויים פונעם פאָלק?
— — — — — — — — — — — — — — — —
און אין דער ווייטער אומפאַרשטענדלעך־שטומער שרפה
גייען לאַנגזאַם אויף, גייען אָן־סוף לאַנגזאַם אויף
לבנהדיקע אָקסן צווייַ, געשפּאַנט אין לבנהדיקן וואָגן.
און אין דעם רעגנבויגן חלומט, חלומט דאָרט אַן אַלטער,
אַלטער אָרון.

שטימונג צי שטימונגען אַנטשטייען ניט ביי מינקאָוון ווי אַ פּועל־יוצא פון דרויסנדיקע באַווירקונגען און דערשיינונגען. שטימונג איז אויך ניט קיין לאַנג דויערנדיקער אַפעקט, ווי אַ טייל פּסיכאָלאָגן האַלטן. שטימונג גייט ניט באַזונדער, האָבן געהאַלטן די „אינזיכיסטן”, נאָר איז געקניפּט און געבונדן מיט אַ גאַנצער ריי פון אַנדערע געפילן און שפּירונגען. שטימונג לאָזט זיך נישט אַרויסהייבן באַזונדער און זיך איזאָלירן פון אַנדערע שטימונגען. און לאָמיר צוגעבן: יידישע שטימונג איז שטענדיק איינגעהערט אין איר שורש, זי רופט אַרויס ניט נאָר אַ ריי, אַ קאָמפּליצירטע ריי, פון נעבן־שטימונגען, נאָר אויך און דער עיקר, פון די זעלבע, צי ענלעכע. דערפון די טענדענץ און די נויטווענדיקייט אין דער יידישער דיכטונג זיך צו באַנוצן מיט סימבאָל, צי מיט סימבאָלן.

יידישע שטימונג איז ירושה. ירושה פון דור־דורות. מען קאָן זי ניט אָפּפּטרן מיט פּאָעטיש ראָמאַנטישן עקוויוואַלענט. זי וועט זיך ניט לאָזן. זי וועט זיך ניט אויפלייזן. דער פּאָעט מוז דערגרונטעווען די סיבה פון דער שטימונג, אַנדערש וועט ער זי ניט אויפלייזן (כאָטש אויפלייזן הייסט נאָך ניט דערקלערן), און ניט אויפגעלייזטע שטימונגען זיינען ווידער די סיבות פון אַ סך תוהו־ובוהוס אין דער וועלט פון פּאָעזיע. וחוזר חלילה.

די סעמאַנטיק, וואָס האָט געוואָלט פון דער פילאָסאָפיע מאַכן אַ לאָגיק, וועט דאָ גאָרנישט העלפן, ווייל:

גלעזערנע שטערן ליגן אין די שוואַרצע בלעטער.
און אַלע דיינע ווערטער, וואָס כיגעדענק נאָר, —
זיי זיינען געטלעך קלאָר, נאָר נעפלדיק ווערט גאָר זייער מיין.

די ווערטער „זיינען געטלעך קלאָר". אפילו די איינצלנע ווערטער מיט זייערע איינצלנע אינהאַלטן זיינען געטלעך קלאָר, אָבער מענטשלעך אומקלאָר. דער מענטש האָט פון יעדערן פון זיי שוין באַלד געמאַכט אַ בבל־טורעם. און אַריינצוברענגען מענטשלעכע קלאָרקייט אין דער וועלט איז די אויפגאַבע פון די היינטצייטיקע פּאָעטן, פּונקט ווי אַמאָל איז זייער אויפגאַבע געווען דאָס אַריינברענגען די געטלעכע קלאָרקייט.

קלאָרקייט הייסט ניט באַשייד. קלאָרקייט הייסט ניט אַלץ פאַר־שטיין, אפילו ניט סתם פאַרשטיין. קלאָרקייט הייסט דורכלייכטן. דורכ־לייכטן ווי מיט רענטגען־שטראַלן. מען דאַרף אָבער זיין אַ ספּעציאַליסט צו קאָנען דעם רענטגענאָגראַם ריכטיק לייענען.

ווען איך לייען מינקאָווס לידער, האָב איך דעם איינדרוק ווי די סאַמע פאַרפלאָנטערטסטע מענטשלעכע געפילן, מחשבות, רעיונות, ווי מענטשלעכער גורל, זיינע יסורים און מאַטערנישן וואָלטן אַרונטער־געשטעלט געוואָרן אונטער זיין דורכלייכטונג־אַפּאַראַט. אויב ניט אַלע ווערן ריכטיק געלייענט, איז עס ניט זיין שולד.

אָבער, צי מען פאַרשטייט יאָ אין גאַנצן זיינע לידער, צי ניט, פילן דאַרף אַלע, אַז דאָ געשעט עפּעס. קיינער קאָן זיך ניט באַפרייען פון דער ספּעציעלער און ספּעציפישער שטימונג וועלכע זיי רופן אַרויס. זיי רופן אַרויס די זעלבע שטימונגען, פון וועלכע זיי אַליין (די לידער אַליין) שטאַמען. זיי פירן צוריק דעם לייענער זייערן צו דער שטימונג, וואָס האָט זיי אַליין אויף דער וועלט געבראַכט. דער משפּיע און דער מושפּע ציען די יניקה פון זייער שטימונג פונעם זעלבן מקור. און דאָס איז ניט נאָר אַ סימן פון זייער התקרבות, נאָר דער עיקר פון דער אמתדיקייט פון דער שטימונג.

מינקאָווס בילדער זיינען ניט קיין אימאַזשיניזם, ער באַנוצט זיך זעלטן מיט אַ מעטאַפאָר. זיי זיינען ניט סורעאַליסטיש, ער נעמט זיי ניט ווי דער אונטערבאַוואוסטזיין דיקטירט אים, ווי ער רוקט זיי אים אונטער. ער לאָזט זיך ניט אין גאַנצן באַהערשן פונעם אונטערבאַוואוסטזיין. ער פּרובירט אַריינצופירן געאָרדנטקייט דאָרט, וואו אַלץ רעוואָלטירט

קעגן אָרדענונג. און ניט נאָר דורך דעם ליד, דורך דעם געפורעמטן ליד, ווייל ער אַריינפירן געאָרדנטקייט, וואָס דאָס באַמיען זיך צי טאָן די סאַמע עקסטרעמסטע סורראַליסטן. מינקאָוו פרובירט אַריינצופירן אָרדענונג אפילו אין חומר, אין דער מאַטעריע פון וועלכן זיין ליד דאַרף ערשט געשאַפן ווערן, און דאָס איז זיין ספּעציעלע פּריווילעגיע ווי אַ יידישער דיכטער.

מינקאָוו גרייכט נאָך די סאַמע ווייטסטע אַסאָציאַציעס הן אין בילד, הן אין וואָרט, הן אין געדאַנק. ער טראַכט טייל מאָל מיט בילד און מאָלט מיט געדאַנק. זיינע בילדער זיינען אַבסטראַקטע, ניט דערפאַר ווייל זיי זיינען בעצם אַבסטראַקט נאָר ווייל די ווירקלעכקייט, מיט וועלכע מינקאָוו באַנוצט זיך, אין וועלכער ער געפינט זיך פּאָעטיש, דיכטעריש, איז אַזוי נאָענט־ווייט און משונהדיק. דעם ווייטן וועג פון די ווייטע אַסאָציאַציעס מאַכט ער דורך אַ דאַנק זיין פּאַטאָס, אַ דאַנק זיין פּאַטעטישקייט. נאָר שעפערישער פּאַטאָס קאָן דערלויבן צו מאַכן אַזעלכע מיילנדיקע שפּרייזן. הערט זיך צו צום פּאַטאָס פון זיין נאַכט־בילד אין זיין בוך אַ שטערן בליט:

די לאַנגע גרויסע נאַכט... דער הימל אָפן... און דער
מילכוועג... און די פייערשטראָזן...
די זילבערנע לבנה שיינט אַראָפּ, מיט רואיק־שטראָמענדיקע
לייטערס,
מלאכים נידערן און שטייגן, — זייען שטערנדיקע זריעות,
און ס׳גאָפּט אַ לויטערע די נאַכט.
— — — — — — — — — — — — — — — —

אָדער נעמט דעם פּאַטאָס פון טויט אין זיין ליד ביים טויטן וואַסער פונעם בוך ביים ראַנד:

אין הויז זיינען אַלע טויט. די גאַנצע געגנט טויט.
דער נוסבוים דערטרונקען אין נאַכט. דער שטראָם איז טיף
און רויט.
— — — — — — — — — — — — — — — —
קיינער האָט דאָרט ניט געזיגט. איך בין בלויז אַראָפּ פון זינען.
כ׳האָב דערמאָנט. דערקענט. באַשוואוירן. ניטאָ, ניטאָ זיין
באַגינען.

מינקאָווס ווילן אַריינצופירן געאָרדנטקייט אַפילו אין חומר פון זיינע

לידער, וועגן וואָס מיר האָבן אויבן דערמאָנט, און דער עיקר דאָס, וואָס אים גיט זיך איין דאָס צו טאָן און אויפצוטאָן, האָט זיין מקור אין זיין יידישקייט, אין זיין יידישן וועלט־אויסבליק און־איינבליק. דער יידישער מענטש איז אַזוי טיף צונויפגעוואַקסן מיט דעם עיקר פון דעם יידישן וועלט־באַנעם, מיטן גערדאַנק פון בחירה, אַז אפילו אין די צייטן פון די שרעקלעכסטע נסיונות פאַרגעסט ער ניט דערין. און אויב אַ פשוטער יידישער בשר־ודם האָט די מעגלעכקייט פון בחירה, על אחת כמה וכמה אַ יידיש־פּאָעטישער בשר־ודם. דערפאַר לאָזט ער ניט דעם פּאָעטישן גורל, זיין פּאָעטישן גורל, איבער זיך הערשן, נאָר שטעלט זיך אים קעגן מיטן כוח פון פּאָעטישער און יידישער בחירה.

דער יידישער מענטש איז בעצם אַ מאמין. ער וואַרפט אָפּ בלינדן פאַטום, ווי אַ פינצטערן כוח. און ווען אפילו אים דאַכט זיך, אַז דער שלעכטער און שלעכטסטער גורל האָט גענומען איבער אים די אייבער־האַנט, רעוואָלטירט ער. זיין רעוואָלט איז אָבער ניט צעשטערונג. ער צעשטערט ניט אויף אַלע מאָל דעם בונד צווישן זיך און גאָט, צווישן זיך און דעם לעבן. ער קאָן פאַרצווייפלען, אַריינפאַלן אין אַ ייאוש, „און גאָט האָט אַלץ געקלאַפּט, געקלאַפּט און האָט זיך שוין מער ניט אַנטפלעקט", זאָגט מינקאָוו אין זיינס אַ ליד. ער זעט, דער דיכטער, ער פאַרלייקנט ניט, ניט זיך און ניט גאָט, און ניט דעם מאָרגן.

מינקאָוו איז פּאָעטיש און איינצייטיק קאָנטעמפּלאַטיוו, דאָס איז זיין שטענדיקער ויתרוצצו. אָן ווידערשפּרוכיקייט קאָן מען אפשר גאָר קיין פּאָעט ניט זיין. שווער איז דער פּאָעטישער וועג, אויף וועלכן ער גייט עקשנותדיק, אָן דעם מינדסטן אָפּנויג, זינט יאָרן און יאָרן. ער האָט זיין פּאָעטישע התבודדות זיך אַליין אויסגעקליבן. זי ענטפערט אפנים זיין נאַטור. ער איז מיט זיין אופן שרייבן צו זיך און צו דער וועלט ערלעך. און ערלעכקייט איז די רעכטע האַנט פון אמת.

א. גלאַנץ־לעיעלעס

# דער דיכטער נ. ב. מינקאָוו ע״ה

1

די יידישער ליטעראַטור האָט מיט דעם טויט פון נחום ברוך מינקאָוון פאַרלוירן אַ גרויסע פּילזייטיקע קראַפט. עס קאָן לויט מיין טיפסטער איבערצייגונג נישט זיין קיין ספק אין דעם, אַז דער אָנוועזער וועט זיך פילן אַלץ שטאַרקער אין דעם גאַנג פון די יאָרן. עס וועט פעלן דער קריטיקער, דער לערער, דער ליטעראַטור־פאָרשער, דער שטילער אָבער זייער אינטענסיווער קולטור־טוער.

אויף די אַלע אויסגערעכנטע פעלדער פון גייסט האָט נ. ב. מינקאָוו געאַרבעט מיט מסירת־נפש, מיט אַ זעלטענעם אחריות־געפיל און ער האָט גאָר ווינציק געשאַנעוועט זיינע כוחות.

אָבער איבער אַלץ וועט פעלן דער פּאָעט נ. ב. מינקאָוו — איינער פון די סאַמע אָריגינעלסטע פּאָעטן, וואָס אונדזער ליטעראַרישע תקופה, די רייכע מיט טאַלאַנטן און פערזענלעכקייטן, האָט אַרויסגעפירט אין דער קריטישסטער צייט פאַר אונדזער פאָלק און אונדזער שפּראַך. וועגן מינקאָוון, דעם אייגנאַרטיקן דיכטער וויל איך דאָ שרייבן.

2

דו ביסט קראַנק, דו ביסט קראַנק —<br>
שרייען די רעדער —<br>
מסוכן, אַ חולה מסוכן.<br>
דיינע רעטער האָבן פאַרשפּעטיקט,<br>
און דאָ הערט מען ניט אויף<br>
דיינע דורות פאַרצוקן.

די רעטער — גאָרניט פאַרשטאַנען ?

---

„די צוקונפט״, ניו־יאָרק, מאַי־יוני, 1958.

געקלאַפּט אינעם שולחן, געמאָנט: מיר זיינען געקומען.
אַ מידע לבנה אין פענצטער געשטאַנען.
און מידע זקנים האָבן זיי אויפגענומען.

די ציטאַטע איז פון נ. ב. מינקאָווס בוך „אַ שטערן בליט“, וואָס איז אַרויס אין דעם וואַקסער פאַרלאַג אין דעם יאָר 1952 — זיין לעצטע לידער־זאַמלונג.

מען קאָן אין אָט דעם ליד אַריינטייטשן אַ סך זאַכן. דער ערשטער איינדרוק איז — עס איז אַ קינה אויף דעם אומגעבראַכטן דריטל — און מער — פון אונדזער פאָלק און געהער ממילא צו דער חורבן־דיכטונג פון דער עפּאָכע.

אָבער יעדעס עכטע ליד איז נישט בלויז אַ רעאַגירן אויף געשעענישן פון דער צייט, וואָס אין איר לעבט דער פּאָעט. עס איז אויך גאַנץ באַשטימט אַ פּערזענלעכער דאָקומענט. ביודעים און בלא יודעים רעדט דער פּאָעט שטענדיק פון זיך, זיין אייגענער אינער־לעכער וועלט.

„דו ביסט קראַנק, דו ביסט קראַנק; מסוכן אַ חולה מסוכן“ — די דאָזיקע ווערטער זיינען געקומען פון דעם דיכטערס אונטער־ און אומבאַוואוסטזיין. נ. ב. מינקאָוו איז שוין דעמאָלט געווען אַ קראַנקער און די מעגלעכע רעטערס — זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען און שוין פאַרשפּעטיקט.

אין דעם דאָזיקן גאַנצן ליד, וואָס הייסט „די נאַכטיקע נסיעה“ איז דאָ אַ סך סימבאָליש. איז עס דען נישט געווען אַ פאָרויסשפּירונג פון יענער נאַכטיקער נסיעה, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט אין איינער אַ נאַכט אין דעם מיטן פון דעם חודש מערץ?

קוקט מען זיך איין אין דעם גאַנצן ליד; באַטראַכט מען די ווער־טער, ווענדונגען, וואָס ווערן אין דעם ליד באַנוצט, געפינען מיר אין תוך דעם סאַמע עצם פון מינקאָווס גאַנצער פּאָעזיע, וואָס איז אַזוי אַנדערשדיק, אַזוי אינדיווידועל־מינקאָוויש אין דעם פּאָעטישן פולן רעגנבויגן, וואָס האָט געמיניעט, געבלישטשעט איבער אונדזער גאַנצן שעפערישן דור — אָבער אויך געוואָרנט מיט אומהיימלעכע וואָרנונגען און אָנונגען.

רעגנבויגן איז לויט דער יידישער טראַדיציע פאַרבונדן מיט מבול. אונדזער דור האָט איבערגעלעבט אַ מוראדיקן מבול און גע־פינט זיך נאָך אַלץ אין זיין סאַמע מיט.

איך ווייס גוט: סיי די געבראַכטע שורות, סיי דאָס גאַנצע ליד קאָן אַרויסרופן חידוש און נאָך עפּעס אַנדערש ביי אומבאַהאַוונטע און אומגעדולדיקע.

דאָס ליד פאַרשטייט זיך נישט פון זיך אַליין. דאָס נעמלעכע „פאַרשטייט זיך נישט״ גייט אין אַ גרויסער מאָס אויף דעם גאַנצע פּאָעטישן ווערק פון דעם נאָר־וואָס אַוועקגעגאַנגענעם אויסנעמלעכן דיכטער. נאָר דער, וואָס האָט נישט איין מאָל פאַר אַלע מאָל באַנומען, אַז פּאָעזיע, דער גאַנצער צויבער און די גאַנצע קראַפט פון פּאָעזיע, ליגן דווקא אין דעם, וואָס געפינט זיך אַ סך טיפער, ווי די ווערטער און שורות לאָזן הערן אויף דער אויבערפלאַך, דער איז בכלל אַ פרעמדער און דרויסנדיקער צום כישוף־לאַנד פון דיכטונג.

אַמאָליקע יאָרן האָט מען אָפט ציטירט דעם שפּרוך: „ווער עס וויל דעם דיכטער פאַרשטייען, מוז אין דיכטערלאַנד גיין״. מען האָט עס אַזוי אָפט איבערגעקייט, אַז עס איז געוואָרן באַנאַל און דער זעלבסט־רעספּעקט האָט פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל אים מער נישט ברענגען. פונדעסטוועגן איז דער שפּרוך געווען דער אמת אַליין, און עס איז אינטערעסאַנט, אַז אויפגעקומען איז ער גאַנץ לאַנג צוריק, אַ סך, אַ סך פאַר דעם, ווי מען האָט ביי אונדז און אין אַנדערע לשונות גע־נומען זיך קלאָגן אויף דער „אומפאַרשטענדלעכקייט״ אין דער פּאָעזיע.

וואָס איז דער זין, דער מיין פון דעם שפּרוך?

אַז סיידן מען פאַרטיפט זיך אין דעם פּאָעטס וועלט, ווי זי ווערט אויסגעדריקט דורך דעם ליד, דערגייט מען נישט מער, ווי צו דער שוועל פון אים און זיין גייסט, און אַמאָל אפילו נישט צו דער שוועל. דערצו נאָך אַן אמת. וואָס אייגנאַרטיקער דער דיכטער, אַלץ מער פאָדערט זיך די עקסקורסיע אין דער טיף.

נ. ב. מינקאָוו, טאַקע צוליב זיין אויסערגעוויינלעכער אייגנאַר־טיקייט, פאָדערט די נעמלעכע עקסקורסיע אומבאַדינגט. מאַכט מען זי — דעמאָלט קומט דער שכר אין דער פולער מאָס. דעמאָלט ווען מיר באַגרייפן נישט בלויז דעם באַשטימטן יחיד — דעם פּאָעט נ. ב. מינקאָוו — נאָר אין אַ היפּשער מאָס דעם יחיד בכלל.

דער יחיד, טאָרן מיר קיינמאָל נישט פאַרגעסן, איז דער עיקר־דיקער אָביעקט פון יעדער קונסט, אויך פון דער פּאָעזיע. אָבער דער יחיד איז אַ זייער־זייער פאַרפּלאָנטערט באַשעפעניש. ער איז אַ

שלאַכטפעלד פון געמיט, געפיל, שטימונג, געדאַנק, אינסטינקט, רע־גונג, חשק, חלום, וואונטש. ער איז אַן אמתער כאַאָס פון באַוואוסטע און אומבאַוואוסטע, פאַרשטופטע און צוריקקערנדיקע אַלערלייאיקע אַפעקטן. די פסיכאָלאָגישע וויסנשאַפט קאָן זיך קוים מיט אים געבן אַן עצה. אָבער פאַרשטיין דעם יחיד, אַריינבליקן און באַנעמען זיין אינעווייניקסטע וועלט איז, חוץ אַלעם אַנדערן, איינער פון די סאַמע וויכטיקסטע מענטשלעכע אויפגאַבעס און צילן. ווען מען פאַרשטיין אין פול דעם יחיד וועט מען ענדלעך אויך אָנהייבן פאַרשטיין דעם כלל און מען וועט וויסן וואָס צו טאָן, כדי רציחה, אַשטייגער, אין אַלע פאָרמען זאָל זיך אָפּטאָן פון דעם פּלאַנעט.

פּאָעזיע איז דעם יחידס אייגענער פּרואוו צו לאָזן וויסן וועגן זיך און זיך אַליין דערקלערן און פאַרשטיין. צוהילף דעם פּאָעט אין זיין באַגער זיך אַליין צו דערקלערן קומט דאָס וואָרט אין געאָרדנטער אויסשטעלונג, אין ריטמיש געסדרטע שורות. ריטם טראָגט אַריין זין און דיסציפּלין אין דעם כאַאָס פון דער אינדיווידועלער וועלט. דאָס וואָרט, אגב, איז אין תוך אַליין אַ שטיק כאַאָס, ווייל די שפּראַך איז אי דער נאַציאָנאַלסטער, אי דער אינדיווידועלסטער אינסטרו־מענט. אין דעם דיכטערס קענטשאַפט אויסצוסדרן דאָס וואָרט ריטמיש, ווערט דער וואָרט־כאַאָס געצוימט און געפורעמט. אַזוי ווערט אויך דער כאַאָס פון יחידישן וואונטש און טרוים געצוימט און באַזיגט. איך האָב שוין אַמאָל געשריבן: פּאָעזיע איז ריטמיש דיסציפּלינירט טראַכטן, פילן, איבערלעבן.

נ. ב. מינקאָווס לידער זיינען אָפט אַזוי קראַפטפול ריטמיש, אַז דערמיט אַליין ווערט אַנטפּלעקט אי אַ רייך אינערלעך לעבן, אי אַ גרויסע פּעאיקייט צו פורעמען בנינים פון זינפולע קלאַנגען — ווער־טער. מען דאַרף זיך לאָזן באַווירקן פון מינקאָווס ריטמישקייט. דע־מאָלט וועט מען זיך קאָנען באַקענען מיט דעם אינערלעכן לעבן פון אַ באַזונדערס סענסיטיוון יחיד. דעמאָלט וועט מען זיך כאַפּן, אַז דער דיכטער זאָגט עפּעס עצמדיקס נישט בלויז וועגן זיך, נאָר וועגן אייך אַליין, ליבע לעזער און לעזערין.

4

נ. ב. מינקאָווס ערשטע לידער־זאַמלונג איז אַרויס אין 1924 (פאַרלאַג „אינזיך"). אין 1927 איז אַרויס די זאַמלונג „אונדזער פּיעראָ"

(פאַרלאַג „יידיש" לעבן) און אין 1936 „מסעות פון לעצטן שאָטן" (פאַרלאַנג „באָדן").

די אַלע לידער וואַרטן נאָך בפירוש אויף זייער אמתער אָפּשאַ־צונג. שוין זייער פרי, דערקענט מען דורך זיי, איז נ. ב. מינקאָוו באַ־טראָטן דעם וועג, וואָס איז געוואָרן זיין אייגנאַרט און גלייכצייטיק איינע פון די אָריגינעלסטע דערשיינונגען אין אונדזער נייערער פּאָעזיע.

עס איז אַ דורכאויסיקע מינקאָווישע וועלט. אַן אינערלעכע לאַנד־שאַפט דאָמינירט אַלע זיינע חושים. ער געפינט די נייטיקע ווערטער, די פּאַסיקע קאָמבינאַציעס פון קלאַנגען, ער לאָזט די זילבן וויברירן אין אַן אייגענעם ריטם.

עס חזרן זיך איבער כסדר אַזוינע ווערטער, ווי נאַכט, טונקלקייט, שאָטן, טויט. דאָס איז נישט בלויז מינקאָווס וואָקאַבולאַר. דאָס איז זיין לעבן און צוגאַנג צום לעבן. דאָס איז — ער.

לאָמיר ברענגען עטלעכע מוסטערן:

שיקסט מיר נאַכט־פייגל
אָנזאָגן בשורות פון קומענדיקן ליכט.

איך וויל נישט קיין ליכט.
פון טונקלקייט קומט צו מיר רו.

(„לידער", 1924, ז' 25)

אָדער:

און גוט איז, וואָס איך בין אַן איינזאַמער מיט וייטע טריט.
מיין לעבן, קען חוץ מיר, מיר קיינער נישט פאַרצוימען,
און קיינער איז מיין האַר, האַר איבער מיינע טרוימען,
וואָס וויקלען מיינע לעבנס דורך אַ וואונדערלעכן צוויט.

(דאָרט, ז' 68)

אין אָט די שורות איז פאַראַן נישט בלויז טונקלניש. עס איז אויך דאָ מיסטישע שטימונג און גלויבן. ער זאָגט „מיינע לעבנס", נישט „מיין לעבן". ער גלייבט, הייסט עס, אין אַ סך עקסיסטענצן, נישט בלויז אין דער איצטיקער. דורך אָט די לעבנס זעט ער וואונדערלעכן צוויט, ס'הייסט אַ כסדרדיק בליען און שטייגן צו נייע מדרגות.

וועלכער דיכטער פילט נישט עפּעס ענלעכס? און וועלכער אַנ־דערער יחיד אָנט נישט ערגעץ אין זיינע טיפענישן, אַז ער איז שוין אַמאָל געווען דאָ, אַז עס איז פאַראַן נישט בלויז אַ לעבן, נאָר אַ גאַנצע קייט לעבנס?

טונקלניש און שאָטנס. פונדעסטוועגן רייסט זיך דער זעלבער דיכטער נ. ב. מינקאָוו צו לויטערקייט, צו דעם, וואָס ער רופט אָן „פאַרנונפט״, צום ליכט, וואָס זאָל גובר זיין די כאַאָטישע אינסטינקטן, דעם ווילדן ווילן:

מיין הייסע דאַנקבאַרקייט צו דיר, דו הייליקע פאַרנונפט,
דו הימל־קלאָרער פעלדזן־שטאַרקער וועג צום גלויבן.
צעברעך מיין ווילן־מאַכט, וואָס גרויזאַם איבער מיר טריאומפט,
באַפריי מיין האַרץ פון מיינע ברענענדיקע רויבן.
(דאָרט, ז׳ 62)

איז אין דעם פאַראַן אַ סתירה? אָט איז אים גוט און רואיק אין טונקלקייט, און אָט שטעלט ער זיך אויף די קני פאַר דער „הייליקער פאַרנונפט״ — האָבן מיר דאָ צו טאָן מיט אַ ווידערשפּרוך?

ניין, נישטאָ. אין דעם יחיד לעבן אין איינעם און גלייכצייטיק אַלערליי, אָפט זייער היפּוכדיקע שטימונגען און באַגערן. קאָן מען אי בענטשן דעם שאָטן, אי ציען זיך צום ליכט. אָבער מען קאָן אויך לערנען דעם פּשט פאַרקערט. ווייל דאָס אייגענע לעבן איז טונקלניש, וואַקסט דערפון אַרויס אַ פאַרהייליקונג פון לויטערקייט. ליכט און שאָטן זיינען דאָך אויך אין דער דרויסנדיקער, אָביעקטיווער וועלט. צוויי זייטן פון איין איינס.

נ. ב. מינקאָוו איז דורך און דורך אַ סוביעקטיווער פּאָעט. ער וויל פאַרשטיין זיך אַליין און באַנעמען זיין אינעווייניקסטן כאַאָס. אָבער ער ווייס, אַז ער אַליין איז בלויז אַ טיילכל פון דעם אומגעהייער גרעסערן דרויסן, פון דער אָביעקטיווער וועלט. אויך זי גאַרט ער צו פאַרשטיין, וויל דערגיין צו איר — מיטן אינטעלעקט און מיט באַוואוסטזיין.

די אָביעקטיווע וועלט אינטערעסירט נ. ב. מינקאָוון זייער אינ־טענסיוו. נעמט, אַשטייגער, אַזאַ געשעעניש, ווי די עקזעקוציע פון די צוויי איטאַליענישע אַנאַרכיסטן סאַקאָ און וואַנזעטי. זי האָט אונדז אַלע ביזן ביין דורכגעדרונגען. מיר אַלע האָבן געשריבן לידער וועגן דער אַמעריקאַנער טראַגעדיע פון עטלעכע צענדליק יאָר צוריק. אָבער אין דעם רעאַגירן אויף דער געשעעניש איז נ. ב. מינקאָוו ממש איבער־

ראַשנדיק געטריי זיך גופא. ער האָט געשריבן נאָר אַזוי, ווי ער האָט געקאָנט און געמוזט שרייבן.

שוין דער נאָמען פון דעם ליד איז כאַראַקטעריסטיש: „עלעק־טרישע מתים" — אַ קלאָרע אָנצוהערעניש אויף דעם עלעקטרישן שטול. איך רעקאָמענדיר יעדן איינעם צו לייענען די גאַנצע זאַך אין מינקאָווס בוך „מסעות פון לעצטן שאָטן". דאָ קאָן איך נאָר ברענגען די אָנהייב־סטראָפע:

הייבט זיי הויך,
פילשטראָמיק הויך,
ברענט זיי לאַנגזאַם,
הייליק —
אין לעצטער געהיימניש פון נאַכטמאָל. (ז׳ 39)

6

די נאַציאָנאַלע קאַטאַסטראָפע צווישן די יאָרן 1939 — 1946 האָט זעלבסטפאַרשטענדלעך נישט פאַרמיטן צו צערודערן אַזאַ אַרצי־סענסיטיוון פּאָעט, ווי נ. ב. מינקאָוו. איך קאָן פּערזענלעך דערציילן, אין וואָס פאַר אַ קאָשמאַרעדיקע פיבערן דאָס האָט אים טאָג־איין, טאָג־אויס געשליידערט.

דער קאָשמאַר און דער פיבער פילן אָן זיין פּאָעזיע אין אָט דעם גרויליקן צייט־אָפּשניט. מינקאָוו טרעט אויך דאָ נישט אָפּ פון זיין אייגן־געשאַפענעם נוסח. דער דרויסנדיקער גרויל ווערט אָנגעטאָן אין ווערטער און בילדער פון אינעווייניקסטן שוידער.

די לידער פון אָט דעם מין געפינען זיך אין מינקאָווס זאַמלונג, וואָס הייסט „ביים ראַנד" (פאַרלאַג „באָדן"). זיי האָבן געמאַכט אַ גרויסן רושם אויף אַלע לייענערס מיט חוש און פעאיקייט אַריינצו־בליקן טיפער, ווי די סאַמע אויבערפלאַך. איך דערמאָן זיך אין דעם איבערבליק וועגן אָט דעם בוך, וואָס עס האָט געשריבן ד״ר ה. דוואָרזשעצקי — אַליין אַ קרבן פון דער קאַטאַסטראָפע. ער האָט די־רעקט דערקלערט, אַז מינקאָווס בוך „ביים ראַנד" האָט אים צעטרייסלט.

פון דעם פּאָעטס איבערלעבונגען אין יענער צייט האָבן מיר אַזוינע סטראָפעס, ווי:

דער רעגן, דער אויסגעקרימטער שטייט.
טויט אויך אַלע אויסגעדרייטע לאָמפּן.

ווער איז געווען דאָרט דערביי? ווער איז
דאָרט נישט געווען?
און סישווייגט אַ וועלט. עס שלאָפט אַ גאַנצע וועלט.
איז ווער געבליבן פון דער לעצטער קאַמער
אויפצומאַנען וואָס ער האָט געזען?

די ווערטער, די בילדער, דער גאַנצער פורעם פון אויסדרוק איז בבחינת דעפאָרמאַציע, וואָס דורך איר באַמיט זיך דער דיכטער אי־בערצוגעבן די דעפאָרמירטע וועלט — דאָס ווערק נישט פון גאַטור־קאַטאַסטראָפעס, נישט פון אויסגעטראַכטע שדים און רוחות, נאָר פון כלומרשט־מענטשן, פון מערדערס, פון אורוואַלד־גזלנים.

אומפאַרגעסלעך און אַ שטענדיקער דימענט — אַ שוואַרצער די־מענט, ווייל ס׳קומט פון פאָלקס־אומגליק — אַ שטענדיקער דימענט אין דעם אוצר פון דער יידישער פּאָעזיע איז דאָס ליד „ביים גליווער־דיקן טייך״ („ביים ראַנד״, ז׳ 74).

דאָס ליד דאַרף מען לייענען, איבערלייענען, איינזאַפּן אין זיך און לאָזן עס משפיע זיין אויף זיך. דעמאָלט וועט עס גליען אין אייער אינגעווייד אויף אייביק מיט שוואַרצן פייער.

איך קאָן דאָ בלויז ברענגען די ערשטע סטראָפעס:

ביים גליווערדיקן טייך איז דאָס געווען.
ביים פאַרשטומטן וואַלד איז דאָס געווען.
איצט שפרייטן זיך דאָרטן שטחים, ווייטע שטחים חורבות,
אין שטאַרע גרויקייטן פאַרבליפּט.

די זון, אַ בלאַסע, ליגט באַגראָבן ערגעצוואו
אין טיף־פאַרפאַלענע מכפלות.
דער ריינער מולד, די מזלות ריינע —
אויך פאַרפאַלן אין די תהומען פון דעם כף־הקלע.

און שטיל איז דאָ — אַן אייביקייט.
און טויט — דער גאַנצער מרחק.
פאַראַן אַ דמיון ערגעץ־וואו?
פאַראַן אַ שאָטן־רמז פון אַ זינען?

וועגן וואָס פרעגט און שילדערט דאָ דער פּאָעט אין זיין קאָשמאַ־

רעדיקן וויטיק? דעם חורבן־באַרג פון דער וואַרשעווער געטאָ? דעם פּאָנאַר פון ווילנע? דער „באַבי יאַר" פון קיעוו? די אַלע מיט יידן־מתים געפילטע טאָלן און גריבער? אוודאי, געוויס. נאָר נאָך מער איז דאָס די געפלעפטקייט לגבי דעם גייסטיקן חורבן, לגבי דער זעלישער, טויטער וויסטעניש אין דעם מענטש, לגבי די טיף־פאַר־פאַלענע מכפּלות פון דער אַלמענטשלעכער, פאַרברעכערישער ירידה.

7

צווישן די איבערגעבליבענע, נישט־געדרוקטע לידער נ. ב. מינקאָווס איז דאָ איינס, וואָס הייסט „דעמער" — אַ באַליבט וואָרט ביי אונדזער דיכטער. מיר האָט דאָס ליד געוויזן די דיכטערין, לעק־טאָרין, פּילזייטיקע שאַפערישע פּערזענלעכקייט ד"ר כאַסיע קופּערמאַן — נ. ב. מינקאָווס אלמנה. דער לייענער וועט עס געפינען אויף אַן אַנדער אָרט אין דעם איצטיקן „צוקונפט".

איך האָב געלייענט די שורות פון אָט דעם געזאַנג און געפילט מיט אַלע חושים, אַז נ. ב. מינקאָוו האָט קלאָר געפילט ,ווי עס רינען אויס זיינע טעג, ווי נאָענט עס איז זיין נאַכט אָן אַ מאָרגן.

הערט זיך צו:

אין שעה פון הויכער שטילקייט פאַלן אָפּ מחיצה נאָך מחיצה
און ס׳דוכט זיך — סוד נאָך סוד ווערט אָפן.

האָר, דאָס מידע האַרץ ווערט מידער,
מידער, שטילער.
און אַלע דיינע וועגן זיינען אומפאַרשטענדלעך.

מערקווירדיק איז דאָ אפשר נישט אַזוי דאָס טראַגישע פאָרגעפיל. סוף־כל־סוף קאָן מען ביי אַלע פּאָעטן געפינען לידער וועגן טויט, וועגן דער נאָענטקייט פון דעם „שוואַרצן פּרינץ".

אַ קלאַפּ אין האַרץ גיט די לעצטע שורה: „און אַלע דיינע וועגן זיינען אומפאַרשטענדלעך". דאָ האָט נ. ב. מינקאָוו אַ ריר געטאָן אַ סטרונע,וואָס איז אַזוי אייגן, אַזוי נאָענט זיין גאַנצן דיכטערישן

ווערק. נישט ווינציקער כאַראַקטעריסטיש איז זי פּאַר זיין גאַנג אויף דער ערד, זיין לעבן מיט זיך און מיט אַנדערע מענטשן.

די דאָזיקע סטרונע וויברירט און ציטערט אין דעם שטח, און דער־ציילט אַ סך וועגן דעם לעבן און ליידן פון אַ יידישן פּאָעט אין אַמעריקע.

ווי פאַר דעם קינד, וואָס הייבט ערשט אָן רעדן און דעם אַסטראָ־נאָם מיט זיין טעלעסקאָפּ, געוועגדט צו די ווייטסטע שטערן; ווי פאַרן פרומען מאמין און דעם סקעפּטישן חכם; ווי פאַרן באַוואונדערער פון פייער און דעם אַריינבליקער אין דעם סוד פון וואָרט איז אַלץ געווען אומפאַרשטענדלעך פאַר אונדזער עכסטן, אַזוי אָריגינעלן, אַנ־דערשדיקן דיכטער —

נחום ברוך מינקאָוו.

כאַסיע קופערמאַן

# נ. ב. מינקאָווס דיכטערישע וועלט

אין דער פּסיכיק פון יעדן איינעם קומען פאָר סתירות אויף וועלכע דער יחיד זוכט אַן ענטפער. טיילמאָל געפינט ער אַ לייזונג צו די דאָזיקע קאָנפליקטן, אַן אויסוועג וואָס זאָל אים באַפרידיקן, אָדער כמעט באַפרידיקן. ביי קינסטלער, אין מערסטע פאַלן, קומט די לייזונג פאָר דורך סובלימירונג — אַ פּראָצעס וואָס זיין פונקציע איז צו דערהויבן, צו פאַרברייטערן, צו דערווייטערן די דאָזיקע סתירות. פאַר דעם קינסטלער איז די סובלימירונג אַן אופן ווי אַזוי ער באַפרייט זיך. ער טיילט זיך יחידיש אָפּ פון די ראַנגלענישן וואָס מאַטערן אים, און זיי ווערן אַ קאָנסטרוקטיווע, ווייטזעענדיקע טרייבקראַפט. אַזוי נאָך, דורך קינסט־לערישער באַמיאונג דערזעט ער זיי ווי זיי וואָלטן שוין צו אים מער ניט געהערט. ער אָביעקטיוויזירט זיי. די בילדער, די אימאַזשן און געדאַנקען וואָס באַקומען זיך פון אַזאַ מין שאַפערישן פּראָצעס ווערן פּראָיעקטירט אין סימבאָלן, וואָס זיינען חל ניט נאָר אויף דעם קינסטלער אַליין, ניט נאָר אויף זיין יחידישקייט, נאָר אויף אַ סך, גאָר אַ סך יחידים. וואָס מער ער פאַרברייטערט די קאַנווע און דערווייטערט זי פון זיך, אַלץ מער קאָנען די בילדער אין זיך איינזאַפּן און זיך אָנזעטיקן מיט אימאַזשן און סימבאָלן וואָס זיינען רייך מיט אָנדייטן. דורך זיין אַנטבלויזן זיך, דורך זיין אָפּטיילן זיך אַליין פון די סתירות, דורך זיין באַפרייען זיך פון די מאַטערנדיקע ראַנגלענישן און ספקות, קאָן ער זיך טיילן מיט דעם לייענער. ער גיט אים איבער אַן אויסדרוק פון זיך, אַן אינער־לעכע דערפאַרונג, אַ זעאונג, אַ לייזונג פאַר אים און אַ דערלייזונג פאַר דעם לעזער וואָס קאָן צואייגענען דעם דיכטערס אינערלעכע וועלט פון מטושטשע ווירקלעכקייטן. דער פּראָצעס פון מאָנען אַן ענטפער, פון זען און פון דערזען, פון דערזען און פון באַנעמען, איז דער וועג פון אַ סך באַדייטנדיקע קינסטלער. די טרייבקראַפט איז אויסדרוק, און אויסדרוק ווערט באַפרייאונג פאַר דעם איינצלנעם וואָס שאַפט, ווי אויך פאַר דער מערצאָל וואָס באַנעמט. די לייענער וואָס דערזעען, באַנעמען זייער אייגענער אָנגעהעריקייט צו די בילדער.

---

טיילוויז אָפּגעדרוקט אין „צוקונפט“, ניו־יאָרק, פעברואַר 1959.

ווען די דאָזיקע שאַפערישע טרייבקראַפט (ווּעמעס אימפּעט שטאַמט פון סתירות) ווערט אָנגעלאָדן, און ווען דער דיכטער קאָנצענטרירט אַלע זיינע גייסטיקע כוחות אַרויסצוטויכן פון זיין פאַנטאַזיע די אומ־צאָליקע וויזיעס, וואָס קומען ביי אים פּאָר, שאַפט זיך אַ רייכער קאָמ־פּלעקס, אַ פאַנטאַסמאַגאָריע פון זין און פון וואַנזין. פון די ראַנגלענישן, וואָס ער לעבט אַזוי אינטענסיוו דורך וויקלען זיך פונאַנדער קאָשמאַרן און אינערלעכע, זייער אָפט פאַרנעפּלטע, זעאונגען. פון זיי שיילן זיך אַרויס אינטואיטיווע ווערטן, געאָנטע אמתן. זיי דערנעענטערן זיך און זיי דערוויַיטערן זיך. דאָס אוממעגלעכע ווערט מעגלעך און אפילו אָנ־נעמבאַר, שכלדיק, יושרדיק, פול מיט חסד. עס אַנטהוילן זיך, ממש ביז פּסיכישער נאַקעטקייט, די טיפע באַדייטן וואָס האָבן זיך געמוזט אַנט־פּלעקן ווייל זיי האָבן געזוכט באַפרייט צו ווערן. דאָס איז דער אונטער־באַוואוסטזיניקער וועג צום אמת, צו דער פּסיכאָלאָגישער ווירקלעכקייט, צו דער סטאַרער, גרויזאַמער ווירקלעכקייט וואָס ליגט געוויינלעך פאַר־באָרגן, ווייל ער איז אונדז קרום און אומבאַקוועם. און די נאַקעטע וואָר מוז ליגן טיף פאַרבאָרגן ביי יעדן מענטשן ווען זי איז מוראדיק און דראָענדיק און אוממעגלעך צו באַנעמען. כדי זי צו דערקענען, זי צו באַנעמען און אויפנעמען, מוז דער יחיד זיין געוואַגט און אָפן, ממש פּילפּאַכיק גייסטרייך און אַנטוואָפנט.

עס איז פּסיכאָלאָגיש אָנגענומען, אַז וואָס ווייטער מיר דרינגען אין דעם גייסטיקן תהום, וואָס ווייטער מיר גרייכן אין דער טיף, אַוועק פון דער אויבערפלאַך (באַוואוסטזיין) אַלץ מער דערגייען מיר צו בילדער און סימבאָלן, וואָס זייער כאַאָס אַליין איז אַ שליסל און אַ רעטונג. עס אַנטפּלעקן זיך טיפערע אמתן, נאַקעטע דערשיינונגען, רמזים וואָס זיינען ניט נאָר אָנדייטן, נאָר כמעט פיקסירטע, בולטע ווירקלעכקייטן. זיי וואַרטן מען זאָל זיך דערגיין צו זיי. די ווייטסטע וועיטן פאָרן זיך צוזאַמען דאָרט אין דער טיף פון דעם אונטערבאַוואוסטזיין. צווישן די עקסטרעמען, צווישן די ווייטסטע פּאָלוסן וואָס ווערן סוגעסטירט פון דער אַזוי נאָך אָנגערעגטער פאַנטאַזיע, באַקומט זיך אַ שטח פון בילדער. און דער שטח ווערט אָנגעלאָדן פון דעם דיכטער מיט די פאַרבאָרגנסטע, די אומ־געוויינלעכסטע, אָפטמאָל די אומהיימלעכסטע בילדער. די בילדער זיינען ניט אויסגעטראַכט; זיי זיינען אויסגעטויכט, געגומען פון דער טיף, ממעקים. דערפאַר שטעלן זיי מיט זיך פאָר אַ מין באַפרייאונג, אַ מין אָפּטיילן זיך פון זייער מוראדיקייט. און זיי זיינען עכטער קאָשמאַר. זיי

זיינען גיהנום־בילדער. אָט דאָס איז דער יסוד, דער מאַטעריאַל פון מינקאָווס דיכטונג.

„אויפצולעבן
אַנטהאַרצטע קערנער
און אויפזיגלען
שטומע ליכט־געדוסן
פון אַ הילפלאָז־פאַרשאָטענעם
קאָשמאַר־פאַרוועבטן וועג.

פילפנימדיקע שטומענישן
שווימען אויף
רעגלמעסיק,
דערשיטערונגען,
שטילן־איין
האָפנונגלאָזן קומער,
געפעלשטן יום־הדין.״
(„מסעות פון לעצטן שאָטן״, ז׳ 33).

אָדער:

„ווען רעטונג־זעגלען קומען
איז גאָר גרייט די מטה.
צעבליצטע נערוון שלאָפן
אין דעם איינגעשטילטן מבול״.
(„מסעות פון לעצטן שאָטן״, ז׳ 35).

„די נאַכט סמ׳ט דעם וואַלד. דער וואַלד וואַקסט אָן אָטעם.
איך הער קלאָר, וואָס אומקלאָר געשעט״.
(„ביים ראַנד״, ז׳ 47).

„דאָס האַרץ עפנט־אויף זיין גיהנום.
און חלשט אַוועק אין די תהומען פון שלאָף״.
(„אַ שטערן בליט״, ז׳ 15).

„פייער־תהומען וועק איך מיט מיין אָטעם.
הימלען שאַף איך מיט מיין הויך״.
(„אַ שטערן בליט״, ז׳ 24).

ניט נאָר זיינען די אימאַזשן דערפֿאַרונגען אַרויסגעטויכט פֿון דער טיף, נאָר זיי שטעלן מיט זיך פֿאָר אַ מין קוועקזילבערדיקן אויסטויש פֿון ווערטן: אַ שנעלן פֿאַרקער פֿון ווערטן. פּלוצים ווערן זיי מקוים. גאָר פּלוצים פֿאַרשווינדן זיי. און ווידעראַמאָל, כמעט ביים פֿאַרלירן זיי, כמעט ביים פֿאַרגעסן זיי, לעבן זיי ווידעראַמאָל אויף.

פֿון די סתירות ווערן פֿאָלוסן, פֿון די פֿאָלוסן ווערן שטחים, און אַזוי נאָך שאַפֿט זיך די אָנגעלאָדנקייט — אַ קאַנווע פֿול מיט פֿאַנטאַסטישע אימאַזשן. און אונטער דעם אַלץ קומט פֿאָר אַ שטראָם פֿון פֿרייע, ניט געצאַמטע וויזיעס, וואָס זוכן פֿאָרט געצאַמטקייט און דיסציפּלין, ווייל נאָר אין אָרדענונג קאָן מען אַ מיין געפֿינען. דאָס אַליין שטעלט מיט זיך פֿאָר ראַנגלעניש: די דאַמבע איז אָפֿן, דער פֿלוס איז פֿריי, און ער מוז דאָך זיין געצאַמט. דאָס זינלאָזע מוז ווערן זינפֿול, שטעלט זיך אויס אין אַן אָרדענונג וואָס טראָגט באַדייט.. דערפֿאַר קומען פֿאָר ביי דעם דיכטער נ. ב. מינקאָוו אַזויפֿיל פֿיינלעכע ווידערשפּעניקונגען. די קאָנטראַסטן לעבן אויף, זיי ווערן אַ רייכער קוואַל פֿון הכנעה און פֿון שטרייט, פֿון פֿאָראויס־באַשטימטע וועגן און פֿון ברייטערע האָריזאָנטן, ניי־אַנט־פּלעקטע, ניי־געעפֿנטע דרכים.

„עס צינדט זיך אָן אַ שטראַל, צערינט אין מיינע גלידער,
דער העלער אָנזאָגער פֿון ווייטער אויסגעטראַכטער וועלט.

עס וואַכט די נאַכט. עס שטייען שוואַרצע שטילקייטן פֿאַרקלערט,
צומאָל בליצט אויף אין מיר דאָס שראַלן ווי אַ בלאַנקער שווערד."
(„לידער", ז' 55).

"עס קומען אַלע וועגן און זיי ווערן איין וועג בלויז,
און וואונדער — איך אַליין בין אַלע זיי געוואָרן.
עס פֿאַלן איינער נאָך דעם צווייטן אַלע צוימען,
כ'גיי אויף דורך חורבות, בלוט און קברים ווי דורך טרוימען."
(„לידער", ז' 66).

„עס טראַכט נאָך זינלאָז בלויז דאָס האַרץ:
האָרכט שאַרף ביז טויטסטער אַנגסט."
(„מסעות פֿון לעצטן שאָטן", ז' 35).

ניט נאָר טרעפֿן מיר אין מינקאָווס לידער קאָנראַסטן ווי האַרץ און שכל, געצאַמטקייט און כאַאָס, ווייס און שוואַרץ, זין און וואַנזין, וואָר און חלום, נאָר אָנצאָליקע אַזעלכע פֿאָלוסן וואָס אָט זיי דערנעענטערן זיך

(ממש ביז אָפּגעמעקט צו ווערן), און אָט זיי דערוויטערן זיך איינער פון צווייטן: רו און אומרו; פֿאַלש און וואָר; אָפן און פֿאַרזיגלט; פינצטער און קלאָר; קלאָרקייט און כאַאָס; מעגלעך און אוממעגלעך; דורכזיכיק און שוואַרץ; שאָטן און ליכט; סוף און אין־סוף; געדולד און אומ־געדולד; געבורט און טויט; טאָג און נאַכט; זון און לבנה; קאַיאָר און דעמער (באַליבטע ווערטער ביי דעם דיכטער, ווייל קאַיאָר איז אַ תהום וואָס עפנט און פֿאַרמאַכט זיך, אַ מיטלפּונקט, אַ סינטעז צווישן טאָג און נאַכט, און דעמער אויך אַזוי. יעדע פון זיי, קאַיאָר און דעמער, איז אַ מין אומבאַשימטער שליסל צו שאַרפֿע קעגנזאַצן); קין און הבל; שטרייט און רו; ערד און וואַסער; ערד און הימל; מבול און רעגנבויגן; שטיין און בלום; שטיין און ווייץ; זאַנגען (ווייץ) און לײדיקער שייער; לײדיק און פֿול; בעל־רחמים און תלין; פֿאַרעטער און נביא; חסד און גוואַלדטאָט; און נאָך אַ סך אַנדערע באַגריפן וואָס לאָזן זיך פֿאָרן נאָר ווייל זיי ווידערשפּעניקן זיך.

דערפֿאַר מאָנען אַלע זיינע לידער־ביכער: פֿאַרוואָס? וואו איז דער זין פון דעם אַלץ? און וואָס איז דער שכר פון דעם אַלץ? און זיין בוך ביים ראַנד באַטאָנט אפשר מער ווי אַלע אַנדערע ביכער (פון זיינע לידער) דעם אומזין פון ליידן און פון בעסטיאַלער תהומיקייט. די אומבאַשטימטקייט צווישן יאָ און ניין, צווישן שקר און אמת, צווישן אַלע קעגנזאַצן, האָט געמיינט ראַנגלעניש און אַנגסט. און מערקווירדיק ווי ער האָט געקאָנט אַזוי דייטלעך זען דעם חורבן מיט אַלע זיינע פיינ־לעכע דעטאַלן, ווי ער האָט זיך געקאָנט אַזוי עמאָציאָנעל (און דאָך אָביעקטיוו, ווייל פון דער וויטן) פּראָיעקטירן אין דעם שוידער, אין דער קאַטאַסטראָפע וואו מענטשלעכע לעבנס זיינען געהאַנגען צווישן לעבן און טויט.

„און איז דען ווען געווען —<br>אַ טאָג — אַ ליכטיקער, אַ קלאָרער? —<br>אָן פּייניקונג, אָן שאָדנפרייד?<br>גאָט, פֿאַרלעש די לעצטע פונקען פון זיכרון.

און ווען־ניט־ווען בלייכט אויף, גייט־אויף<br>אַ וואונטש, וואָס ווערט אַ מאָדנער, ווייטער רעיון,<br>און נאָכדעם... נאָכדעם — אַלץ בלחש:<br>טיפֿע ווערטער, תפילות; — פּלוצים —

א פאַרשטיקטער שרייען.

— — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — —

און ס׳ווערן אומפאַרשטענדלעך: —
לאַנג־פאַרענטפערטע פאַרוואָסן,
אימהדיקע תפילות, ווייטע ליכט,
און ווילדע, שטומע חצותן״.

(„ביים ראַנד״, ז׳ 10).

„אין טעג פון אומגלויבן, ווען ס׳ליגט גאָטס ווערק צעבראָכן,
ווען זיגן זיגט קאָשמאַר, ווען ניסים — נוצלאָזער באַטרוג,
ניט רעד פון טיערסטע אבדות, ניט רעד פון טרייסט, דערצייל ניט
פון בטחון.
מיר האָבן אַלץ געהאַט, מיר האָבן אַלץ געהאַט גענוג.

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

פון ניט־דערוויינטע טרערן שרייט אַ מאָנונג — שוידערדיק
און שטום״.

(„ביים ראַנד״, ז׳ 11)

**און געמאָנט האָבן די סתירות, די קאָנטראַסטן, וואָס ער האָט פון זיי געשאַפן אימאַזשן און סימבאָלן. סימבאָלן און אָנונג זיינען געווען דער רייכער באַשטאַנדטייל פון מינקאָווס דיכטערישער וועלט. עמאָציאָנעל־אָנגעשטרענגט, ממש וויזיאָנעריש, האָט ער צוגעאייגנט אַלערליי דערפאַרונגען און האָט געקענט דערזען, פּראָיעקטירן זיך אין דער טיף און אין דער וויטקייט. אָנונג האָט געמיינט עמאָציאָנעל דערקענען דעם אמת, פאַרשטיין דעם זין. דאָס לעצטע געדרוקטע ליד זיינס (דעמער, געדרוקט אין דער „צוקונפט״, מאַי 1958) איז פול מיט אָנונג. מטושטשקייט און נעפּלען זיינען דאָ ניטאָ. ער גיט איבער פשוט און דירעקט דאָס וואָס ער ווייסט.**

„אין שעה פון הויכער שטילקייט פאַלן אָפּ מחיצה נאָך מהיצה
און ס׳דוכט זיך — סוד נאָך סוד ווערט אָפן.
האַר, דאָס מידע האַרץ ווערט מידער,
מידער, שטילער,
און אַלע דיינע וועגן זיינען אומפאַרשטענדלעך.״

אָדער די לעצטע ווערטער זיינע, וואָס ער האָט אָנגעשריבן אויף אַ קאַרטל אויפן שרייבטיש, אַ שעה־צוויי פאַר זיין אויסהויכן דאָס לעבן:

„גוף.

ס׳וועט קיינער אונדז ניט רופן.״

ס׳איז קלאָר וואָס ער האָט געמאָנט. ס׳איז אויך קלאָר, אַז ער האָט דאָ פאַרשריבן דעם גאָר־לעצטן סך־הכל פון אַלע מענטשלעכע ראַנג־לענישן.

אָנונג, וואָר, זין, דאָס זיינען געווען דער שטענדיקער ציל, די לייטונג פון זיין דיכטערישער וועלט; אַ וועלט אַן אינערלעכע, אַן אָנגעשטרענגטע, אַן אָנגעלאָדענע מיט צער. די געפילן — ווי ביי אַ דינער סטרונע אָנגעצויגן כמעט ביז צום פּלאַצן, און דאָך דיסציפּלינירט. ווייל די בילדער, — רייכע, פיל־באַדייטנדיקע און מוזיקאַליש־געפורעמטע, האָבן אין איין און דערזעלבער צייט געוויזן אַ קאָמפּליצירטן, קאַליידאָס־קאָפּישן ווירוואַר און אַ וועג אַן אויסגעמאָסטענעם, אָפּט בהדרגהדיק געמאָסטן. אין דעם אופן פון דרינגען ווייטער און ווייטער אין דער גע־דיכטעניש פון דעם דיכטערישן וואַלד איז געווען אַן אַנטלויפן אין דער פאַנטאַזיע, אָבער צוגלייך מיט אַ באַשטימטן ציל, מיט אַ שטאַרקן ווילן צו דערזען, צו באַגרייפן, צו פאַרשטיין, אפילו צו דערקלערן דעם ענד־ציל: זין. זין און סדר פון בילדער אין די ראַמען פון דער מוזיקאַלי־שער שורה. און זין האָט פאַר מינקאָוון דעם דיכטער געמיינט ניט נאָר געפינען אַן ענטפער אויף סתירות און אַ באַפרייאונג פון פיין, נאָר דאָס אונטערשטרייכן דעם עטישן מיין. זין האָט געמיינט פאַר אים עולם חסד יבנה. זין האָט געמיינט שיינקייט און מענטשלעכקייט, די צוויי פּנימער פון אמת, פון אור־אור־יידישע ווערטן (וואו דער מענטש שטייט העכער פון אַלץ).

עס איז גאָר וויכטיק צו באַמערקן אַז יידישע פאָלקס־סימבאָליק, וואָס מינקאָוו האָט געזוכט און געלערנט אין תנך, אין קבלה, אין חסידישע לעגענדעס, אפילו אין די תחינות, איז פאַר אים געווען אַזוי באַדייטנדיק עכט. ער האָט זיך שטענדיק געגריבלט אין די לעגענדעס, געזען אין זיי אַ קוואַל פון ספּאָנטאַנע ניט־געקינצלטע, אינערלעכע און דירעקטע, מענטשלעכע בילדער און מאָטיוון, וואָס ער האָט צו זיך און זיין פּאָע־טישער וועלט צוגעאייגנט. דערביי איז ער געווען טיף־יידיש און אויך טיף־רעליגיעז.

„ס׳וועט קיינמאָל ניט פאַרלאָשן ווערן
דאָס ליכט פון מיינע גאָט־פאַרכטיקע זיידעס.״
(„לידער״, ז׳ 19).

**האָט ער געשריבן נאָך אין יאָר 1922.**
**און אין 1945:**

„איך האָב דאַן קלאָר געהערט, גאָט קלאַפּט ביי מיר אין אָדער
און זוכט אַ וועג און קלאַפּט. און וועקט מיך. אַ פאַרצווייפלטער.
און וועקט.
און הבלס קולות האָבן זיך אין מיר געוואָרפן, געשריען און געזאָדן.
און גאָט האָט אַלץ געקלאַפּט, געקלאַפּט — און האָט זיך מער
שוין ניט אַנטפּלעקט.״
**(„ביים ראַנד״, ז׳ 29).**

„אין האַרץ פון פאָלק, מיין אומגליקלעך, פאַרפּייניקט פאָלק,
אָטעם איך אין זכות פון טיפן קוואַל.
דעם קוואַל איז נישט צו הערן. דעם אויסשטראַל ניט צו זען.
נאָר ס׳דערגייט פון אים אַ קוים־באַמערקטער ציטער — פון
אייביקייט און גאָט.״
**(„ביים ראַנד״, ז׳ 60).**

„מיין יעדער טאָג איז גסיסה — איז דאָרשט צום מקור פון
דעם מיין.
מיין יעדע נאַכט איז אַנגסט געמינערט פון אַ וויטן דורות
שטראָם״.
**(„ביים ראַנד״, ז׳ 50).**
**שפּעטער, אין זיין לעצטן בוך לידער, אין 1952:**

„דאָס האַרץ, דאָס איינגעפאַלענע, צעעפנט זיך אין תהום פון
אַלע פריערדיקע דורות.״
**(„אַ שטערן בליט״, ז׳ 72).**

**טיף־יידיש און מיט אַ שטאַרקן ווילן צו דערגיין ביז צום מקור. דערפאַר געפינען מיר ביי אים אַזעלכע לידער ווי אליהו הנביא, דער אָרון, צלם אלוקים, קדמוניש סייגן. דערפאַר חזרן זיך ביי אים איבער**

אַזעלכע באַגריפֿן און סימבאָלן ווי אור, גאָטס האַנט, מקור, סנה, הר־מוריה, סטרא־אחרא, שכינה, איכה, חצות, מבול, רעגנבויגן, פֿאַסטוכער, שרפים, כתרס, קין, הבל, נביא, עקדה, לאַם, שעת־הכושר, כעלות השעה. דערפֿאַר האָט ער אין די לעצטע יאָרן זיך אַזוי שטאַרק געגריבלט אין דעם פּולן און אַלזייטיקן, אפילו מיסטישן באַדייט, פֿון גאָר אַלטע העברעאישע, קבליסטישע ווערטער. און דערפֿאַר איז אים אפילו דאָס אַלטע תחינה־לשון געוווען אַזוי טייער און אייגן.

זיין לעצט־געדוקט ליד דעמער איז אָנגעזאַפּט מיט חסידישע און קבליסישע סימבאָלן. דאָס ליד אַ שטערן בליט, איינע פֿון זיינע שענסטע און פּשוטסטע לידער (דאָך ווי ווייט ניט־איינפֿאַך און ווי טיף־יידישלעך־טיף־מענטשלעך) איז פֿול מיט מיסטישע סימבאָלן:

„ברויט און וואַסער, — און די שטילע ברכה,
דאָס איז אַלץ, וואָס מיר פֿאַרמאָגן.
אַ שטערן בליט אין לערן שייער,
ווערט פֿאַרשוואונדן, גלייך ביים טאָגן.

דער דיל איז גרייט... די ליכטער צוויי...
דאָס ביסל שטרוי... די טיר איז אָפֿן...
זייט שטילער... טראָגט אַריין די דעק..
דער תהלים־ייד — זאָל ער נאָך שלאָפֿן.“
(„אַ שטערן בליט“, ז׳ 42).

„און אין הימל — אין דעם דורכזיכטיקן ווייסן פּלאַם —
אַ גאָלדענע מנורה, לוחות צוויי, אַ זילבער־בוים, אַ ברונעם,
אַ סטאַדע בלויע שעפּסלעך און אַן ערשט־געבוירן לאַם“.
(„אַ שטערן בליט“, ז׳ 37).

„און לאַנגזאַם בלייכט די טויטע נאַכט
און גאָט — גאָט זעיט און זעיט און זעיט“.
(„ביים ראַנד“, ז׳ 64).

און צווישן זיינע פֿאַרבליבענע שריפֿטן געפֿינט זיך אַ ליד וועגן אברהם, די דריי מלאכים, יצחק, און די עקדה. און דאָרט האָט דער דיכטער אַליין אַ געשפּרעך מיט אברהמען.

אײן בײַשפּיל װאָס קאָן דאָ דינען בעסער צו דערקלערן דעם גאַנצן ענין: דער דיכער און זײַן ייִדישער טעמאַטיק, איז דער סימבאָל פֿון יעקב. יעקבס חלום און יעקבס לײטער געפֿינען מיר אין גאָר אַ סך פֿון מינקאָװס לידער.

„אין הױכע שװאַרצע פֿעלדער ציטערן די נײַע שטערן.
און יעקבס דורכזיכטיק געשטאַלט גײט אום צװישן זײ און זוכט —
אַ סימן פֿונעם טאָג, אַ טרער, אַ ניצוץ פֿון חרטה,
און זוכט און זוכט און זוכט."

(„אַ שטערן בליט", ז' 13).

יעקב אַלײן איז, פֿאַרשטײט זיך, פֿאַר דעם דיכטער דער סימבאָל פֿון אַ װיזיאָנער און פֿון אַ װעגװײַזער: אַ מענטש פֿון טוגנט און פֿון גײַסט, פֿון אינערלעכער גבורה. ער זוכט אַ װעג, ער ראַנגלט זיך, ער װאַנדערט, ער געפֿינט. און יעקב הײסט ישראל; ער װערט דער טרעגער פֿון אַ גרױס פֿאָלק. זײַן אָנהײב איז געראַנגל, זײַן װעג איז אים שװער, זײַן צוקאָפּנס אַ שטײן, װאָס ער געפֿינט אין װעג. און זײַן אײנציקער אָנשפּאַר איז גאָט — „און איך װעל זײַן מיט דיר און איך װעל דיך היטן אומעטום װאו דו װעסט גײן" (יהואָשעס איבערזעצונג). און יעקב איז באַגלױבט אין דעם דאָזיקן טרױם און אין דעם לײטער (װאָס צװישן הימל און ערד שטײט ער). דער לײטער װערט גאָר אַ װירקלעכקײט פֿאַר אים. „ערשט אַ לײטער שטײט אױף דער ערד, און זײַן שפּיץ גרײכט ביזן הימל, און זע, מלאכים פֿון גאָט גײען אַרױף און נידערן אַראָפּ אױף אים. און אָט שטײט גאָט איבער אים" (יהואָשעס איבערזעצונג). שפּעטער רופֿט גאָט אים ישראל „װאָרום האָסט געשטריטן מיט גאָט און מיט מענטשן און ביסט בײַגעקומען".

עס איז װיכטיק זיך אָפּצושטעלן אױף דעם באַגריף חלום און אױף דעם באַדײט פֿון לײטער, אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם גאַנצן קאָמפּלעקס יעקב־ישראל. חלום שטעלט מיט זיך פֿאָר דאָס אַרױסטױיכן אַ מײנונג, דאָס באַגרײַפֿן אַן אינערלעכע װיזיע, דאָס קאָנען אינטערפּרעטירן אַ זינ־לאָז מטושטש בילד, און דערגײן צום יסוד, צום עיקר. עס אַנטפּלעקט זיך פֿאַר יעקבן אַן אמת, אַ מין פֿון דעם אַלעם — פֿאַרנונפֿט. לײטער, װאָס דערגרײכט אַזש ביזן הימל און װאָס אױף אים שטײגן און נידערן די מלאכים, און װאָס אױף זײַן שפּיץ שטײט גאָט — דאָס איז אַ סובּ־לימירונג, אַ דערלײזונג פֿון אַלע יעקבס סתירות. דער לײטער פֿאַר־

ווירקלעכט אַ ציל. ער באַפרייט יעקבן פון זיין פאַרצווייפלונג. זיב־קענדיק אַזוי נאָך, טויכנדיק אין דער טיף פון זיין חלום, דערגרייכט ער די הויך פון זיין וויזיע. און זיין וויזיע מוז סוף־כל־סוף מקוים ווערן. צו־קאָפּנס פון אַ שטיין (די האַרבע און פיינלעכע וואָר) „דערזעט" ער די הויך און די ווייטקייט פון זיין וועג (זיין באַרוף); ער דערזעט די אינער־לעכע ווירקלעכקייט. ער באַגרייפט אַז זיין אַמביציע קען און וועט מקוים ווערן. ווייל זיין חלום איז פאַר אים וואָר. מער ווי אַלץ, זיינע דערגריי־כונגען געהערן שוין ניט נאָר צו אים, ניט נאָר צו דעם עבר, נאָר זיי שליסן איין זיין פאָלק, וואָס וועט זיך פון אים צעוואָרצלען און צעצווייגן. און זיי געהערן שוין צום עתיד. גאָט וועט זיין דער אָנשפּאַר און דער היטער. („דער גאָט וואָס איז געווען מיין פּאַסטוך פון זינט איך לעב ביז אויף היינטיקן טאָג, דער מלאך, וואָס האָט זיך אויסגעלייזט פון אַלעם בייז" — יהואָשעס איבערזעצונג). יעקב איז דער סינטעז צווישן עבר און עתיד, צווישן חלום און וואָר, צווישן פאָרכט און דרייסטקייט, צווישן הכנעה און שטרייט. יעקב איז דער טיפער תהום און ווייטער הימל. יעקב איז די פאַרקערפּערונג פון גבורה.

„אונדזער יעקב־חלום טיף פאַרשטאַנען
און קיינמאָל ניט אין סנה דערברענט."
(„אַ שטערן בליט", ז' 66).

„אַ ציטערדיקן לייטער, ביז צום שויס פון הימל־טיר."
(„ביים ראַנד", ז' 70).

„און פּלוצים ברעכט אַ שטילקייט אויס,
און שרייט באַנומען ווי אין טיפסטן שלאָף:
„מיר זעען ניט! אַוואו די טויערן? אַוואו איז יעקבס לאַנד?
מיר באַנעמען ניט גאָטס דרכים מער!"
(„ביים ראַנד", ז' 66).

אין זיין ליד יעקבס אומקום באַשרייבט מינקאָוו אַ געראַנגל צווישן פּראָמעטעי און דעם שטאַרבנדיקן יעקב. צו ווע מען וועט יעקב ביים טויט געהערן? אין דעם ליד איז יעקב ניט נאָר אַ וויזיאָנער נאָר אַ סימבאָל פון אינערלעכער גבורה.

„גיהנום־שרפות שטאַרבן
אין טויטע שוואַרצע טייפונען.
קלאָגט פריידיק אַ גאָט דורכן מדבר:
מיין זון, איך האָב דיך געפונען.״
(„מסעות פון לעצטן שאָטן״, ז׳ 28).

קלאָגט און פריידיק פאָרן זיך מאָדנע דאָ. דאָ זעען מיר יעקבן ניט ווי דער וואָס דאַרף האָבן אַ היטער; פאַרקערט, ער איז דער אויף וועמען גאָט אַליין דאַרף זיך אָנשפּאַרן. אין דעם זעלבן בוך לידער, אין וואָרטלאָזע טרעפּ (ז׳ 29) טרעפן מיר אַזאַ סטראָפע:

„טרעפּ פון יאָרן — אָן באַדויער לאַנג פאַרגאַנגען;
טרוים איז קיינמאָל ניט קיין טרוים געווען;
וואָר — אויסגאַנגלאָז געפאַנגען
אין ווידמונג פון שגעונס און פון בלינדן זען.״

דער דיכטער באַשרייבט „לייטער־שפּיגלען אין שפּרייטונג־ווירבל״ און ס׳וויט־צעוואָרפענע ברוכוויזע שטייגן״. טרעפּ און לייטער און שטייגן זיינען אַלץ באַגריפן וואָס דערציילן וועגן אַמביציע און זעאונג. און יעקב, יעקב דער פירער. אָט דער דאָזיקער אופן פון זוכן, פון ראַנג־לעניש, פון אויסחלומען אַ וועג, פון חלומען מטושטש, פון דורכלעבן און דערזען קלאָר אָן אָנדייט — פון דעם צוקאָפּנס־שטיין ביז צו דעם שפּיץ פון לייטער (פון האַרטער וואָר, פון צער ביז סובלימירונג) דאָס איז פאַר מינקאָוון געווען דער וועג פון אַ דיכטער, פון אַ יידישן דיכטער. יעקב איז דער דיכטער. יעקב איז דער יידישער דיכטער. ישראל איז דאָס פאָלק מיט אַלע זיינע חלומות און שטרעבונגען, דאָס פאָלק וואָס זוכט חסד, יושר, סדר, דין, עטישן באַדייט.

„דאָ זיינען טויערן געעשטאַנען.
דאָס ליכט פון יעקבס חלום האָט אין חשכות דאָ געוואַכט.

אַ שווייגעניש — אומשטערבלעך, אומפאַרשטאַנען,
און וואַקסט, און וואַקסט — און גייט אויף שכלדיק־
פאַרחלשט אין דער נאַכט.

דאָ זיינען ברונעמער געשטאַנען
אין אור־אור־ערשטן טרוים.
— — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — —
מיר זיינען פאַר די טויערן געשטאַנען.
ביים אויפציטער פון מאָרגנשטערן — אַלצדינג הויך
באַגריפן און דערקענט.
און אונדזער יעקב־חלום טיף פאַרשטאַנען,
און קיינמאָל ניט אין סנה דערברענט."
(„ביים ראַנד", ז' 65־66).

דאָס זוכן און דאָס מאָנען דעם ענטפער אויף „פאַרוואָס" און שטענדיק זיך אָפּשטעלן האַרט ביים תהום פון אומפאַרשטענדלעכע באַגעגענישן און פון שטומען פּחד, זיך אָפּשטעלן, אַריינזינקען אין זיין שוואַרצקייט און זוכן און זוכן און אויסטויכן אַ מיין. די אַלע אינערלעכע דערפאַרונגען זיינען דערפאַר פאַר מינקאָוון געווען וויכטיקער, ווירקזאַמער און אַקטועלער ווי אויגנשייינלעכע פּאַסירונגען.

די ווירקלעכקייט איז פאַר אים ניט געווען דאָס וואָס איז בולט און אויף דער אויבערפלאַך. די ווירקלעכקייט איז געווען דער חלום און דער לייטער. מינקאָוו דער דיכטער איז געווען צו אינטענסיוו־עמאָציאָנעל, צופיל פאַרטאָן אין רחבות פון גייסט, ניט צו דערקענען אַז די ווירקלעכקייט, דער פּסיכאָלאָגישער און אינטואיטיווער אמת ליגט פאַרבאָרגן און מוז אויסגעלייזט ווערן — אַז פון מטושטשקייט קאָן מען סוף־כל־סוף דערגיין ביז צו פאַרנונפט. אין זיין ערשט בוך לידער, אין אַ סאָנעטן־רינג, שרייבט ער וועגן זיך:

„עס קומען אַלע וועגן און זיי ווערן איין וועג בלויז,
און וואונדער — איך אַליין בין אַלע זיי געוואָרן.

עס פאַלן איינער נאָך דעם צווייטן אַלע צוימען.
כ'גיי אויף דורך חורבות, בלוט און קברים ווי דורך טרוימען"
(„לידער", ז' 66).

און אין ביים ראַנד, געשריבן מיט 21 יאָר שפּעטער, אין דעם ליד צלם אלוקים, וואו ער רעדט וועגן יעקבס לאַנד און שרייט אויס: „מיר

באַנעמען ניט גאָטס דרכים מער!" זאָגט ער, אין כמעט די זעלבע ווערטער:

„דורך טייכן בלוט, דורך חורבות און דורך טייוולס יעדן שטער שטייען אַלץ די טויערן."

(„ביים ראַנד", ז' 66־67).

דאָס זוכן און באַגרייפן, דאָס געפינען אַ שליסל צו דער וואָר, צו דער אינערלעכער ווירקלעכקייט — דאָס האָט אַלץ באַדאַרפט פירן צו פאַרנונפט, צו הויכער וויזיע — צום לייטער. און פאַרנונפט האָט גע־מיינט אי די שיינקייט פון נביאישער אַנטפּלעקונג, אי יושר און סדר און חסד. אין זיין פאָררעדע צו זיין בוך מסעות פון לעצטן שאָטן (1936), שרייבט ער:

„דער שטן אַנדעקט און וועקט־אויף אין זיך דרעמלענדיקע לעבן־שטראָמען, וואָס פירן אים צו יענער גרויסער סאָציאַלער וואָר, וואָס פאַרענטפערט אמת, יושר און גערעכטיקייט." און ער רעדט דאָרט ווייטער וועגן דער דריי־פּנימדיקייט פון דעם שאָטן, וועגן „זיינע דריי אַנבליקן: 1) זיינע גייסטיקע אָנהייבן, דורכגעוואונדיקט מיט מעסיאַ־ניזם. 2) אידייעס בייטן זיך אין אים ווי אין אַ קאָשמאַר. 3) וואָס וויל זיך דערשלאָגן צו שטרענגקייט, ריינקייט און פּינקטלעכקייט, כמעט פון אַ ספּינאָזישער סיסטעם." שפּעטער, אין דעם זעלבן אַריינפיר, שרייבט ער וועגן „אונדזער פּיעראָ" (דער העלד פון זיין צווייט בוך לידער) ווי ער איז „צעריסן פון זיינע בענקענישן, צאַנקענישן און דאָרשטן. זיין טויט איז פול מיט פיינלעך־הויכע מאָמענטן... עסטעטישן כשוף... און גאָלגאָטע." איז דען דער דאָזיקער שאָטן ניט קיין נביא, קיין דיכטער? אַ יעקב מיט זיין חלום און זיין לייטער? אַ יעקב וואָס ראַנגלט זיך און זוכט?

די וועלט פון קאָשמאַרן און פון סתירות איז פאַר מינקאָוון געוועזן אַן אָנגעלאָדענע מיט ליכט און מיט שאָטנס. אינטענסיוו־אינטואיטיוו, האָט ער דערזען שפורן, וואָס קאָנען קיינמאָל ניט אָפּגעמעקט ווערן און וואָס זוכן אַ מיין, אַ באַדייט, אַ באַפרייאונג. די נאָך־ניט־געפורעמטע אָנדייטן האָבן געזוכט אַרויסגעטויכט צו ווערן, באַלויכטן צו ווערן און אויך אין דער זעלבער צייט געצאַמט צו ווערן.

„און דו — אין גרויסן אומגליק — קוקסט זיך־צו ווי ס'גייט אַרום אַ גרייז

און נעמט צונויף די דערנער, צווייגן. נעמט צונויף דאָס גאַנצע בראָך.

אַ הויפן הייליקער — וואו איז דער זין אין דעם ? —
— — — — — — — — — — — — —
אָ זאָג, איז דאָס די וואָר אין די חלומות ?
צי איז אַזוי יעדערער קאַיאָר אין תהומען פון דער נאַכט ?
— — — — — — — — — — — — —
און בלויז אַ בלאַסע רויז, אַן איינציקע, אַ קראַנקע,
שטאַרבט און טרוימט און שטראַלט.״
(„קאַיאָר״, געדרוקט אין „חשבון״, יאַנואַר 1957)

**און דאָס ליד הייבט זיך גאָר אָן מיט אַ פאַרזיגלטער נאַכט, מיט טויערן וואָס עפענען זיך אין דעם קאַיאָר און מיט צאַמען וואָס ברענען :**

„אין ווייטע תהומען פון דער טיפער נאַכט —
עפענען זיך — לאַנגזאַם — מחנות פייערדיקע טויערן.
ס׳טרעט אָפּ פון זיי אַ גוואַלדיק גליענייש.
און ברענט פונאַנדער אַלע צאַמען ביי דעם ווייטן הימל־ראַנד.״

איציק שוואַרץ

# נ. ב. מינקאָוו: אברהם רייזען, דער דיכטער פון ליד

(פאַרלאַג „באָדן״, ניו־יאָרק, 1936, 48 זייטן)

דער ים דילעטאַנטישע, אָפּט אומבאַהאָלפענע, איבערפּלעכלעכע, מליצהדיקע אָבער פּרעטענציעזע „רעצענזיעס״ און „קריטיקעס״, וואָס האָט פאַרפּלייצט די לעצטע פּאָר יאָר אונדזער פּובליציסטיק, שטויסט שיר ניט אָפּ דעם ערנסטן לייענער פון לייענען קריטיק. דעריבער איז גרויס געווען די אָנגענעמע איבערראַשונג, וואָס ס׳האָבן אַרויסגערופן די אַרבעטן וועגן מאָריס ראָזענפעלד און ש. פרוג, וואָס מינקאָוו האָט פאַרעפנטלעכט אין אַמעריקאַנישן זשורנאַל „באָדן״.

אַליין אַ דיכטער פון דעם ערשטן דור אינזיכיסטן, איז נ. ב. מינקאָוו אַ שעפערישער קריטיקער, איינער פון די, וועלכע נעמען דעם שטאָף פאַר זייערע געשטאַלטונגען פון דער ליטעראַטור, אין דעם זעלבן זין ווי די ליטעראַטור נעמט אים פונעם לעבן. מינקאָוו איז אַ שאַרפער אַנאַליטישער קאָפּ, מיט אַן ערנסטן וויסנשאַפטלעכן באַגאַזש, מיט אַ רייפן, ערנסטן צוגאַנג צו דיכטונג, אַ מענטש פון געשמאַק און חוש פאַרן ליד און גלייכצייטיק אַ קלאָרער, לאָגיש־דענקענדיקער, אַנאַלי־טישער אינטעלעקט. זיין אַנאַליז איז ניט קיין פּסעוודאָ־וויסנשאַפטלעכע, וואָס סעצירט טויטע קערפּער, נאָר אַ ספּעקטראַל־אַנאַליז, וועלכע זעט דורך און דורך דאָס לעבעדיקע, צאַפּלדיקע דיכטערישע וואָרט.

נאָך ש. ניגער און מ. ליטוואַקאָוו שאַפט ער אַן ערנסטע, אַקאַדעמישע — כאָטש ניט קיין דאָגמאַטישע אָדער קאָנווענציאָנעלע קריטיק. ער רעדט שטענדיק קלאָרע דיבורים, אפילו אין די קאָמפּליצירטסטע, ראַ־פינירטסטע מאָמענטן פון זיין שרייבן. אַלגעמיינע באַמערקונגען וועגן קונסט, וועבן זיך איין אין געוועב פון כאַראַקטעריזירונגען פון דעם געגעבענעם שטאָף; דער דיכטער ווערט געגעבן אויפן פּאָן און אין ראַמען פון דער עפּאָכע. די נייע רעזולטאַטן פון דער אַנאַליזע ווערן נאַטירלעך פאַרוועבט מיט אייגנאַרטיק פאַראַרבעטע ביז־איצט דער־גרייכטע רעזולטאַטן און ס׳באַקומט זיך אַ סינטעזע, וועלכע קריצט זיך שאַרף איין אין מוח.

---

„טשערנאָוויצער בלעטער״, טשערנאָוויץ, רומעניע, 1937.

אַזוי איז צ. ב. דער שלוס פון דעם ביכל, וואו סע ווערט אונטער־געצויגן דער סך־הכל: „רייזען איז דורכגעגאַנגען דעם פּרימיטיוון, דעם קריטישן און דעם פּאָזיטיוון רעאַליזם. דורך אַלע עטאַפּן פון זיין רעאַליזם פילן זיך אָנדייטן פונעם קומענדיקן אימפּרעסיאָניזם. רייזען לאָזט אויף זיך שטראָמען אומצייליקע מאָמענט־אויסדרוקן. אַ רעאַליסט נאָך דער טראַדיציע נאָך, אַן אימפּרעסיאָניסט נאָכן טעמפּעראַמענט, גייט ער דורך דעם וועג פון כסדרדיקע מערנדיקע סתירות פון דער ווירקלעכקייט. דער אַקטיווער סקעפּטיקער, וואָס געפינט אין זיך פּאַר־שיידענע אָנגעזיכטן פון אַ מאמין, זוכט ער אינטימקייט אין קלענסטן פּרט פון דערשיינונגען, אין וויטסטן אָפּקלאַנג. אויף אַלץ ענטפערט ער ווי אַ טיפער עטיקער, אַ בעל־רחמים, אַ זוכנדיקער צווייפלער, אַ טראַגישער איראָניקער, אפילו אַ ראָמאַנטיקער.

מיט דעם קול פון ראָמאַנטיקער רעדט רייזען, דער אָנזאָגער פון אינדיווידואַליזם אין דער יידישער פּאָעזיע..." (ז. 47).

רייזענס פּשטות איז נישט אַזוי איינפאַך ווי סע ווייזט אויס אויפן ערשטן בליק: „הינטער זיינע קאָנקרעטע און איינפאַכע ווערטער און פורעמס באַזיצט רייזען אַ שפע ניט־באַמערקטע און פאַרשיידנאַרטיקע באַציאונגען." ער זעט די דערקלערונג פון רייזענס פּשטות און איינ־שטימען מיט זיין עפּאָכע אינעם דיכטערס „קלאָרן עמאָציאָנעלן אויפ־נעמען איינדרוקן" און אין זיין „אָרדענונגספולער באַגריפלעכקייט". די סיבות פון רייזענס פּראָלעטאַרישער ציל־באַוואוסטקייט און צוועק־באַוואוסטקייט געפינט ער אין זיין עטישן חוש, אין זיין גלויבן אין דעם ענדלעכן זיג פון סאָציאַלער גערעכטיקייט, אין זיין פּאַרטיפן זיך אין די לאַבירינטן פון קריטישן רעאַליזם און אין דער רוסישער רע־וואָלוציע.

איבערצוגעבן די גאַנצע שפע פון באַמערקונגען און אויספירן וואָלט געהייסן ציטירן די גרעסטע טייל פונעם ביכל. די צימצומדיקע זאַצן ברענגען אַרויס ליבע און פאַרשטענדעניש פאַרן גרויסן דיכטער א. רייזען און רעגן אָן צו לייענען זיינע ווערק. דאָס איז, דאַכט זיך, דער גרויסער פאַרדינסט פון אַ קריטיקער.

מיר וואַרטן מיט אומגעדולד אויפן אָנגעקינדיקטן בוך פון מינקאָוו „עסייען וועגן יידישע קלאַסיקער פּאָעטן", ווען מיר וועלן זיך אויס־פירלעכער אָפּשטעלן אויף נ. ב. מינקאָוו, דעם אינטערעסאַנטסטן קריטיקער־עסעיאיסט פון דעם לעצטן יאָר־צענדליק.

מ. י. חאַימאָוויטש

# אַרום שרייבער

נ. ב. מינקאָווס בוך „יידישע קלאַסיקער פּאָעטן" האָט מיר אַריינגעבראַכט אין אַ זייער געהויבענער שטימונג. עפּעס האָב איך פון תמיד אָן אַ שוואַכקייט צום קלאַסיציזם, כאָטש איין גאָט ווייס דעם אמת, אַז איך האָב קיינמאָל ניט באַקומען קיין קלאַסישע דערציאונג. און דאָך כאָווע איך פון קינדווייז אָן אַן יראת־הכבוד פאַר אַלע קלאַסיקער, און איין פאַל מיט מינקאָווס בוך איז די שמחה נאָך גרעסער שוין דערפאַר, וואָס צוויי פון די זעקס קלאַסיקער אין בוך האָב איך פּערזענלעך געקענט און צוויי קען איך נאָך עד־היום. און אַזוי אַרום האָט זיך מיר געלייגט אויפן שכל, אַז דער באַגריף פון צייט הענגט אַמאָל אָפּ פון דער אייגענער געדולד אָדער אומגעדולד, — און איך בין סטאָאיש און די צייט פליסט אַזוי געמיטלעך, ווי די נאָכמיטיק מחשבות פון אַ פּאון: ס׳טיילט ניט פאַנאַנדער קיין ברייטער שטראָם דעם קלאַסיציזם און איצטיקייט. אַלץ איז אַזוי אויפגעגאָסן אין איין פרידלעכער, שלומערדיקער סיעסטאַ. און ס׳וועט לאַנג ניט נעמען און איך אויך וועל מעגלעך ווערן אַ קלאַסיקער.

מינקאָווס אָפּהאַנדלונגען שטימען אָן אויף גאָר אַ באַזונדער טאָן. מ׳האָט ביים לייענען דאָס געפיל פון געפינען זיך צווישן די טריבע ווענט פון אַ פּראָטעסטאַנטישער קירכע: ס׳הילכט מיט ווייטקייט און איינגעהאַלטנקייט. דער סטאַטעטשנער טאָן מיט דער אומישנער טרוקענער פּאַכמאַנשאַפט און ווילן צו זיין האַרט און זאַכלעך, ווי אויך די גרויסמוטיקע אָביעקטיוויטעט, — דאָס אַלץ געקומען פון פּעדער פון אַ מאָדערנעם, אין זיך איינגעשלאָסענעם, מענטשן און טיף־אַריינדרינגענדיקן פּאָעט האָט גורם געווען, אַז איך זאָל שטאַרק מקנא זיין די קונסט פון קאָנען זיך אַזוי פיין צעטיילן אין צווייען: פּראָפעסאָר און דיכטער.

---

„ניו יאָרקער וואָכנבלאַט", נומער 66, מאַי 14, 1937.

אברהם רייזען

# ליטעראַרישע רעוויו

נ. ב. מינקאָוו, דער ראַפּינירטער און טיף־דענקענדער און סימבאָלישער פּאָעט איז אויך דער רעדאַקטאָר פון דעם ערנסטן און וויכטיקן דריי מאָנאַט שריפט „באָדן". די שריפט דערשיינט שוין דאָס פערטע יאָר און האָט באַרייכערט די יידישע ליטעראַטור מיט וויכטיקע אָפּהאַנדלונגען, וואָס — צוליב די, צי אַנדערע טעכנישע סיבות, וואָלטן זיי ניט געדרוקט געוואָרן אין אַנדערע זשורנאַלן — און וואָס עס וואָלט געווען אַ גרויסער פאַרלוסט פאַר דער יידישער ליטעראַטור בכלל.

דער „באָדן" האָט די לעצטע צייט צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די ערנסטערע לייענער מיט זיינע עסייען פון רעדאַקטאָר אַליין וועגן די יידישע פּאָעטן קלאַסיקער, געשריבן מיט גרויס פאַרשטענדעניש, ליבע און ערודיציע און טאַקע מיט אַ טיפן אַנאַליז. איבערהויפּט די אָפּהאַנדלונגען וועגן יהואש, מאָריס ראָזענפעלד און ש. פרוג — זיינען גאָר אַ באַדייטנדיקער צושטייער אי צו דער פאָרשונג אי צו דער דערקלערונג פון די דאָזיקע דריי גרויסע יידישע פּאָעטן, וואָס צוויי פון זיי — שמעון פרוג און מאָריס ראָזענפעלד, זיינען פון אונדזערע ביזאַהעריקער קריטיק באַהאַנדלט געוואָרן, שוין צופיל אויבן־אויפיק. די אַלע עסייען וועלן אינגיכן דערשיינען אין בוך־פאָרם. עס וועט באמת זיין אַ וויכטיקע דערשיינונג אין דער יידישער ליטעראַטור.

---

„די פעדער", ניו־יאָרק, מאַי־יוני, 1937.

ב. טוטשינסקי

# נ. ב. מינקאָוו, דער קריטיקער

(נ. ב. מינקאָוו — „יידישע קלאַסיקער פּאָעטן״, פאַרלאַג „באָדן״ ניו־יאָרק, 1937).

נ. ב. מינקאָוו איז אַ דיכטער. אַ פּאָעט, וואָס געהערט, אמת, צו אַ באַזונדערע שול, וואָס לייקנט די נויטווענדיקייט אָנצואווענדן אַלטע מעטאָרן פון ווערסיפיקאַציע, אָבער ער איז דאָך, קודם כל, דיכטער, וועמענס מיטלען זיינען עפעקטיוו אין געביט פון עמאָציאָנעלן. ווייזט אויס דערפאַר נאָך אויסטערלישער מינקאָווס סיסטעמאַטישקייט און זיין אָביעקטיווער אַנאַליטישער צוגאַנג בשעתן אויספאָרשן די לידער־שאַפונג פון יידישע פּאָעטן.

מיר פאַרמאָגן ווינציק יידישע דיכטער, וועלכע האָבן קיין עסייען נישט געשריבן וועגן קונסט בכלל און קינסטלער — בפרט. מינקאָוו איז אין זיינע אויספאָרשונגען נישט קיין דיכטער, נאָר קריטיקער פון אַזאַ ערנסטן פאַרנעם, אַז איניקע אונדזערע ליטעראַטור־פאָרשער האָבן זיך געמעגט אין אים מתקנא זיין. מינקאָוו „פּרואווט״ נישט, ער דרינגט אַריין אין סיבות, ער גענעראַליזירט געשעענישן, ער מאַכט טיף־לאָגישע אויספירן ווי אַ דיאַגנאָסט און, נאָכדעם, באַהויפּטעט ער, פאָרמולירט. אָבער ס'באַקומט זיך ביי אים נישט קיין טרוקענער מאַטעריאַל, נאָר קילער, ווייל מינקאָוו ווערט נישט מיטגעריסן — נישט פון סימפּאַטיע־התלהבות און נישט פון איראָניע...

מינקאָוו, קאָן זיין, געהער צו אַ ריכטונג, וואָס האָט אַ טעות, אָבער געקומען איז ער צו זיינע איבערצייגונגען נישט צופעליק. איצט ווייסט ער וואָס ער וויל און מ'קאָן נישט געפינען אין זיינע באַציאונגען קעגנ־זעצלעכע שטימונגען, — אַ זאַך, וואָס טרעפט, ליידער, אָפט מיט איניקע אונדזערע קריטיקירנדיקע.

— מ'דאַרף אָנערקענען, אַז ס'וועט אונדזער יידישן לייענער, — יעדנפאַלס — דעם רוב! — גאָרניט גרינג זיין גובר זיין מינקאָווס מאַטעריאַל. ערשטנס: ער אָפּערירט נישט מיט קיין בילדערישקייט, אַלץ איז ביי אים אויסגערעכנט, אויסגעווירעט לאָגיש. ער מאָנט

---

„פרייע אַרבעטער שטימע״, ניו־יאָרק, מאַי 6, 1938.

ספעקולאַטיווקייט, מוח־אָנשטרענגונג, פילאָסאָפישעס, אָדער האַלב־פילאָסאָפישעס, באַנעמען אַן ענין פון קונסט. ער שטרעבט צו קאָנ־דענסירטקייט פון געדאַנק, צו פּינקטלעכער דעפיניציע, וואָס זאָל נישט נאָר באַפרידיקן מיט דעם שאַרפזין פון אַפאָריזם, נאָר וואָס פרעטענדירט שיעור נישט צו פאַרבלייבן פאָרמול פאַר אַ לערנבוך פון ליטעראַטור. דערפאַר קאָן מען צוזאָגן, פאָרויסזאָגן, אַז דער אינטערעסאַנטער באַנד וועט נישט אָנרירן קיין טויזנטער מוחות. ביי די, וועלכע ס'וועט דאָך אָנרעגן, וועט בלייבן וועגן דער אַרבעט איין איינדרוק פון אָריגינעל־קייט און פיל־קענעוודיקייט, מיט וועלכער ס'האָט זיך זייער און זייער געלוינט צו באַקענען.

מינקאָוו „כאַפּט" נישט אָן קיין טעמע. אים אינטערעסירן די אָביעקטן פון זיין אויספאָרשונג אין צוזאַמענהאַנג מיט זייער אַנטוויק־לונג אין דער עפּאָכע. קומט ער אָבער שילדערן באַקאַנטע, ווי ס'שיינט, זאַכן, וואַקסט אויס זיין אייגנאַרטיקייט אין אויפנעמען קונסט־ווערטן. ס'איז שווער איבערצוגעבן די הויפּט־אידייען פון מינקאָווס אויס־פאָרשונג, ווייל זיי געפינען זיך ביי אים אין די צענדליקער, אָנגע־שפּיקעוועטע אויף יעדן זייטל כמעט פון זיינע בילדלאָזע, געפיללאָזע, אינטעלעקטואַליסטישע עסייען. אַרויסכאַפּן אָריגינעלע סענטענצן, אַפּאָ־ריזמען, דעפינירטע פאָרמולעס לוינט זיך, ווייל נישט אָפט באַגעגענען מיר אַזאַ סטיל, אַזאַ שילדערונג אין יידיש. אָט, למשל, אין ערשטן עסיי וועגן פּרוגן (ווער האָט נישט געשריבן, אָדער געלייענט וועגן פּרוגן? ווער האָט אים נישט געליבט אין דער יוגנט און אַ מאָך געטאָן מיט דער האַנט אויף די יוגנט־סימפּאַטיעס?) ווערט מען שוין פאַר־אינטריגירט נישט אַזוי צוליב מינקאָווס נעגירן פון פּרוגס ווערט אין דער רוסישער ליטעראַטור, ווי צוליב דעם ערנסט און אייגנאַרטיקייט, מיט וועלכע ער אָפּערירט, כדי אַרויסצוברענגען זיינע דעדוקציעס (אויספירן), כ'מיין די פּאָזיטיווע:

„דער ניט־פּאַרטיפּטער רעאַליזם, די אויבנאויפקע באַהאַנדלונג פונעם מאַטעריאַל, און נאָכמער, די דידאַקטיק, ברענגען מיט זיך פ י ל וו אָ ר ט י ק ײ ט. ס'ווערט, אַזוינאָך, ניט געגעבן דעם לייענער קיין מעגלעכקייט צו דערשאַפן, צו דערגאַנצן דעם דיכטערס אָנרעג, און דורכלעבן אָדער באַגרייפן אַן אייגענע דערפאַרונג". (ז. 24).

„די טענדענציעזקייט אין דער קונסט געפינט זיך אויף דער פלאַך, ווייל איר פּאַרטיקער צושטאַנד איז ווייט פון יענעם יערנדיקן פּראָצעס

פונעם איינדרוק, וואָס זוכט אויסוואוקס, רייפקייט און אויסגאַנג. דער פּאַרטיקער צושטאַנד רעגט ניט אָן די ענערגיע און וויזיע פון קינסטלער צו אַן אַבסאָלוטן מוז. און דערפאַר קען די טענדענציעזקייט ניט דינען ווי אַ דערלייכטערונג, ווי אַ מין קאַטאַרזיס צו אַן עקזאַלטירטער קוואַליקייט.״ (ז. 27).

**שוין די דאָזיקע צוויי ציטאַטן זיינען אַ באַווייז, אַז מינקאָוו אויס־פירן זיינען אונטערגעוואָרפן אַ מוח־דיסציפּלין, אַז ער האָט ליב צו אַבסטראַהירן און, אַז די אַבסטראַקציע זיינע איז נישט קיין באַדנלאָזע, אַז ער האַלט זיך ביי אַ געוויסער סיסטעם און וויל אַריינברענגען אָרדענונג און פּאַרנונפטיקייט אין דעם לייענערס באַגריפן. וויפל מ׳האָט שוין געשריבן וועגן פּרצן דעם דיכטער! אָבער נישט נאָר לוינט זיך צו לייענען אויך מינקאָוון; ס׳לוינט זיך אים טאַקע ספּעציעל צו לייענען, הגם די אַרבעט וועגן פּרצן איז נישט די געלונגענסטע אין באַנד.**
**איין ציטאַט:**

„די פילאָסאָפיע פון סוביעקטיוון רעאַליזם איז אויף אַזאַ אופן ניט קעגנזאַץ צו דער אידעאַליזירונג אין וועמענס ספער די דיסטאַנץ ענדערט, מאָדעלירט, שאַפט איבער די רעאַליטעט אין אַ מער־גראַניקייט, אָבער אַלץ אין די גרענעצן פון דער זעלבער דירעקטער סובסטאַנץ... צוריק פון דער פרעמד און פּראָסטיקייט האָט ער (פּרץ) זיך דעמאָלט דערפילט זיכער און אין אַ וואַרעמער וועלט, ווען ער האָט זיך אומגע־קערט פון דער טעאָרעטישער, פאַר אים לערער וועלט, און דערזען פון דער ווייטן זיין רעאַלע וועלט, אמת, אַ ווייט אָפּגערוקטע, אַ פאַר־ראָמאַנטישטע און פאַרגייסטיקטע, אָבער אַלץ אין דעם באַוואוסטזיין פוןווירקלעכקייטן.״ (ז. 44).

**די אַלע ציטאַטן רעדן אָבער וועגן קאַטעגאָריעס פון אַלגעמיינעם כאַראַקטער, וואָס קומען פּאַראַלעל מיט די באַטראַכטונגען וועגן קונסט בכלל און ליטעראַטור בפרט. די אַרבעט וועגן ראָזענפעלדן איז שוין מער ספּעציעל, טיפּיש־ליטעראַריש. מינקאָוו אַנאַליזירט און נעגירט, סומירט און נעגירט, אָבער ס׳איז זיין אַנאַליז איינציקאַרטיק, אויב נישט אינגאַנצן גערעכט בנוגע דעם פּיאָנער פון דער יידישער דיכטונג:**

„טראַכטן וועגן דער קריסטאַליזאַציע און וועגן דעם אָנשטרענג צו באַהערשן דעם מאַטעריאַל איז געווען פאַר ראָזענפעלדס סביבה אַן אוממעגלעכקייט און אַן אומבאַוואוסטע דערשיינונג... ״
„דער קערן אין דער פאָרם פון פולקאָמען אויסדרוק, זוכט אויך

באַהעפטונג, דורכגייענדיק דעם זעלבן שטח, — נאָר דער פּראָצעס איז אַ פאַרקערטער: איינדרוקן טרעטן אַרויס פון דעם אויסדריקער און באַווירקן דעם צושויער... ״

אונדז שיינט, אַז די קלענסטע רעזולטאַטן האָט מינקאָוו דערגרייכט דווקא דאָרטן, וואו ער האָט געדאַרפט זיין אַמשטאַרקסטן — אין דער קריטיק איבער יהואשן, וועלכער איז, לויט דער טעמע און טראַקטירונג, אַמנאָענטסטן צו מינקאָוו דעם דיכטער צווישן אַלע געשילדערטע. דאָס הייסט נישט, אַז דאָ איז מינקאָוו ווינציקער אָריגינעל; אדרבה — ער צעשיט זיך אין אַ גאַנצער רייע טעאָריעס און אויספירן. ער רעדט גאַנץ זאַכלעך און אינטערעסאַנט וועגן „קינסטלערישן באַוואוסטזיין״, וועגן עמאָציאָנאַליזם אין דער יידישער ליטעראַטור, וועגן „פּאַר־ראָמאַנטישסטן ראַציאָנאַליזם״ און „טראַגישן אָפּטימיזם״, וועגן אַפּאָ־לאָגישן און דיאָניסישן (געוויינטלעך, ניצשע און, געוויינטלעך, שאָפּענ־הויער!), אָבער דער טיפער און פאַרנעפּלעטער קינסטלער יהואש ווערט נאָך נעפּלהאַפטער דורך מינקאָווס אינטערפּרעטאַציע. נאָך אין די אַפאָריזמען, ווי: „ביי ניצשען איז דאָס אַריסטאָקראַטישע — דער ווערט, ביי יהואשן — די באַציאונג, יהואשעס הערויאיזם איז ניט פון בלוט און קאַמף, נאָר פון געוויסן״ איז איינגעשלאָסן געוויס קלאָרקייט. ווען אָבער מינקאָוו, סומירנדיק, שטעלט אויס פאָרמולעס וועגן „סוביעקט, וואָס דרינגט אַריין אינעם אָביעקט״ און קאַפּויער און דרינגט, אַז דאָס איז דער ציל פון דער עסטעטיק, קאָן מען נישט נאָר דינגען זיך מיט אים, מ׳קאָן גלאַט אַרויסשטעלן פּרעטענזיעס צו אים. ווייל קאָמפּליצירטע פאָרם און אינהאַלט פאָדערט, ווי ס׳שיינט, יהואשעס שאַפונג אַן אַנדער מאָדוס פון באַהאַנדלונג ביים דעשיפרירן...

אין די אויספאָרשונגען וועגן א. ליעסינס דיכטונג און, באַזונדערס, אין עסיי וועגן א. רייזען, „דעם דיכטער פון ליד״ פעלט שוין די הוילע קאַלטע אָביעקטיווקייט פון אַ זייטיקן; מינקאָוו ווערט שויך, אומ־באַמערקט פאַר זיך אַליין, ווינציק אומפּערסאָנעל, ווייל ער האָט אַ ספּעציפישע באַציאונג צו דיביידע קינסטלער, אַ מענטאַליטעט, וועלכע באַמערקט זיך נישט אַזוי בנוגע די איבעריקע געשילדערטע. און, ווייל דער טאָן איז אַ וואַרעמערער, שטראַלט אַרויס דאָ און דאָרט די אינטימ־קייט פון ליבע צווישן די שורות און, — ס׳וועט אפשר מאָדנע זיין פאַר מינקאָוון אַליין! — ס׳שטערט לחלוטין נישט זיין אָביעקטיווקייט. אויך דאָ גיט ער אַן אַלגעמיינע כאַראַקטעריסטיק פון פאַרהעלטענישן, אין וועלכע ס׳איז אויסגעקומען זיך צו אַנטוויקלען די קינסטלער, אָבער

דאָ פּרעפּאַרירט ער שוין נישט אַזוי. מינקאָוו אינטערפּרעטירט דאָ אויך, דורך פאָרמול־דעפיניציע, א. ליעסינס דואַליזם, אָבער מ׳זעט קלאָר, אַז ער איז, אין אַ געוויסער מאָס, אַפּאָלאָגעטיש, און דאָס איז ווייט נישט לגנאי. פּונקט אַזוי האָט קיינער, דוכט זיך, נישט אַנאַליזירט די אור־קוואַלן פון ליעסינס גייסט־צווייאיקייט. מינקאָוו ווענדט אָן טער־מינען פון מעטאַפיזיק און פסיכאָלאָגיע, ער קאָמבינירט און סינטעז־טיזירט, אָבער ס׳איז אים, אונטערבאַוואוסטזיניק מעגלעך, נויטיק, אַז דעם קינסטלערס דואַליזם זאָל באַרעכטיקט ווערן, שאַפט ער אפילו אַ פּאַראַדאָקס: „דער דואַליזם ווערט אַזוי נאָך אַ מין מאָניזם, וואָס באַהויפּט אויך די עקסיסטענץ פון מאַטעריע. אָבער דערפאַר נעמט ער איר אָן אויף אַזוי ווייט, אויף וויפל די מאַטעריע ווערט אָנגענומען ווי אַן אינטעלעקטועלע באַגרינדונג פאַרן געדאַנק.״ שפּעטער אַ ביסל גייט מינקאָוו שנעל איבער צו שטרענגער סיסטעמאַטישקייט מיט פּאַראַגראַפן פון די טעזיסן, אפילו נומערירטע, ווען ער רעדט וועגן פסיכאָלאָגישער, סאָציאַלער און עסטעטישער אינטערפּרעטאַציעס, אָבער שוין אויף זייטל 166, ווען ער באַשרייבט דעם „מוסר״ אַלס יסוד פון ליעסינס וועלט־אָנשויאונג, בייט זיך דער סטיל, ער פאַרלירט זיין ריין־וויסנשאַפטלעכער טרוקנקייט, ווערט וואַרעמער, כדי באַלד, קאָנסעקווענט און געטריי זיך, אומקערן זיך צום פריערדיקן מעטאָד. אָט־דאָס צופעליקע אָפּטרעטן פון דעם סטיל־שאַבלאָן ביי מינקאָוון און דאָס איינטריפן, דאָס צונויפפאָרן פון ריין־קאָנטעמפּלאַטיוון מיט, אפילו אַ שמץ פון איינדריקפולן, ברענגט די בעסטע רעזולטאַטן — ס׳פאַר־בלייבט די גאַנצע אָריגינעלקייט מינקאָווס און ס׳דריקט נישט אַזוי די קילקייט פון מאַטעמאַטיש־פּינקטלעכער אַרגומענטאַציע, וועלכער איז זייער און זייער אָנגעמבאַר, ווען ס׳האַנדלט זיך וועגן הוילער לאָגיק, אָבער שטערט, ווען ס׳האַנדלט זיך וועגן קונסט. נאָכמער באַמערקט זיך די מעלה פון סטיל־סינטעז אין לעצטן אַרטיקל וועגן א. רייזען. מינקאָוו זוכט צו דערקלערן וויסנשאַפטלעך דעם כישוף פון רייזענס דערפאָלג מיט דער הילף פון איינפאַכער, דווקא, פאָרם. קומט די ערשטע פאָרמול:

„„יעדע עמאָציאָנעלע דערפאַרונג, געבויט, ווייזט אויס, אויף אונדזער פאָרשטעלונגס־קראַפט, שאַפט אַ צושטאַנד פון אומוואַנדלונג. לייענענדיק רייזענען אָבער, שאַפט זיך די אומוואַנדלונג אַזוי אומבאַ־מערקט, ניט געזען און ניט געפילט, אַז בלויז ביים באַטראַכטן דעם איינדרוק דערפילט מען, אַז דאָ איז פאָרגעקומען אַ באַווירקונג־פּראָצעס ווי דורך אַ טראַנס.״

ס׳פּאָלגן וויטערדיקע טעזיסן אין זעלבן גייסט און אינמיטן — אַ דערקלערונג פון רייזענס גאַנצקייט און אויפריכטיקייט צווישן די סתירות פון דער עפּאָכע, וועלכע איז באַזירט שוין אויף דער איינפאַכער שיינקייט פון רייזענס שורות טאַקע. און אַזוי אויפן גאַנצן שטח פון דער אויספאָרשונג: — אינטעלעקטואַליסטישע באַטראַכטונג, שאַרפער אַנאַליז, נומערירטע פראַגן און נומערירטע ענטפערס, קלאַסיפיקאַציע, דיסציפּלינירטע צעגלידערונג און באַפּרוכפּערנדיקער אָפּקער, — זאָל זיין אויף איין ווילע! — וואָס לאָזט דעם לייענער אָפּאָטעמען לייכטער. אַזוי די שילדערונג פון רייזענס איבערגאַנג צום קריטישן רעאַליזם פון פרימיטיוון רעאַליזם, די שילדערונג פון רייזענס סקעפּטיציזם און זיין אַנטוויקלונג אַלס דער בעל רחמים. דאָ באַגעגנט איר שוין נישט נאָר אַ „פּאַרבלאָנדזשעטן” אויסדרוק: „עס זוניקט פון רייזענס לידער אַן אויסערגעוויינלעכע ליבשאַפט צו מענטשן”, נאָר גאַנצע פּראַזן ווי: „די עסענץ פון רייזענס באַנעמען די וועלט: קאָמפּליצירט אין יחיד־כלל־שייכות, יידישלעך־דיאַניסיש אין טרויעריקן שפּיל, און פול מיט רחמים־ליבשאַפט, וואָס פירט צו חכמה און הומאָר.” מ׳דאַרף אויך צוגעבן, אַז אין קיין שום אַרבעט איז מינקאָוו אויך נישט אַזוי איבער־צייגנדיק, ווי אין די לעצטע: וועגן א. ליעסין און א. רייזען. דאָס לאָזט אונדז דענקען, אַז מיר זיינען געגרעכט בנוגע דער ראָל פון סטיל־סינטעז אין אויספאָרשערישע אַרבעטן וועגן קונסט־פּראָבלעמען. מ׳קאָן דאָך נישט אָפּלייקענען, אַז אויך, אומאָפּהענגיק פון די דאָזיקע צופעליקע מעלות, האָט מינקאָווס בוך אַ זעלבסטשטענדיקן ווערט אַלס: אָרי־גינעלע טראַקטירונג; צייטנוויז, גאַנץ טיפן און אפילו שאַרפזיניקן אַנאַליז („אין זיין פּראַקטישער דערפאַרונג זעט רייזען דיווירקלעכקייט אין פּערספּעקטיוו”), אַלס רייכער מאַטעריאַל פון באַטראַכטונגען פון אַ באַהאַוונטן, הויך־קולטורעלן שרייבער וועלכער קאָנסטרואירט זיינע שאַפונגען לויט אייגענע געזעצן פון אייגנאַרטיקער סימעטריע. מעגן זיי זיין נישט יעדערן צום האַרצן און נישט צוגעגלעך פאַר יעדן מוח. אין אָריגינעלקייט קאָן מען זיי אַוודאי נישט אָפּזאָגן. און וויפל קריטיקער פאַרמאָגן מיר דען, וואָס קאָנען שטאָלצירן מיט אַזעלכע אייגנשאַפטן?...

און צי איז בכלל נישט די בעסטע צייט שוין אָנצוהייבן צוגעוואוינען אונדזער לייענער, אַז קריטיק איז אויך סיסטעם און קאָנסטרוקטיווער פּראָצעס, וואָס האָט רעכט זיך אויסצודריקן, ווי יעדער שאַפונג, אין אומענדלעך־אָריגינעלע פאָרמען?...

י. ר. ברינמאַן

# אַ בוך פּאַר קריטיקער

נ. ב. מינקאָוו — „יידישע קלאַסיקער פּאָעטן. (עסייען), פאַרלאַג „באָדן" ניו־יאָרק, 1937, 224 זייטן.

**לייענענדיק דעם דיקן בוך „יידישע קלאַסיקער פּאָעטן" פון נ. ב. מינקאָוו האָב איך געטראַכט: גאַנץ גוט האָט דער קאָלעגע מינקאָוו געטאָן וואָס ער האָט געשריבן וועגן אונדזערע קלאַסיקער פּאָעטן, פון וועלכע פיר זיינען שוין אויפן עולם האמת און צוויי — זיי צו לאַנגע, לעבעדיקע יאָרן — זיינען גראָד די אַלעמען באַליבטע דיכטער א. ליעסין און אברהם רייזען, וואָס אויסער גוטעס קען קיין יידישער קריטיקער וועגן זיי נישט שרייבן.**

**צי האָט עס מינקאָוו בכיוון געטאָן, ווייל ער ווייס גוט, וואָס מען האָט ביי אונדז שוין צעשריבן וועגן קריטיק און קריטיקער, וויפל צעבערס מיט שמוץ מען האָט שוין אויף זיי אויסגעגאָסן און... יעטוועדער איינער וואָס האָט נאָר אָפּגעדרוקט אַ לידל, אַ דערציילונג אָדער אַ שונד־ראָמאַן אין אַ צייטונג קומט מיט פּרעטענזיעס צו די יידישע קריטיקער, און נישט נאָר מיט פּרעטענזיעס, נאָר אויך מיט מאַרק־שרייערישע זידל־ווערטער, קוים האָט אים דער אָדער יענער קריטיקער נישט פאַרגליכן מיט אַ געטע, אַ שעקספּיר, אָדער כאָטש מיט אונדזערע היימישע גדולים.**

**מיט איין וואָרט: ביי אונדז האָט מען אָנגעהויבן קוקן אויף אַ קריטיקער ווי אויף אַ מערדער, אַ פּאַראַזיט וואָס האָט זיך אָנגעזעצט אויף טאַלאַנטפולע מענטשן זיי אומצוברענגען און אין בעסטן פאַל — ווי אויף מענטשן וואָס טויגן אַליין צו גאָרנישט, קענען אַליין נישט שאַפן, און ווילן דאָך זיך זיין געדרוקט צוגלייך מיט די שעפער, אָדער ווילן זייער כעס פאַר זייער ניט־קאָנען אויסלאָזן צו די יעניקע וועלכע קענען יאָ.**

---

„דער זונטיקדיקער אידישער קוריער", שיקאָגע, מערץ 20, 1938.

נ. ב. מינקאָוו איז גראָד אַן אויסנאָם אין דעם פֿאַל. ער איז אַליין אַ טאַלאַנטפֿולער דיכטער, אַ גוטער רעדאַקטאָר און פֿונדעסטוועגן האָט ער אויסגעמיטן אונדזערע יונגע גדולים מיט זייערע פּריש־צאַפּלדיקע „געניאַלע" שאַפֿונגען און געוויזן, אַז... אויב אונדזער קריטיק איז אַ וואַסערדיקע און רעצענזיע־מעסיקע זיינען אין דעם לכתחילה שולדיק די שרייבער און ווערק (דאָס רוב — נישט אַלע, חלילה!) וועלכע ווערן קריטיקירט. דער עיקר אָבער האָט מינקאָוו באַוויזן מיט זיין בוך, אַז וועגן אַ קלאַסיקער אָדער קלאַסישע ווערק מוז אַ קריטיקער אַלעמ־ערשטנס האָבן וואָס צו זאָגן.

איינס אָבער איז שווער צו פֿאַרשטיין פֿון מינקאָווס בוך: וואָס האָט דער קריטיקער אַמערסטן געוואָלט אונטערשטרייכן, דאָס קלאַסישע אָדער דאָס פּאָעטישע? מינקאָוו, וועלכער איז אַליין אַ פּאָעט אין פֿולן זין פֿון וואָרט, און האָט אויך וואָס צו זאָגן וועגן אַנדערע פּאָעטן, האָט דורך דער עסייאיִשער פֿאָרם, וואָס ער האָט זיך אויסגעקליבן פֿאַר זיינע שאַפֿונגען, אַ ביסל מבולבל געמאַכט דעם לייענער און נאָך מער געשאַדט דעם קריטיקער גופֿא. פֿאַרווישנדיק אַ יעדע גרענעץ ביים פֿאַרטיפֿן זיך און אויסטייטשן די קלאַסיקער־פּאָעטן. מאַנכעסמאָל דוכט זיך, ווי ער וואָלט וועלן אַלזייטיק אויסשטודירן יעדן קנייטשעלע אין זייערע שאַפֿונגען, אום נישט איבערצולאָזן דאָס מינדסטע פֿאַר אַ צווייטן קריטיקער.

צי איז עס אַ מעלה אָדער אַ חסרון? — ווי אַ מאָל און ווי פֿאַר וועמען. פֿאַרן מיטלמעסיקן לייענער איז עס אַ גרויסע מעלה. פֿאַרן בעסערן לייענער אָדער קריטיקער — אַ חסרון, ווייל מינקאָוו לאָזט פֿאַר אים נישט איבער ביי וואָס נאָכצודענקען, און מינקאָווס עסייאיִשע קריטיק איז פֿאַר אים צו לייכט, שיעור נישט וואַסערדיקלעך...

אָט נעמען מיר צ. ב. פּרוגן. איבער פּרוגן און זיינע שאַפֿונגען איז מיר אַ סך אויסגעקומען צו לייענען. לייען איך אָבער מינקאָווס אַרבעט איבער פּרוגן, וואָס פֿאַרנעמט 25 זייטן, פֿרעג איך מיך אַליין: וואָס האָט ער פֿאַר מיר דאָ מחדש געווען? איך האָב געלייענט קירצערע אַרבעטן וועגן פּרוגס שאַפֿונגען און לייענענדיק זיי האָב איך אַ סך דורכגע־לעבט דעם פּאָעט פּרוג, מער ווי איך האָב עס ביי מינקאָווס אויסגע־צויגענער עסיי.

דאָס זעלבע קאָן מען אויך זאָגן וועגן די עסייען „מאָריס ראָזענ־פֿעלד" און „יהואש". איבערלייענענדיק זיין 75 זייטיקע עסיי וועגן

יהואשן, האָב איך מיר דערמאָנט ווי משה ניידיטש האָט אַמאָל שרייבנדיק וועגן יהואשעס בוך „פון ניו־יאָרק ביז רחובות און צוריק", צווישן אַנדערעס געזאָגט: „די יידישע שפּראַך איז געגליכן צו מצה. מצה, אַז מען הייבט אָן קייען, קאָן מען נישט אויפהערן. עס עסט זיך אַליין פון זיך, אַזוי צו זאָגן. אויף קיין שפּראַך קאָן מען נישט אַזוי פיל ריידן ווי אויף יידיש. יידיש איז אַ שפּראַך, וואָס רעדט זיך אַליין פון זיך, און וואָס מער מען רעדט, אַלץ מער ווילט זיך."

אָט נעמען מיר צ. ב., די עסייען וועגן י. ל. פּרץ און להבדיל בין החיים והמתים, די לעצטע צוויי: ליעסין און אברהם רייזען, וואו מיר מיר געפינען שוין דווקא גאַנץ אָריגינעלע איינפאַלן און אַ סך ביז גאָר אינטערעסאַנטע באַמערקונגען, און פונדעסטוועגן שפּירט זיך ווי זיי גייען פאַרלאָרן צוליב דער לייכטער עסייאישער פאָרם, וואָס ער האָט זיך אויסגעקליבן. אָט די אַלע אייגנאַרטיקע איינפאַלן, השערות, באַגריפן און באַמערקונגען וואָלטן זייער אמתן ווערט געקראָגן, ווען מינקאָוו באַנוצט זיך ביים שרייבן מיט אַ וויסנשאַפטלעכן אַרט שרייבן און עפּעס אַ האַרבערן, מעג עס זיין ווייניקער פאַרשטענדלעכן סטיל.

אַזאַ קריטיקער ווי מינקאָוו, מיט אַזוי פיל וויסן און פאַרשטענדעניש פאַר זיינע ליבלינגס־דיכטער האָט געמעגט וועלן זיין פּראָפעסאָריש לגבי זיינע לייענער און נישט ווי אַ קליינשטעטלדיקער דרדקי־מלמד, וואָס סטאַרעט זיך מיט אַלע אופנים אויף איינמאָל מסביר זיין דעם קינד דעם פּסוק חומש.

עס איז אָבער קיין ספק נישט אַז פאַר דעם קריטיקער איז מינקאָווס בוך אַ וועלט מיט מאַטעריאַל און אפילו ערשטראַנגיקן מאַטעריאַל. דאָס, וואָס דער סתם־לייענער וועט נישט זיין בכוח אַרויסצונעמען פון דאָס לאָגיש־אומבאַגרייפלעכע און שטיקער צונויפגעשמאָלצענע לאַווע (אַזוי זעען אויס זיינע עסייען) איז אפשר אַ שאָד, דערפאַר וועט דער קריטיקער זיך האָבן ביי וואָס צו פאַרטיפן, אַרויסקלייבנדיק די „פּערל" וואָס ליגן אויפן גרונט פון ים...

דער גרעסטער פעלער ביי מינקאָוון איז דאָס, וואָס זיינע עסייען פעלט אַ פּלאַן. ס'קומט אַרויס צעצויגן. כאָטש דער קריטיקער, מינקאָוו, האָט אַזוי פיל צו זאָגן, געפינט ער אָבער נישט די פּאַסיקע אויסדרוקן און אַזוי אַרום ליידט די קאָנסטרוקציע, און נישט נאָר די קאָנסטרוקציע איז אַ שטער פאַרן לייענער, נאָר אויך דאָס פעלן פון וויסנשאַפטלעכער

באַגרינדונג. און פאַר מינקאָוון האָט גראָד געפּאַסט ער זאָל געבן קאָנ־
קרעטע, קאָנסטרוקטיווע קריטיק.

ביי די אַלע אויסגערעכנטע און נאָך אַנדערע נישט דערמאָנטע פעלערן מוז אָבער געזאָגט ווערן, אַז מינקאָווס בוך עסייען איז פון גרויסן ווערט, שוין צוליב דעם אַליין, וואָס ער האָט אַזוי טרעפלעך אַריינגענומען די אמתע זעקס פּאָעטן־קלאַסיקער אין זיין ווערק. די באַצייכענונגען פּאָעטן און קלאַסיקער, זיינען פולשטענדיק באַרעכטיקטע.

בכלל וועלן מיר נאָך ביי אַ געלעגנהייט זיך אומקערן צו מינקאָווס בוך עסייען. מיט אַ רעצענזיע טאָר מען אַזאַ וויכטיק ווערק נישט אָפּ־פּטרן.

ש. טענענבוים

# ליטעראַרישע נאָטיצן

נ. ב. מינקאָוו האָט אָנגעשריבן אַ פּרעכטיקע מאָנאָגראַפיע אי־בער אונדזער באַליבטן „דיכטער פון ליד״ אברהם רייזען. איך גלויב אַז עס איז די בעסטע, קריטישע אַרבעט איבער דעם גרויסן פּאָעט און דערציילער פונעם קליינעם מענטש אין שאָטן.

נ. ב. מינקאָוו רעדט בלויז וועגן דעם פּאָעט — אָבער נישט דעם פּראָזאַאיקער. עס מוז קומען אַ קריטיקער און באַלייכטן ביידע גרויסע טאַלאַנטן אין אברהם רייזען, דעם פּאָעט און דעם דערציילער, הגם די זעלבע פּערזענלעכקייט שפּיגלט זיך ענלעך אָפּ אין ביידע.

נ. ב. מינקאָוו באַנוצט זיך מיט אַ מאַסע ציטאַטן פון רייזענס לידער. ער ברענגט אַרויס די אמתע ראָלע פון פּאָעט אין דער יידישער ליטעראַטור. ער אַנאַליזירט דעם פּרימיטיוון רעאַליסט פון די ערשטע יאָרן, דעם קריטישן רעאַליסט פון סאָציאַלן פּאַרנעם, דעם ראָמאַנטישן רעאַליסט פון זיינע שפּעטערדיקע יאָרן, דעם סענטימענטאַלן פּאָעט מיטן אייביקן אומעט, וועלכער באַלויכט דאָס לעבן דורך דער פּריזמע פון זיין לייכטער מעלאַנכאָליע. רייזען דער גלויביקער אין אַ זוניקער מענטשן־צוקונפט, דער לייכטער פּעסימיסט אין האַרצן און דאָך — צאַרטן אָפּטימיסט, זיין ליבע צו די מענטשן, דער בעל־רחמים, דאָס פילאָסאָפישע אין זיין באַציאונג צו וועלט און מענטש, וואָס איז אייגנט־לעך ענלעך צו אַ סטאָאיקער, וועלכער פּאַרבלייבט פּערזענלעך אומעטיק, טרייסטנדיק דעם ליידנדיקן, פּאַרטרייבנדיק די ליידן, מיט אַ שטענ־דיקן שמייכל פון סימפּאַטיע פּאַרן שוואַכן און הילפלאָזן.

רייזען איז אַ גרויסער פּאָעט. מיר דאַכט אַז זיין ראָלע איז נישט ריכטיק אָפּגעשאַצט געוואָרן דורך דער יידישער קריטיק. פּשוט דער־פּאַר וואָס רייזען דער מענטש, פּאָעט און דערציילער זיינען — צו באַ־שיידן, שטיל, אונאַמביציעז. (עס האָט לאַנג געדויערט ביז די רוסישע קריטיק האָט אָנערקענט טשעכאָוון, דעם שרייבער פונעם קליינעם

---

„דער טעגלעכער אידישער קוריער״, שיקאַגע, אויגוסט 14, 1938

מענטש און זיינע קליינע טראַגעדיעס). אַלס דערציילער רוף איך ריי־זענען אָן — דער יידישער טשעכאָוו. עס איז פיל שווערער, ווי כ'האָב שוין אַמאָל באַמערקט, אַרויסצוברענגען אין דער ליטעראַטור דעם „קליינעם", באַשיידענעם מענטש — ווי דעם קלאַסיש־בייראָניסטישן, טראַגיש־ענטוזיאַסטישן העלד.

נ. ב. מינקאָווס אַרבעט האָט מיר אַ סך פאַרגעניגן פאַרשאַפט. איך האָב דערזען דעם פּאָעט אברהם רייזען באַלויכטן אין אַן אָביעקטיוו־קריטישן, שאַרפן ליכט, וואָס האָט אַרויסגעבראַכט, פּונקט ווי אַ העלער לאָמפּ דעקט אָפּ די באַהאַלטנסטע קאָנטורן פון זאַכן אַרום — דעם פּאָעט אין אַלע זיינע פאַרשיידענע אַספּעקטן אַלס פּאָעט...

י. זילבערבערג

# נ. ב. מינקאָווס אליה בחור און זיין בבא־בוך

דער פּאָעט און קריטיקער נ. ב. מינקאָוו האָט אויך גרויסע פאַר־דינסטן ווי אַ פאָרשער פון יידישער סאָציאַלער דיכטונג, פון אַלט־יידיש און פון דער אַלט־יידישער ליטעראַטור.

פון שטיקלעך און ברעקלעך האָט ער געשאַפן צענדליגער מאָ־נאָגראַפיעס פון יידישע דיכטערס, וואָס ביי זיי איז דער סאָציאַלער מאָטיוו די הויפּט־טרייבקראַפט פון זייער דיכטעריש שאַפן.

נ. ב. מינקאָוו באַנוצט זיך מיט צוויי שיטות אין דער קריטיק. מיט דער, וואָס האָט געזוכט צו דערקלערן דעם קינסטלער דורך אַנאַליזירן און אונטערזוכן די קולטור, געדאַנקען, אידעען, וואָס האָבן זיך געפונען אין קינסטלערס לאַנד און צייט, ווי עס האָט געטאָן טעין; און מיט דער שיטה, וואָס האָט געלערנט, אַז די קולטור פון אַ געוויסער תקופה, צי פון אַ פאָלק, איז דער פּועל־יוצא פון די פּערזענלעכקייטן, וואָס האָבן געלעבט און געווירקט (געאָרג בראַנדעסעס שיטה). פון אָט די ביידע קאָנצעפּציעס האָט ער געשאַפן אַן אייגענעם דרך, וואָס האָט אים גאַנץ אָפט געגעבן דעם שליסל צו געפינען פאַר אונדז די נשמה פון דיכטער. באַזונדערס בולט זעט זיך דאָס אין זיין ניי בוך „אליה בחור און זיין בבא־בוך״.

אין די פיל עסייען וועגן די סאָציאַלע דיכטערס איז נ. ב. מינקאָוון נישט אַזוי שטאַרק געגאַנגען אין אַנאַליזירן, הגם ער פאַרמאָגט זעלטענע אַנאַליטישע פעאיקייטן, ווי ער ווייזט עס אין דעם נאָר וואָס דערשי־נענעם בוך, ווי אין ווידער באַלעבן די פאַרגעסענע דיכטערס, זיי געבן אַ תיקון און אויף אַזאַ אופן צוגרייטן מאַטעריאַל פאַר דעם היסטאָריקער פון דער יידישער ליטעראַטור (הגם מינקאָוו קאָן אַליין ווערן דער היס־טאָריקער פון דער יידישער ליטעראַטור).

נ. ב. מינקאָוו איז זייער גוט באַהאַוונט אין דער וועלט־ליטעראַטור, גאָר באַזונדערס אין דער פּאָעזיע און עסיי. מיט אַ וואָרט, אַ פּראַזע, אַן אַגב־אורחאדיקן אָנדייט, עפנט ער פאַר אונדז, אויב ניט דאָס גאַנצע פענצטער, איז לפּחות אַ שפּאַלט צו די קולטור־אוצרות פון דער וועלט.

---

„קולטור און דערציאונג״, ניו־יאָרק, אַפּריל 1950.

דווקא זיין ערנסטע און פּיעטעטישע באַציאונג צו גייסטיקע יידישע ווערטן, האָט אים געפירט אויף די ברייטע שליאַכן פון דער וועלט־ליטעראַטור.

נ. ב. מינקאָוו שרייבט בדרך כלל נאָר וועגן אַזעלכע שרייבערס, וואָס ער קאָן שרייבן וועגן זיי און זייערע ווערק מיט וואַרעמקייט, און איז ער פאַרליבט אין אַ דיכטער, ווי, למשל, אין מיכל ליכט צי אליה בחור, דעמאָלט איז ער באַזונדערס אינטערעסאַנט און שעפעריש.

נ. ב. מינקאָווס אַרבעט — די „אַלט־יידישע ליטעראַטור פון אָנהייב ביזן מיטן 18טן י״ה״ וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אין דער אַלגע־מיינער יידישער ענציקלאָפּעדיע, אין באַנד יידן „ג״, און וואָס פאַרנעמט 30 גרויסע זייטן, איז גאָר אַ וויכטיקער בייטראָג צו דער פאָרשונג פון אונדזער אַלטער יידישער ליטעראַטור. ער ווייזט דאָרטן אַרויס אַ סך ערודיציע און ידיעות אין דער אַלטער יידישער ליטעראַטור.

נ. ב. מינקאָוו איז צווישן דער קליינער צאָל יידישע געלערנטע, וואָס קען גוט אַלט־יידיש און די אַלט־יידישע ליטעראַטור.

דאָס פילט זיך אין זיין אַלזייטיקער אַרבעט וועגן דעם אויפקום פון דער יידישער ליטעראַטור, און באַזונדערס אין זיין בוך — „אליה בחור און דאָס בבא־ (באָווע) בוך״.

צו אליהו בחורס פיר־הונדערט־יאָריקן יאָרצייט זיינען דערשינען וועגן אים און זיין הויפּטווערק „בבא־בוך״ עטלעכע וויכטיקע אַרבעטן. אין דער ערשטער ריי פאַרנעמט יודאַ א. יאָפּעס אליה בחורס „בבא דאנטונא (בבא־בוך)״.

יודאַ א. יאָפּעס היסטאָרישע אַרבעט באַשטייט אין דעם, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן די ערשטע אויסגאַבע (פון יאָר 1541) פון בבא־בוך. ער האָט געמאַכט פאָטאָסטאַטן פון דעם זעלטענעם עקזעמפּליאַר, וואָס ד״ר מאַקס ווייַנרייך האָט אַנטדעקט אין דער ציריכער צענטראַלער ביבליאָטעק אין יאָר 1931.

ווי אַ גרויסער אויטאָריטעט פון אַלט־יידיש, האָט יודאַ א. יאָפּע פריער אויסגעבעסערט דאָס רוב דרוקגרייזן און אויך אָנגעשריבן אַ זייער באַלערנדיקע הקדמה. דערמיט האָט יודאַ א. יאָפּע אָפּגעראַטע־וועט דאָס דאָזיקע באַרימטע ווערק, הגם די פאָטאָגראַפיעס פון „בבא־דאנטונא״ (בבא־בוך), האָט ער שוין אַ סך יאָרן ביי זיך. אַצינד וועט יעדער איינציקער האָבן אַ צוטריט צו דעם קולטור־היסטאָרישן ווערק. ער וועט האָבן אַ צוטריט, אָבער לייענען און זיך אָריענטירן אין דעם ווערק, ווער שמועסט פון האָבן אַן עסטעטישן געניוס, דאָס איז שוין אַ שווערע הלכה. מען דאַרף געדענקען, אַז דאָס בוך איז געשריבן מיט

אַזוי פיל הונדערטער יאָרן צוריק (אין 1507) און פּונקט ווי יעדע שפּראַך האָט זיך אַ סך געענדערט אין משך פון כמעט 450 יאָר, אַזוי האָט זיך אויך אונדזער יידיש זייער פיל געביטן.

דאָס בבא־בוך איז געשריבן אין „ווייבערישן שריפט" אַ כמעט רשי־כתב. „העברעאיזמען" זיינען ניט פאַראַן צו פיל, הגם עס זיינען פאַראַן אין ווערק קערנדיקע העברעאישע אויסדרוקן, אָבער דער עיקר שוועריקייט אין לייענען און פאַרשטיין דאָס בבא־בוך, צי „פּאַריז און וויענע", „דאָס שמואל־בוך", „קיניג אַרטור" איז, וואָס ווי בכלל אין דער גאַנצער שפּילמאַנישער דיכטונג, באַגעגנט דער לייענער אַלט־גערמאַנישע ווערטער פון מיטלהויך־דייטש. דער לייענער מעג אַפילו באַהערשן אויסגעצייכנט דייטש, וועט ער אַלץ ניט קענען לייענען און הנאה האָבן פון די דערמאָנטע ווערק, ער מוז קודם־כל קענען אַלט־יידיש.

וואָס איז דער גרויסער אויפטו פון נ. ב. מינקאָוון? דער הייני־טיקער יידישער לייענער וועט צום ערשטן מאָל קענען געניסן די פולע עסטעטישע שיינקייט פון דעם ווערק. ניט בלויז וועגן און אַרום דעם בבא־בוך וועט ער לייענען, נאָר גרויסע טיילן פון בבא־בוך גופא, ווי אליה בחור האָט עס געשריבן; בלויז אָ וואָרט דאָ, אָן אַנדער וואָרט דאָרטן, וואָס נ. ב. מינקאָוו האָט צוגעשטעלט אין קלאַמערן, מאַכט מעגלעך, אַז יעדער איינציקער זאָל קענען לייענען דאָס בוך, וואָס איז אין משך פון די יאָרהונדערטער דערשינען אין אומצייליקע אויסגאַ־בעס. אין גאָר אַ סך אויסגאַבעס איז דאָס בבא־בוך דערשינען ניט אין דער פּאָעטישער פאָרם ווי אַליה בחור האָט עס געשריבן, נאָר ווי אַ מעשה אין פּראָזע.

נאָך אַ גרויסער אויפטו פון נ. ב. מינקאָוון איז, וואָס ער האָט אַנאַליזירט דאָס בבא־בוך ניט בלויז ווי אַ שפּראַך־פאָרשער, נאָר אויך אַ פּאָעט; עס איז ניט אַזוי גרינג, אַז אַ הייניטיקער לייענער זאָל קינסט־לעריש באַווירקט ווערן פון בבא־בוך. דער סוזשעט איז אַזוי אומרעאַל, אַזוי פרעמד, אַז נ. ב. מינקאָוו איז לכתחילה צוגעגאַנגען צום ווערק, ניט כדי צו זוכן קינסטלערישע שיינקייט, נאָר גיכער פון אַלץ ווי אַ פאַראינטערעסירטער אין יידיש.

ד"ר ישראל צינבערג שרייבט וועגן בבא־בוך צווישן אַנדערס:

„אליה בחור האָט דער ערשטער איינגעפירט אין דער יידישער ליטעראַטור די „אָטטאווא רימאַ" און עס איז ממש צו באַוואונדערן מיט וואָס פאַר אַ מייסטערשאַפט דער פאַרפאַסער פון 'בבא־בוך' האָט באַהערשט די דאָזיקע קאָמפּליצירטע סטראָפעס־פאָרם.

די ריימען זיינען רייכע פולקלאָנגיקע און אָפט איבעראַשן זיי ממש מיט זייערע אומדערוואַרטעטע אַסאָנאַנצן".

„די דאָזיקע פאָרם־מייסטערשאַפט באַווייזט ערשט אליהו בחור אין איר אמתן גלאַנץ ניט בלויז אין בבא־בוך, נאָר אין צווייטן ראָמאַן 'פּאַריז און וויענע' " (זעקסטער טייל, די געשיכטע פון דער ליטע־ראַטור ביי יידן).

אויך ד"ר מ. ווינרייך אין זיין זייער אויספירלעכן קאַפּיטל (ביל־דער פון דער יידישער ליטעראַטור־געשיכטע) האָט אַ סך לויב פאַר אליה בחור און זיינע ווערק; און דאָך האָט דער היינטיקער לייענער בשום אופן זיך ניט געקאָנט באַגייסטערן פון די גרויסע גבורות, וואָס דער אידעלער ריטער בבא באַווייזט, ווי אַזוי ער דרייט זיך אַרויס פון אַלע געפאַרן, וואָס לויערן אויף אים, באַוואונדערן אַלע אַוואַנטור־רעס, וואָס ער מאַכט דורך ביז דער מחבר דערפירט זיין באַליבטן העלד צו אַ גליקלעכן סוף.

דער סיפור־המעשה פון דעם שפּאַנענדיקן ראָמאַן, דעם ריטער־העלד, בבא, איז אומגעפער אַזאַ:

דער קיניג אָדער הערצאָג גווידאַן האָט חתונה אויף דער עלטער מיט דער יונגער און שיינער פּרינצעסין באַנדאָניע און ס'ווערט ביי זיי געבאָרן אַ יינגעלע, בבא.

די יונגע פרוי וויל פטור ווערן פון איר אַלטן מאַן. זי אַרבעט אויס דעם פּלאַן פון אַן אָנפאַל אויף איר מאַן, וואָס ווערט אויסגעפירט פון דעם יונגן הערצאָג דאַדאַן, אַ דם־שונא פון קיניג גווידאַן.

נאָך דעם ווי דאַדאַן דערהרגעט דעם קיניג גווידאַן, האָט ער חתונה מיט דער פאַררעטערישער און פאַרברעכערישער מוטער פון בבאן; אין פאַרברעכן איז איר ניט גענוג און די פאַרדאָרבענע קיניגין און מוטער וויל איצט אויך פאַרסמען איר יינגל בבא. בלויז דורך אַ גליקלעכן צופאַל געלינגט בבאן צו אַנטלויפן. ער ווערט אויפן ים אויפגענומען פון שיפסלייט, וואָס פאַרקויפן אים פאַר אַ שקלאַף צו דער קיניגין ארמיניאָן. דרוזיאַנא, די טאָכטער פון דעם קיניג אַרמיניאָן, פאַרליבט זיך אין אים, און נאָך זייער פיל גרויסע גבורות און קאַמפן, וואָס עס באַווייזט דער ריטער בבא, גיט דער מלך צום סוף זיין הסכמה צום שידוך. בבאס שונאים רוען ניט, זיי פירן דורך אַ געמיינע אינ־טריגע און בבא פאַלט אַריין אין געפאַנגענשאַפט פון דעם סולטאַן. דעם סולטאַנס טאָכטער, מאַרגאַריטאַ, פאַרליבט זיך אין אים, און זי ראַטעוועט אים פון טויט. ער אַנטלויפט און קומט פונקט אָן ווען מען

פראַוועט די חתונה פון דרוזיאַנאַ, וואָס האָט געמיינט, אַז איר גע־ליבטער ריטער בבא איז שוין טויט.

בבא רייסט זיך אַרויס פון אונטער דער חופּה און אַנטלויפט מיט איר. זיי וואַלגערן זיך אַרום אַ צייט. דרוזיאַנאַ געבוירט אים אַ צווי־לינג, צוויי יינגלעך, אָבער בבא און זיין פרוי ווערן ווידער צעשיידט. צום סוף באַקומט בבא צוריק זיין קיניגרייך, דערהרגעט זיין פּאָטערס מערדער, דאַדאָנען, פאַרשיקט זיין פאַלשע מוטער אין אַ קלויסטער און לעבט גליקלעך מיט זיין ווייב דרוזיאַנאַ.

נ. ב. מינקאָוו שטעקט ממש אָן דעם לייענער מיט זיין פאַר־ליבטקייט אין דער פּאָעטישער און עסטעטישער עכטקייט און שיינקייט פון בבא־בוך, און דאָס איז גאָרניט קיין גרינגע עובדא.

דער לייענער, וואָס האָט אַפילו אַ נטיה זיך צו באַקענען מיט די שאַפונגען אויף אַלט־יידיש, זוכט דאָרטן ניט און קען במילא ניט געפינען קיין קינסטלערישע ווערק, וואָס זאָלן אים עמאָציאָנעל צי אַפילו אינטעלעקטועל באַווירקן. עס איז ביים לייענער גיכער פאַראַן דער פאַרלאַנג זיך צו באַקענען מיט די ערשטע שפּראָצונגען אויף יידיש לשון, דאָס עצם יידישע לשון, וואָס איז במשך פון די דורות געוואָרן געל־טערט און געהייליקט, דאָס לשון אויף וועלכן אונדזערע עלטער־עלטער באָבעס און זיידעס האָבן פאַרוויגט די קינדער און געלערנט תורה.

דאָס לשון אויף וועלכן יידישע קינסטלערס האָבן געשאַפן גייסטי־קע ווערטן, וואָס וועלן ערשט אָפּגעשאַצט ווערן אין די קומעדיקע דורות, פונקט ווי אונדזער דור שרייבט נאָך אַלץ וועגן די ליכטיקע פּער־זענלעכקייטן פון דער גאָלדענער תקופה אין שפּאַניע.

נ. ב. מינקאָוו „רעהאַביליטירט", גאָר איבערצייגנדיק, דעם פאַר אונדז פרעמדן ריטער־ראָמאַן.

ער באַווייזט אונדז, אַז אַפילו דעם עצם סיפּור המעשה פון בבא־בוך קען מען ניט אַזוי גרינג אַוועקמאַכן מיט דער האַנט, באשר אונדזער דור איז ניט געוואוינט צו אַזעלכע טעמעס און העלדן. ער טוט דאָס דורך באַקענען דעם לייענער מיט די ליטעראַרישע ריכטונגען, וואָס האָבן אין דער רענעסאַנס־עפּאָכע געהערשט אין די לענדער, וואו יידן האָבן ס׳רוב געלעבט און מיט די גייסטיקע הצטרכותן פון יידישן פאָלק. יידן האָבן דעמאָלט, ווייזט אויס, געלעכצט ניט בלויז נאָך ספרים מיט רעליגיעזן תוכן, נאָר אויך נאָך אַזעלכע ביכער וואָס זאָלן זיין מיט לייטן גלייך, נאָך ווערק, וואָס זאָלן זיי אַמוזירן, פאַרווילן. און מען טאָר בשום אופן ניט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט די פאַרווילונג־„לעקטירע"

(לייענשטאָף) און אויך דאָס וואָס די שפּילמאַנישע דיכטערס און בפרט אליה בחור, וואָס איז געווען דער לעצטער און אויך דער גרעסטער פון דער תקופה, האָט פאַרמאָגט אַ גייסטיק געזונטן און אויך באַלאַנסירטן חוש.

אליה בחור, אָדער ווי זיין פּולער נאָמען איז געווען, אלי הלוי בן אשר אַשכנזי, איז געבאָרן געוואָרן אין ניישטאָט אין יאָר 1469, אין דייטשלאַנד, ניט ווייט פון רעגענסבורג. ער איז געווען דער ייִנגסטער פון ניין זין. זייער פרי האָט ער אויסגעוואַנדערט קיין איטאַליע. צו צוועלף אָדער צוואַנציק יאָר איז ער געוואָרן אַ לערער אין העברעאיש און איז פאַרבליבן אַ לערער זיין גאַנץ לעבן. די גרעסטע העבראיסטע קענערס, צווישן זיי די קריסטלעכע פּראָפעסאָרן אין דייטשלאַנד און איטאַליע, זיינען געווען זיינע תלמידים. ער האָט אָנגעשריבן אַ סך ווערק וועגן דער העברעאישער גראַמאַטיק, ווערטער־ביכער פון העברעאיש און אַראַמעאיש. 15 יאָר האָט ער געלעבט אין דעם פּאַלאַץ פון דעם באַרימטן קאַרדינאַל, עדזשידיאָ דע וויטערבאָ, וואָס איז געווען שטאַרק פאַראינטערעסירט אין קבלה. אליה בחור האָט פאַר אים צוגעגרייט אָפּשריפטן פון פאַרשיידענע קבלה־ספרים. די מערסטע ווערק פון אליה בחור זיינען איבערגעזעצט געוואָרן אויף לאַטיין, באַזונדערס יענע ווערק וואָס האָבן אַ שייכות מיט דעם תנך און מיט העברעאישער גראַמאַטיק. יידן האָבן זיכער געקוקט אויף אים קרום, וואָס ער חברט זיך אַזוי מיט קריסטן. דאָך ברענגט נ. ב. מינקאָוו דעם פאַקט, אַז אליה בחור איז ניט בלויז געווען אַ גוטער ייד, נאָר ער האָט זיך אַפילו אָפּגעזאָגט פון אַ פּראָפעסאָר־שטעל אין העברעאיש אין פּאַריזער אוניווערסיטעט, וואָס דער קיניג פראַנסואַ, דער ערשטער, האָט אים פאָרגעלייגט. „אליה בחור האָט ניט געוואָלט לעבן אין אַ לאַנד, וואו מען האָט יידן ניט דערלויבט צו וואוינען זינט מען האָט זיי פאַריאָגט אין יאָר 1394". „ער האָט בעסער אויסגעקליבן צו זיין אַ בעל־מגיה און אַ רעדאַקטאָר אין דניאל באָמבערגס דרוקעריי". נ. ב. מינקאָוו האָט געבראַכט דעם דאָזיקן פאַקט כדי ניט צו לאָזן פאַלן קיין שטייבעלע אויף דעם גרויסן יידישן געלערנטן און פּאָעט.

דאָס „בבא־בוך" האָט אליה בחור געשאַפן אין יאָר 1507, איידער ער האָט זיך באַקענט מיטן באַרימטן קאַרדינאַל עדזשידיאָ דע וויטערבאָ. צו דעם אייגענעם פעריאָד געהערן זיינע אַנדערע שאַפונגען ווי „פּאַריז און וויענע", און עס איז דאָ אַ סברא, אַז דער „אַרטור־ראָמאַן" אין אָקטאַוואַ רימאַ האָט אויך אליה בחור געשאַפן. באַזונדערס דערפאַר,

וואָס אַלע דריי ראָמאַנען זיינען געשריבן אין דער פּאָעטישער פאָרעם אין די אַכטפּערזיקע סטראָפעס, וואָס הייסן אָקטאַוואַ רימאַ.

אַרויסגעגעבן דאָס ווערק „דאָס בבא־בוך" האָט אליה בחור מיט 34 יאָר שפּעטער, ווען ער איז שוין געווען 73 יאָר אַלט. געשטאָרבן איז אליה בחור אין ווענעדיק, איטאַליע, אין יאָר 1549.

נ. ב. מינקאָוו האָט איינגעטיילט זיין בוך אין צוויי טיילן. אין דעם ערשטן טייל פאַרנעמט ער זיך מיט אַנאַליזירן דאָס בבא־בוך, אין דעם צווייטן טייל — מיט איבערדרוקן אַ היפּשן טייל פון בבא־בוך, ווי עס איז געשריבן געוואָרן פון אליה בחור.

נאָך דעם ווי מינקאָוו שרייבט מיט איבערצייגונג, אַז עס איז ניטאָ קיין שום סתירה אין דעם, וואָס אליה בחור, הגם ער איז געווען אַ גרויסער יידישער געלערנטער, האָט זיך דאָך פאַרנומען מיט שרייבן ריטער־ראָמאַנען אין פערזן אויף סוזשעטן וואָס זיינען גענומען געוואָרן פון דער פרעמד, טרעט ער צו צום עיקר הענין: צו דער פּאָעטישער פאָרעם פון בבא־בוך.

נ. ב. מינקאָוו איז אַ דיכטער, וואָס קען גוט די פאַרשיידענע דיכטערישע ריכטונגען און פּאָעטישע פאָרמעס פון פּאָעזיע בכלל. עס קומט אים דעריבער ניט אָן שווער צו באַקענען דעם לייענער מיט דער פּאָעטישער פאָרעם, אויף וועלכער עס איז געשריבן דאָס בבא־בוך. דער לייענער ווערט צוזאַמען מיטן מחבר אַ באַוואונדערער פון דער „מייסטערשאַפט" און „ווירטואָזיטעט" פון אליה בחורס דיכטונג. דאָס בבא־בוך פאַרמאָגט 650 סטראָפעס און ניט ווייניקער פון 5262 שורות („פּאַריז און וויענע" 800 סטראָפעס). ביידע ווערק זיינען געשריבן אין דער קאָמפּליצירטער פאָרעם פון יענער צייט, אין אָטאַוואַ רימאַ. „דער ווירטואָז (אליה בחור) האָט געשפּילט און אָרקעסטרירט זיינע ווערק מיט זיין גאַנצער שפּרודלדיקייט און דאָך שטאַרק דיסציפּלינירט" (דאָרטן, זייטל 29).

די אָטאַוואַ רימאַ, וואָס אליה בחור האָט באַהערשט צו דער גרעסטער פּערפעקטקייט, איז אַ קאָמפּליצירטע פערזן־פאָרעם וואָס ער האָט איבערגענומען פון דער איטאַליענישער דיכטונג פון 14טן יאָרהונדערט און אַריינגעבראַכט אין איר געוויסע שינוים. די פערזן־פאָרעם באַשטייט פון אַכט שורות. אין יעדן סטראָף איז דער גראַם לויט דעם באַשטימטן סדר: די ערשטע שורה, די דריטע און פינפטע שורה האָבן איין גראַם; די צווייטע, פערטע און זעקסטע שורה האָבן אַן אַנדער גראַם. די זיבעטע און אַכטע שורה האָבן ווידער אַן אַנדער גראַם. און נאָך אַ וויכטיקע דיסציפּלין פאַרמאָגט יעדער סטראָף.

אויב די ערשטע שורה, די דריטע און פינפטע האָבן אַ מענלעכן גראַם, מוזן די שורות זיבן און אַכט אויך האָבן אַ מענלעכן גראַם. און אויב די פריער דערמאָנטע שורות האָבן אַ ווייבלעכן גראַם, מוזן אויך די לעצטע צוויי שורות האָבן אַ ווייבלעכן גראַם. די איטאַליענישע אָטאַוואַ רימאַ האָבן אין אליה בחורס צייט על פּי רוב געהאַט בלויז גראַמען פון ווייבערישן מין.

נ. ב. מינקאָוו שטעלט זיך געניי אָפּ אויף אליה בחורס פּאָעטישן געמיט, אויף זיין „הויכן גראַד קינסטלערישקייט", אויף זיין „מייסטער־שאַפט און פּאָעטישער פּילעווודיקייט". וועגן דעם גראַם פון „בבא־בוך" שרייבט נ. ב. מינקאָוו:

„ווען מען לייענט דאָס 'בבא־בוך' וואונדערט מען זיך ווי אַזוי די גראַמען פליסן ביי אליה בחורן אומגעשטערט, אָן שום אָנשטרענגונג, אָן שום געקינצלטקייט. דאָס נעמט זיך, ערשטנס, דערפון, וואָס דער לייענער ווערט ממש פאַרכאַפּט פון דעם סיפּור־המעשה. ער גיט זיך ניט אָפּ קיין דין־וחשבון וועגן די עלעמענטן, וואָס שאַפן קינסטלע־רישע אָרדענונג און צום טייל די אַרקעסטרירונג. עס איז אויך זיכער, אַז דער לייענער באַמערקט ניט דעם גראַם, ווייל דער גראַם איז איינס מיטן פּאָעטס געמיט. דער גראַם איז אין דער פולסטער האַרמאָניע מיט דער עמאָציאָנעלער ענערגיע, וואָס דאָ ווערט זי קאָנצענטרירט און שאַרף און דאָ ווערט זי ווייך, דערציילעריש, ליריש, פאַרלאַנגזאַמט. אליה בחור האָט זיך אין גאַנצן געלאָזט דיקטירן פון זיין פּאָעטישן חוש, הגם ער איז ניט אַרויס פון דער מעטריק דיסציפּלין" (זייטל 34).

די אַרויסגעזאָגטע מיינונגען פון נ. ב. מינקאָוון ווערן באַקרעפטיקט דורך ציטירן און נאַליזירן אַ היפּשע צאָל פּערזן, אַזוי אַז דער לייענער, וואָס האָט לכתחילה געהאַט בלויז אַ ריין שפּראַכלעכן צי קולטור־היס־טאָרישן אינטערעס, ווערט אויך קינסטלעריש באַווירקט פון בבא־בוך.

אָט זיינען צופעליק צעוואָרפענע סטראָפעס פון „בבא־בוך", אָן מינקאָווס „רשי", אָבער מיט זיינע קליינע שינויים, אַ מער מאָדערן וואָרט אין קלאַמערן, און דער לייענער, וואָס איז אַפילו ניט געוואוינט צו לייענען אַלט־יידיש, וועט זיי גרינג פאַרשטיין און אַפילו הנאה האָבן, ווען ניט אַזוי פון דער פּאָעטישקייט, איז לפּחות פון די שיינע גראַמען. דער לייענער דאַרף אָבער כסדר געדענקען, אַז דאָס איז געשריבן גע־וואָרן מיט קרוב 450 יאָר צוריק:

אויף מאָרגן לאָזט בבא אויסרופן אַ האָף (מ׳זאָל זיך פאַרזאַמלען אין הויף)
אי פרעמדע, אי היימישע לאָזט ער וויסן,

קיניג און פירשט, הערצאָג און גראַף
צו דער דאָזיקער צייט זאָלן זיי זיין געפליסן (גרייט)
און די ברווילאַפס (חתונה) זאָל ווערן במזל טוב
אַצינדער, גלייך צו ראש חודש ניסן.
די שליחים אין אַלע לענדער רייטן,
און אין באַבילאָניע וואַר אַ גרויס צובערייטן (צוגרייטונג).

**און אַן אַנדער סטראָף:**

נון, האָט זי דערווייל געלערנט וואָס (וואויל)
אַז זי קען אויף דער לירע שלאָגן (שפּילן)
און בבא, ער האָט זי געלערנט אַמאָל,
אַז זי פון דעם פולווער געוואוסט האָט צו זאָגן,
וואָס מיט אים מאַכט מען זיך שוואַרץ ווי קאָל (קויל)
און שמירט זיך און די קינדער אונטער די אגן (אויגן)
און רעכט ווי אַ בעטלערין טוט זי זיך קליידן,
און לאָזן זיך אַהין מיט די קינדער די ביידן.

**דאָ, און אין די וויטערדיקע סטראָפעס, רעדט זיך וועגן דער פרינצעסין דרוזיאנא, וואָס האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ בעטלערין און זיך געלאָזט זוכן איר העלדישן מאַן, דעם ריטער בבא, זינגענדיק אַ ליד וועגן זיך און בבאן.**

צו מאָרגנס שטעלט זי זיך פאַרן פּאַלאַץ דאָר (דאָרטן)
און הייבט אָן אויף איר לירע צו קלינגען,
און אַ ליד האָט זי געמאַכט גאַנץ און גאָר
פון בבאן און דרוזיאנען טוט זי דאָרט זינגען,
און ווי זי אין אַ וואַלד געלעגן וואָר (איז געלעגן געוואָרן),
און פון מאַקאַבראָן און פעלוקאָן מיט אַלע זינגען,
און ווי אַזוי זיי מיטאַנאַנדערן האָבן געהאַנדלט,
ווען זיי האָבן אין לאַנד אַרומגעוואַנדלט.

**און מיר וועלן פאַרענדיקן נאָך מיט איין סטראָף, דעם פראָלאָג, ווי עס גיט אונדז איבער נ. ב. מינקאָוו:**

„אין דעם פראָלאָג צום ׳בבא־בוך׳ שרייבט ער, (אליה בחור)
אַז ער האָט ביז איצט ׳געשטיפט׳, ׳אין דער הייליגן געשריפט׳,
אַכט אָדער ניין ביכער, אָבער איצט:״
„די ווייל איך האַלט אַן ענד מיינר טאָגן,
אונ׳ הוייט אודר מורגן קיר איך אויף די גאַנן,
דאָ ווערן אַל מייני בוכר און מייני לידר
ור געשן אונ׳ גיליגט דר דינר
(בעת איך האַלט ביים סוף פון מיינע טעג, און היינט אָדער מאָרגן
וועל איך ליגן אויף מיין רוקן (איך וועל שטאַרבן), וועלן אַלע מיינע

ביכער און מיינע לידער פאַרגעסן און געלייגט ווערן דער נידער)
דרום זול מיר קיינש דר בון רוקן,
איך וויל זיא אל נוך אַנדער דרוקן
(דערפאַר זאָל קיינס (פון זיי) זיך ניט פאַרויסרוקן, איך וועל זיי אַלע
דרוקן אין אַ סדר)
אונ׳ וויל אַן היבן בשעה טובה
אַן דעם דוזיגן בוך דש דאָ היישט בובא״
(און וועל אָנהייבן אין אַ גוטער שעה מיטן דאָזיקן בוך, וואָס הייסט
דאָ בבא) (דאָרטן, זייטל 14 ).

דעם אויבנדערמאָנטן פערז איז אַ ביסל שווער צו לייענען, ווייל נ. ב. מינקאָוו האָט אים ניט איבערגעשריבן, ווי ער האָט געטאָן אין די לעצטע צוועלף זייטלעך פון בוך פון וואַנען די ערשטע דריי סטראָפן זיינען גענומען געוואָרן.

עס איז אַ שאָד, וואָס נ. ב. מינקאָוו האָט אונדז ניט געגעבן דאָס גאַנצע בבא־בוך.

אין דער איצטיקער אויסגאַבע איז ער זיך אַזוי נוהג, ער גיט עטלעכע סטראָפעס, דערקלערט אָדער פאַרטייטשט זיי און דערציילט דערנאָך די ווייטערדיקע געשעענישן. צום סוף גיט ער אונדז אַ צוועלף זייטלעך פון „בבא־בוך״.

דער דאָזיקער מעטאָד איז גאָר גוט פאַר תלמידים, באַזונדערס ווען דער סיפור־המעשה איז ניט אַזוי אַקטועל, הגם גאַנץ שפּאַנענדיק אין נ. ב. מינקאָווס אויסגאַבע.

אַדאַנק נ. ב. מינקאָווס מעטאָד פון לערנען אַ פּסוק פון בבא־בוך און דערנאָך זיין דיכטערישע אינטערפּרעטאַציע, לייכט פאַר אונדז

אויף דאָס אַלטע, האַלב־פֿאַרגעסענע בוך און עס ווערט אונדז אייגן און ליב.

נ. ב. מינקאָווס בוך דאַרף אומבאַדינגט איינגעפֿירט ווערן אין דעם לימוד פֿון דער געשיכטע פֿון דער יידישער ליטעראַטור אין יידישע לערער־סעמינאַרן און אַפֿילו אין לעצטן קלאַס פֿון די יידישע מיטלשולן, וואו עס זיינען פֿאַראַן פֿאַסיקע תלמידים, וואָס לערנען דעם קורס און זיינען גוט צוגעגרייט.

נ. ב. מינקאָוו איז דער באַרופֿנסטער שרייבער צו רעסטאַווּרירן און צוגענגלעך צו מאַכן אויך די אַנדערע דיכטערישע ווערק, וואָס זיינען אונדז געבליבן פֿון דער שפּילמאַנישער און אַפֿילו פֿון דער שפּעטערדיקער תקופֿה.

לעאָ פינקעלשטיין

# מענטשן און ווערק

מיט אַ יאָר צוריק איז געוואָרן קיילעכדיקע פיר הונדערט יאָר זינט דעם טויט פון דעם באַדייטנדיקן פיאָנערישן מיטבויער פון דער אַלט־יידישער ליטעראַטור — אליהו בחור־לעוויטא. אמת, ס׳זיינען אין יידיש באַקאַנט ווערק נאָך פון די צייטן איידער אליהו בחור איז געקומען אויף דער וועלט. צוליב אָבער דעם לכתחילה רעוואָלוציאָנערן כאַראַקטער פון דער יידישער ליטעראַטור, איז איר אויפקום נישט געווען קיין גראַדוויריקער, נאָר אַ זיג־זאַגיקער, אַ געשלענגלטער. ממילא האָט איר פיאָנערישע תקופה געדויערט גאָר אַ לאַנגע צייט. אַחוץ דעם באַשטייט די פיאָנערישקייט פון אליהו בחור אין דעם, וואָס ער ברענגט ס׳ערשטע מאָל אין דער יידישער ליטעראַטור בולט צום אויס־דרוק אי דיכטערישע פערזענלעכקייט אי קינסטלערישן אייגנאַרט.

ביז אַהער האָבן זיך ביי אונדז ערנסט פאַרנומען מיט אליהו בחור־פאָרשונגען ד״ר מאַקס ווײַנרייך, מאַקס עריק, נחום שטיף און ד״ר ציינבערג. יוסף אָפּאַטאָשו האָט אין זיין בוך „אַ טאָג אין רעגנסבורג" געגעבן אַ קינסטלערישן צושטייער צו אליהו בחורס פאָרטרעט אין דער דעמאָלטיקער שטייגער־אַטמאָספער. אַצינד ווידער אין שייכות מיט דער 400־טער יאָרצייט האָט פּראָפ׳ יודא א. יאָפע אַרויסגעגעבן אליהו בחורס „בבא־ (באָע)־בוך" („בבא דאַנטונאַ") לויט דער סאַמע ערשטער אויסגאַבע (פון יאָר 1541), וואָס ד״ר מאַקס ווײַנרייך האָט אין יאָר 1931 אויסגעפונען אין דער ציריכער „צענטראַלער ביבליאָטעק". פּראָפ׳ יאָפע האָט אין אָט דער אויסגאַבע אויסגעבעסערט די דרוק־פעלערן און אָפּגעפאָטאָגראַפירט ס׳גאַנצע בוך. ער האָט צו דער איצטיקער אויסגאַבע אָנגעשריבן אַ באַלערנדיקע הקדמה. דער דיכ־טער־עסייאיסט נ. ב. מינקאָוו האָט אָקאָרשט פאַרעפנטלעכט אַן אַרבעט א״נ „אליהו בחור און זיין בבא־בוך". אויך דער היסטאָריקער ד״ר יעקב שאַצקי האָט אין אַרגענטינע אַרויסגעגעבן אַ בוך א״נ „אליהו בחור — 400 יאָר נאָך זיין טויט". היינט וועלן מיר זיך פאַרנעמען מיט נ. ב. מינקאָווס בוך.

---

„דער וועקער", ניו־יאָרק, יוני 1, 1950.

קודם כל אַ פּאָר ביאָגראַפישע שטריכן:

אליהו בחור שטאַמט פון דייטשלאַנד, דעם צענטער פון רבנישער קולטור. אין זיינע בריוו פלעגט ער זיך אַליין באַצייכענען ווי אַן „אַשכנזי". אין אַשכנז איז מען געווען יידיש־קאָנסערוואַטיוו, איינגאַנצן אַריינגעטאָן אין לימוד פון גמרא און פּוסקים. מ'האָט דאָרט פלייסיק אויסגעמיטן יעדן שפּור פון וועלטלעכער קולטור און ממש געוויכט פון וועלכער ס'איז „חיצוניותדיקייט", פון וועלטלעך וויסן און פרייען פאָרשן, ווי ס'איז פריער געווען אָנגענומען ביי יידן אין שפּאַניע. ווען דער אַשכנזישער אליהו בחור האָט יונגערהייט אויסגעוואַנדערט קיין איטאַליע, געוואוינט אין די שטעט: ווענעציע, פּאַדואַ, פּיזאַראָ, רוים און אַנדערע, האָט ער זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט גאָר אַ נייעם אַלגעמיינעם און טיילווייז אויך ניי־יידישן לעבנס־נוסח. דאָס איז געווען אַ נוסח, וואָס האָט אַליהון געטריבן צו אַ גיכער אינעווייניקסטער גייסטיקער איבערשטעלונג. ער האָט זיך געמוזט לויזמאַכן פון אַ סך דורות־לאַנג געפּלעגטע איינשטעלונגען, מינהגים און גלייבונגען. ער האָט געמוזט אָננעמען אַ נייעם לעבנס־נוסח.

אין איטאַליע האָט זיך אליהו צונויפגעטראָפן מיט קריסטלעכע געלערנטע, וואָס האָבן ביי אים געוואָלט לערנען די העברעאישע שפּראַך און דערהויפּט די סודות פון קבלה, אין וועלכער מ'האָט דעמאָלט אויסגעפונען באַרירונג־ פּונקטן מיטן קריסטנטום. ער האָט צען יאָר פאַרבראַכט אין פּאַלאַץ פון קאַרדינאַל עדזשידאָ וויטערבאָ ווי אַ לערער פון העברעאיש און קבלה.

צו די אויסטערלישקייטן פון אליהו בחורס לעבנס־ליניע געהערט מסתמא אויך דער פאַקט, וואָס אַן אָנגעזעענער וויסנשאַפטלער, תלמיד חכם און גרויסער העברעאישער גראַמאַטיקער האָט זיך גאָר פאַרמאָסטן שרייבן לידער און ריטער־ראָמאַנען אויף יידיש. ווען מ'נעמט אין אַכט די צייט פון דער ערשטער העלפט זעכצנטן יאָרהונדערט, ווען „לשון אַשכנז" איז געווען אַ פּרימיטיווער מונדאַרט פון גאָלע עמי הארצים, איז זיך משער צו זיין אליהוס באַנבערעכערישקייט. אַ העברע־אישער פילאָלאָג, וועמען מ'האָט פאָרגעלייגט אַ קאַטעדרע אויפן פּאַ־ריזער אוניווערסיטעט, לאָזט זיך גאָר אַראָפּ צו די אומאַנטוויקלטע פאָלקס־מאַסן, צו זייער דעמאָלט אומבאַהאָלפענעם דיאַלעקט און זייער פּרימיטיווער גייסטיקייט. דערצו איז נאָך פאַראַן אַ באַשיימפּערלעכע השערה, אַז ער איז במשך פון אַ געוויסער צייט אַליין געווען אַ פאָלקס־זינגער. ער האָט געפירט אַ „באָסיאַקיש" הונגער־לעבן, געוואַנדערט

איבער וויינשענקען — רעציטירט זיינע יידישע לידער און אויסשטעלן פון די געגראַמטע ריטער־ראָמאַנען.

נ. ב. מינקאָוו גיט נאָר פאַרבייגייענדיק איבער די באַקאַנטע פּרטים פון אליהו בחורס ביאָגראַפיע, און שטעלט זיך דערהויפּט אָפּ אויפן כאַראַקטעריזירן אליהו בחורס אָרט אין דער יידישער ליטעראַטור. און טאָן טוט ער דאָס אויף אַ מאָדערנעם שטייגער ווי ער וואָלט געשריבן אַן עסיי וועגן אַ היינטצייטיקן דיכטער. ער געפינט אויס די וואַנדערנ־דיקע סיוזשעטן, ווייזט אָן די קינסטלערישקייט, אַנאַליזירט דעם גראַם, הייבט אַרויס די בילדער, שטרייכט אונטער די דינאַמיק, שאַרפע שיל־דערונג און דראַמאַטישקייט. אַ מאָדערנער, ערנסטער און באַגלייך אינטימער צוגאַנג צו אַ ווערק פון אַ כמעט שוין פאַרגעסענעם דיכטער, וואָס לעבט שוין נישט פאַר הונדערט יאָר, באַוויזט וויפל ליבע, יראת־הכבוד און פּיעטעט דער אויטאָר פון דער געדאַכטער מאָנאָגראַפיע האָט צום געלייטערטן יידיש־שאַפערישן וואָרט. מינקאָוו מיידט אויס דעם אויסגעקלונגענעם קולטור־היסטאָרישן צוגאַנג צום פּיאָנערישן שאַ־פער פון יידישן ריטער־ראָמאַן. ער באַנוגנט זיך נישט מיט די ביז איצטיקע אַלגעמיין־גילטיקע קריטעריעס, נאָר וועגט און מעסט דעם קאָנקרעטן מאַטעריאַל אויף אַ גאָר באַזונדערן אויפטועדישן שטייגער. און כאָטש זיין אַנאַליז איז זייער דין, איז ער פונדעסטוועגן אָנטאַפּעוו־דיק. און אָפּט אויך איבערצייגעוודיק. בנוגע אליהוס אָרט אין דער ליטעראַטור זאָגט מינקאָוו:

„ווען מען אַנאַליזירט זיינע ראָמאַנען און ווען מען פאַרגלייכט זיי מיט די שאַפונגען פון די פּאָעטן, וואָס פאַר אים, — ווערט קלאָר, אַז אליהו בחור איז דער וויכטיקסטער פּאָעט פון דער גאַנצער שפּילמאַן־תּקופה, וואָס ער האָט זי אַליין אַזוי גייסטרייך דערהויבן — און געשלאָסן".

זיכער ווייסט מינקאָוו, אַז אליהו האָט אין זיין שפּאַנענדיקן סיפּור המעשה פון „בבא־בוך" אַריינגעפלאָכטן מאָראַלישע כוונות, ער איז אויסן געווען, אַז דער לייענער אָדער דער הערער זאָל זיך דערפון אַראָפּנעמען אַ מוסר־השכל. אָבער מינקאָוו זוכט נישט ביי אליהון בלויז מוסר, ער זוכט ביי אים קינסטלערישע, ריין־דיכטערישע ווערטן. — „מיר טאָרן נישט פאַרזען — שרייבט מינקאָוו — די קינסטלעריש־קייט פון דער אַלטער יידישער ליטעראַטור בלויז דערפאַר, וואָס די טעמאַטיק פון טייל שפּילמאַנישע ריטער־ראָמאַנען איז נישט קיין יידישע, הגם זי איז זיכער נישט געווען פרעמד דער מענטאַליטעט און דעם געמיט פונעם מיטלאַלטערלעכן יידן. אונדזער איצטיקער צוגאַנג

דאַרף זיין נישט נאָר אַ ליטעראַטור־היסטאָרישער, נאָר אויך „אַ פּסיכאָ־לאָגיש־עסטעטישער".

איז עס זיכער אַ נחת צו זען אונדזערס אַ מאָדערנעם פּאָעט־אינ־זיכיסט ווי אַ פיינעם קענער פון אַלט־יידיש, וואָס באַמיט זיך קודם־כל צו אַנטציפערן דעם טעקסט פון „בבא(באָווע)־בוך, ד"ה, מגלה תוכן זיין פאַרן אַצינדיקן לייענער. ער שטעלט אין קלאַמערן אַריין היינטצייטיקע אויסדרוקן און גיט אויך איבער לאַנגע שטעלן פון ראָמאַן אין אונדזער היינטיקן יידיש. דער עיקרשט לעבט ער זיך זעליש איין אין דער בילדערישקייט פון די דראַמאַטישע שטעלן און הערט זיך אינטים איין אין דער אינעווייניקסטער מוזיק פון פערז. און הלמאי זאָלן מיר לייקענען — עס קומט אונדז לכתחילה אויס אַ ביסל אויסטערליש, וואָס בנוגע אַ פּאָעמע מיט אַ פון דער פרעמד איבער־גענומענעם אינהאַלט — און דערצו מעגלעך אגב־אורחאדיק — גע־שריבן מיט פיר הונדערט און דריי און פערציק יאָר צוריק דורך אַ וויסנשאַפטלער, באַדינט זיך נ. ב. מינקאָוו ביים אַנאַליז גאָר ערנסט מיט אולטראַ־מאָדערנע אינסטרומענטן... און מ'דאַרף מודה זיין, אַז ער טוט זיין אַרבעט פּרעציז, געוויסנהאַפטיק ווי אַ קוואַליפיצירטער מומחא אין ליטעראַטור־וויסנשאַפט. און ס'איז נאָך מער צו באַוואונדערן דעם אומשטאַנד, וואָס דער „קאַלט"־זאַכלעכער אַנאַליז איז באַגלייט מיט אַ האַרציק־וואַרעמער באַציאונג סיי צו אליהו בחור און סיי צו דער זאַך, וואָס הייסט אַלט־יידישע ליטעראַטור. מינקאָוו איז אַזוי פאַרליבט אין דעם אַלט־יידישן ריטער־ראָמאַן, אַז ער באַגייסטערט זיך נישט איינמאָל מיט סטראָפעס, וואָס זיינען פאַר אונדז, לייענער פון דער אַלט־יידישער ליטעראַטור, אָפטמאָל אַדורכגעגאַנגען אומבאַמערקט. ער אַנטפּלעקט פאַר אונדז זאַכן, וואָס מיר האָבן נישט געזען, אָדער גאָר נישט דערזען. צווישן די שורות פון דער מאָנאָגראַפיע שפּירט זיך עפּעס אַ שעפּ־טשענדיקער געשפּרעך צווישן צוויי דיכטער. איבערן צייטלויף פון אַ קנאַפּן האַלבטויזנט יאָר דערלאַנגען זיי זיך חבריש די הענט. אָט ווי אַזוי מינקאָוו רעדט וועגן גראַם פון בבא־בוך:

„דער גראַם האָט אים געדינט נישט נאָר ווי אַ מעטרישע דיסצי־פּלין, ווי אַן אויסגאַנג־פּונקט פאַר אָרקעסטרירונג, נאָר אויך, און דער עיקר, ווי אַ מיטל, וואָס האָט אים געהאָלפן אָנגליען די שורה, ווען ער האָט עס באַדאַרפט, שאַפן קרעפטיקע און האַסטיקע טעמפּאָס. אין אַנ־דערע פאַלן האָט עס אים געהאָלפן פאַרוויכן דעם גאַנג פון די שורות, מיט דער הילף פון דעם ווייבלעכן גראַם. אָדער גאָר פאַרלאַנגזאַמען

די שורה, און אַזוי־נאָך שאַפן דעם איינדרוק פון דערציילערישקייט און ליריזם. זיין זיכערע האַנט האָט געשפּילט ווי זיין געמיט האָט אים אונטערגעזאָגט. און ער האָט שטענדיק ריכטיק געפילט ווי אַזוי ער דאַרף שפּילן אין דער געגעבענער רגע".

ווי באַוואוסט, איז ס'"בבא־בוך" געשריבן אַ ביסל צו געדיכט און ס'איז שווער מיטצוגיין דעם האַסטיקן טעמפּאָ פון געשעעניש. אין מינ־קאָווס אויגן איז דאָס נישט קיין שום חסרון, פאַרקערט — גאָר אַ גרויסע מעלה. ער זעט אין דעם דיכטערישן צמצום, קינסטלערישע עכטקייט אָן די כלערליי הוילע באַפּוצונגען. ער לויבט אליהוס מייסטערשאַפט איבערצוגעבן גאַנצע סיטואַציעס און צענטראַל־געשעענישן אין עטלע־כע שורות. ער גיט אַלץ איבער פּרעציז שאַרף־געשניטן און לאַקאָניש.

"אויסערגעוויינלעך שפּאָרעוודיק מאָלט אליהו בחור אויס סיטואַציע־בילדער אין באַוועגונג. דער צמצום, ווייזט אויס, קומט דאָ טאַקע צום אויסדרוק מחמת דער שטאַרקער באַוועגלעכקייט און מחמת אליהו בחורס דיסציפּלינירטער מייסטערשאַפט".

צום סוף רעפערירט דער אויטאָר אויף אַ סינטעטישן שטייגער דעם אינהאַלט פון "בבא־בוך" מיט לאַנגע אויסצוגן פון אָריגינאַל אין אַצינ־דיקן יידישן.

בכלל איז דאָס אַ פיינע, אַריינדרינגלעכע מאָנאָגראַפיע, וואָס איז לויט איר דיכטעריש־אַנאַליטישן פאַרנעם פּיאָנעריש אין אונדזער ליטע־ראַטור־וויסנשאַפט. דערצו איז זי געשריבן מיט גרינטלעכער קענטשאַפט, דיק, פּרעציז און טאַקע מיט צמצום.

דעם "פאַרלאַג מ. וואַקסער" קומט אומבאַדינגט אַ יישר־כוח פאַר דער שיינער און זאָרגעוודיק־ריינער אויסגאַבע. דאָס בוך איז געדרוקט קלאָר, אויף קאַרטאָן־פּאַפּיר אין דעם פאָרמאַט פון אַ רעליגיעז־ספר.

יצחק יאַנאַסאָוויטש

# צוויי ביכער פון נ. ב. מינקאָוו

1.

נ. ב. מינקאָוו איז באַקאַנט נישט בלויז, ווי אַן אייגנאַרטיקער אינטע־רעסאַנטער פּאָעט מיט אַ פעסטער פּאָזיציע אין אונדזער ליטעראַטור, נאָר אויך, ווי אַ גייסטרייכער עסייאיסט און ליטעראַטור־טעאָרעטיקער. ער האָט אַרויסגעגעבן פיר ביכער לידער און פּונקט אַזויפיל ביכער וועגן ליטעראַטור און יידישע ליטעראַטור־פּראָבלעמען. ביכער, וואָס צייכענען זיך אויס מיט אַן אייגענעם, אינטערעסאַנטן קוק אויף די באַהאַנדלטע טעמעס.

אין „אליהו בחור״ זעט זיך אַ גרויסע ערודיציע און באַהאַוונטקייט אין דער ליטעראַטור־עפּאָכע פון יענער צייט. דער עיקר גייט אָבער מינקאָוון נישט אין יענער צייט, נאָר אין אונדזער היינטיקער צייט. מינקאָוו באַווייזט אונדז, אַז דאָס בבא־בוך פון אליה בחור בן אשר הלוי אשכנזי, וואָס איז אָנגעשריבן געוואָרן מיט איבער 400 יאָר צוריק האָט פאַר אונדזער היינטיקער ליטעראַטור נישט בלויז קיין קולטור־געשיכטלעכן באַדייט, נאָר אויך אַ לעבעדיקן, אַקטועלן קינסטלערישן ווערט. כאָטש דער דאָזיקער געדאַנק ווערט דורך אים נישט אויסגעדריקט דירעקט פילן מיר אָבער די דאָזיקע טענדענץ אין דעם אופן, ווי ער באַהאַנדלט דאָס בוך. זעענדיק, ווי אַזוי מינקאָוו אַנאַליזירט די קינסט־לערישע טעכניק פון בבא־בוך; דעם גראַם, דעם קינסטלערישן צימצום, די בילדלעכקייט, דעם אינהאַלט א. אַז. וו. רוקט זיך אָן דער געדאַנק, אַז פאַר מינקאָוון איז אליה בחור אפשר נישט בלויז „דער וויכטיקסטער פּאָעט פון דער גאַנצער שפּילמאַן־תקופה״, נאָר טאַקע עפּעס מער... בכל אופן אַ דיכטער וועמענס ווערק ס'האָט די ווערט מען זאָל דערפון אַראָפּווישן דעם שטויב פון דער געשיכטע.

מינקאָווס בוך וועגן בבא ד'אנטונא גיט אונדז נישט נאָר אַ גלענצנ־דיקע אָפּשאַצונג וועגן דעם קינסטלעריש־דויערנדיקן ווערט פון אליה

„אונדזער וואָרט״, פּאַריז, אויגוסט 28, 1950. זע ז. 89.

בחורס ווערק, נאָר אויך אַ פולע פאָרשטעלונג וועגן דעם ווערק גופא.
די וואָס האָבן נאָך נישט געלייענט די נייע אויסגאַבע פון בבא־בוך, איבערגעזעצט אויף אונדזער הײנטיקן יידיש, וועלן זיכער פאַראינ־טערעסירט ווערן מיט דעם בוך פון די פראַגמענטן, וואָס מינקאָוו פאַר־עפנטלעכט אין זיין אַרבעט וועגן אליה בחור.. מינקאָוו באַצייכנט אונדז גענוי דאָס אָרט פון אליה בחור אין דער יידישער ליטעראַטור, קלערט אונדז אויף פאַרוואָס דער מחבר פון בבא־בוך האָט פאַר זיין ווערק זיך באַנוצט מיט אַ וואַנדערנדיקן סוזשעט, ער איז אונדז מסביר אין וואָס עס באַשטייט די קינסטלערישע דערגרייכונג פון אליה בחור און וועלכע עס זיינען זיינע קוואַליטעטן און מעלות. „אונדזער צוגאַנג צו אליה בחורס סטאַנסן־ראָמאַנען — זאָגט ער — דאַרף שטימען מיט זיין קינסטלע־רישער כוונה און זיין רענעסאַנס־געמיט... אונדזער איצטיקער צוגאַנג דאַרף זיין נישט נאָר אַ ליטעראַטור־היסטאָרישער, אָדער אַ קולטור־היסטאָרישער, נאָר אויך אַ פסיכאָלאָגיש־עסטעטישער".
ווי ווייט נ. ב. מינקאָוו איז טאַקע אויסן אונטערצושטרייכן דעם פסיכאָלאָגיש־עסטעטישן — במילא היינטיקן — ווערט פון אליה בחורס ווערק קען עדות זאָגן דער פאַקט, וואָס רעדנדיק וועגן בבא־בוך מאַכט ער אַ ריי ביז גאָר אינטערעסאַנטע און גייסטרייכע דעפיניציעס וועגן ליטעראַטור און קונסט אין אַלגעמיין. אפשר וועט עמעצער וועלן אַראָפּ־דינגען ביי מינקאָוון פון דעם ווערט פאַר אונדזער היינטצייטיקייט פון דעם פיר־הונדערט־יאָר־אַלטן ראָמאַן. קיינער וועט אָבער נישט אַראָפּ־דינגען פון דעם ווערט וואָס עס האָט פאַר אונדז מינקאָווס אָפּהאַנדלונג, וועלכע דעקט פאַר אונדז אויף, נישט נאָר דעם מהות פון באַהאַנדלטן ווערק, נאָר אויך געוויסע אייביקע אמתן פון דער דיכטונג בכלל און דער יידישער דיכטונג בפרט.

סאַלאָמאָן קאַהאַן

# נ. ב. מינקאָוו, ווי אַ ליטעראַטור־קריטיקער

## 1.

אויף יעדן קינסטלערישן געביט זיינען דאָ קלאַסיקער, און ליטע־ראַטור־קריטיק איז אין נישט קיין קלענערער מאָס אַ קונסט, ווי ליטעראַטור גופא. מיר איבערצייגן זיך אין דעם, ווען מיר לייענען די ווערק פון אַזעלכע שאַפער אויפן געביט פון ליטעראַטור־קריטיק, ווי, צום ביישפּיל, דער פראַנצויז היפּאָליט טען אָדער דער רוס אָווסיאַניקאָ־קוליקאָווסקי, בלי שום ספקדיע „קלאַסיקער", וואָס האָבן ווי ליטע־ראַטור־קריטיקער, אָנגעשריבן מייסטערווערק וועגן מייסטערווערק.

ווען מיר קוקן זיך צו נענטער צו די גרונט־עלעמענטן אינעם שאַפן פון אַזעלכע מייסטער־קריטיקער, געפינען מיר, אַז דאָס זיינען, אומ־צעטיילבאַר, ערודיציע און אינטואיציע, צו וועלכער ס׳קומט צו אַ באַשטימטער וועלט־באַנעם, אַ קלאָר דעפינירטע עסטעטיש־פילאָזאָ־פישע באַגרינדונג פון זייערע אידייען, געדאַנקען, מיינונגען.

זייער ערודיציע באַשטייט אין פילזייטיקן וויסן. נישט נאָר באַהערשן זיי מייסטערהאַפט די ליטעראַטור צו וועלכער ס׳געהערן דאָס ווערק אָדער די ווערק, וואָס זיי באַהאַנדלען, נאָר אויך אַלע אַנדערע ליטעראַטורן, וואָס קומען אין באַטראַכט ווי אַ דירעקטער אָדער אומדירעקטער איינפלוס אויף יעדן באַזונדערן שרייבער, אָדער אויף דער ליטעראַטור בכלל, צו וועלכער זיין ווערק געהערט. זי שפּרייט זיך אויך אויס אויפן געביט פון פאַרגלייכנדיקער סאָציאַלער און קולטור־געשיכטע און פון פאַרגלייכנדיקן נאַטור־פייזאַזש, וועלכער באַאיינפלוסט דאָס ליטעראַריש־קינסטלערישע שאַפן.

די פּונקט אַזוי וויכטיקע אינטואיציע באַשטייט אין דער פייאיקייט אַרנייצודרינגען און זיך אַריינצולעבן אין די פאַרשיידנסטע גייסטיקע צושטאַנדן און עמאָציאָנעלע דערפאַרונגען, כדי צו קענען מיטגיין מיט

„די שטימע", מעקסיקע, יוני 28, 1952.

די געשילדערטע פּערסאָנאַזשן און זיך פילן „אין דער היים" אין די קאָמפּליצירטסטע סיטואַציעס און דערשיינונגען.

ס׳געהערט אויך צו דעם געביט פון דער נויטיקער אינטואיציע אַן איינגעבוירענער חוש פאַר פאָרם און סטיל אין אייגענעם שרייבן. שיינקייט אין שרייבן איז „אַ סינע קוואַ נאָן" פאַר דעם ליטעראַטור־קריטיקער פון גרויסן פאַרנעם.

דערצו מוזן זיינע שריפטן זיין באַזעלט דורך אַ באַשטימטער וועלט־אָנשויאונג, דורך באַשטימטע פילאָזאָפיש־עסטעטישע קאָנצעפּציעס, וואָס גייען דורך ווי אַ לייט־מאָטיוו אין דעם ליטעראַטור־קריטיקערס שרייבן, וואָס, אויסער דעם אַלעם, זייענדיק „אַקאַדעמיש" אין בעסטן זין פון וואָרט, דאָס הייסט שטענדיק באַלערנדיק, טאָר אָבער בשום אופן נישט זיין טרוקן־פּעדאַגאָגיש. דערפאַר איז טאַקע די באַליבסטסטע פאָרם פון „קלאַסיקער" פון ליטעראַטור־קריטיק נישט דער „מאַגיסטער דיקסיט"־טראַקטאַט, נאָר די אַזוי שווער דערגרייכבאַרע קונסט פון דעם זיך לייכט לייענענדיקן עסיי.

און נאָך עפּעס: יעדער ליטעראַטור־קריטיקער פון גרויסן פאַר־נעם באַמיט זיך אַרויסצוברענגען די אַנדערשקייט פון דעם שרייבער און זיין ווערק, וואָס ער באַהאַנדלט אין דעם געגעבענעם מאָמענט, און צו טאָן עס אויף אַן אַנדער אופן פון דעם, ווי עס טוען עס אַנדערע קריטיקער. דאָס הייסט, ער זוכט דאָס אָריגינעלע אין אַ ווערק אויף אַן אָריגינעלן אופן.

2.

ווילן מיר אָנווענדן אָט די אַלע כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון „קלאַסישער" ליטעראַטור־קריטיק צו דעם רעפּרעזענטאַטיווסטן פון אַלע ביכער, וואָס האָט אויפן געביט פון ליטעראַריש־קריטישע אָפּ־שאַצונגען פון שרייבער און ווערק, געשריבן נ. ב. מינקאָוו, דאַן דער־שיינט פאַר אונדז זיין ווערק „יידישע קלאַסיקער פּאָעטן", ווי אַ בוך, וואָס אַנטשפּרעכט אין יעדער הינזיכט דער אויבן־געבראַכטער דע־פיניציע פון „קלאַסישער" ליטעראַטור־קריטיק.

דאָס בוך אַנטהאַלט זעקס עסייען וועגן יידישע פּאָעטן, וואָס דער מחבר באַטראַכט אַלס קלאַסיקער. דאָס זיינען: פרוג, פּרץ, מאָריס ראָזענפעלד, יהואָש, ליעסין און רייזען, און וועגן אָט דעם בוך טאַקע, ווי וועגן אַ מוסטער פון זיין וועג ווי אַ ליטעראַטור־קריטיקער בכלל, וועלן זיין די ווייטערדיקע באַטראַכטונגען.

אָט איז זיין גרונטזעצלעכער באַנעם, זיין „קרעדאָ" וואָס שייך פּאָעטישער שאַפונג. זיינע פאָדערונגען צום קינסטלער זיינען שטרענגע, און ער איז אין אָט דער הינזיכט אומקאָמפּראָמיסלעך. זייער פאָרמולי־רונג איז מוסטערגילטיק אין צמצום און אין שיינקייט:

„אַ גרויסער דיכטער איז אַ פירשפּרעכער, אַ סך־הכל, אַ הויכער פונקט פון זיין עפּאָכע; ער איז דער אָנזאָגער און דער ביישפּיל פון אַ נייער קינסטלערישער קאָנצעפּציע. ער שאַפט אַ נייעם שפּראַך־מעדיום און ווערט אַזוי אַרום זיין מייסטער. זיין מאַטעריאַל, ווי אויך דער אופן ווי ער באַהאַנדלט אים, איז ספּעציפיש זיינער. ווי איינגעבוירן עס זאָלן אָבער נישט זיין די אייגנשאַפטן פון „גרויסן" דיכטער, קען ער זיי נישט אַרויסברענגען דערפאָלגרייך אָן דער הילף פון באַוואוסט־זיניקער קולטיווירונג. דער זין פון דער דאָזיקער דיסציפּלין ליגט אין קאָנטראָלירן דעם ניט געצאַמטן דראַנג און אים דערפירן צו אַן אַקטיווער קינסטלערישער פאָרמירונג. צו דעם שטרעבט און דאָס דערגרייכט יעדער „גרויסער" דיכטער".

נאָכדעם ווי, אויפן גרונט פון מערערע ביישפּילן, באַווייזט מינ־קאָוו, אַז אָט דער פאָרבאַדינג ווערט דורך יעדן פון די אַנאַליזירטע פּאָעטן פולשטענדיק דערפילט, קען ער שוין צוטרעטן צו אויסגעפינען און אונטערשטרייכן דאָס, מיט וואָס יעדער פון זיי איז דאָס, מיט וואָס ער איז ווערטפול ער.

אין דעם ערשטן עסיי, וועגן פרוגן, צעשטערט מינקאָוו אויף אַן אומבאַשטרייטבאַרן אופן די לעגענדע, אַז ער, פרוג, איז לכתחילה געווען אַ גרויסער רוסישער פּאָעט, וואָס האָט אויך געדיכטעט אין יידיש. אויפן גרונט פון אַ רייע ביישפּילן, טאַקע אין רוסיש, וועלכע ווייזן ווי אינטים באַקענט אונדזער קריטיקער איז מיט דער שפּראַך און ליטע־ראַטור פון פּושקין און טאָלסטאָי, באַווייזט מינקאָוו ווי שוואַך און ווי ווייניק אָריגינעל פרוג איז געווען ווי אַ רוסישער פּאָעט. דאַן מאַכט ער אַ לענגערן שפּאַציר איבער פרוגס שאַפונגען אין יידיש, און קומט צו דעם, דורך אים לאָגיש אַרויסגעבראַכטן שלום, אַז אומגעקערט, גראָד אין דער יידישער שפּראַך ליגט די שטאַרקייט און אייגנאַרטיקייט פון פרוגס פּאָעזיע. נאָך מער: דער קריטיקער שטעלט אויף די טעזע, אַז דאָס, וואָס מענדעלע האָט, שפּראַכלעך, אויפגעטאָן פאַר דער יידישער קינסטלערישער פּראָזע, האָט פרוג באַוויזן אויפצוטאָן פאַר דער שפּראַך פון פּאָעזיע אין יידיש. און ניט נאָר שפּראַכלעך. „ער האָט אַריינגעבראַכט מיט זיינע נאַטור־און פרייהייט־לידער, ווי נאָך קיינער פאַר אים, אַן

איבערברוך און אַ נייעם אַקאָרד אין דער יידישער פּאָעזיע פון זיין צייט. פאַר אַ פּאָעטער פון דער מאָדערנער יידישער קולטור דאַרף ער פאַר־רעכנט ווערן, ווייל ער האָט געעפנט נייע וועגן פון פּאָעטישער קולטור. ער האָט אָנגעהויבן און געשטאַרקט די אָנקומענדיקע מאָדערנע יידישע פּאָעזיע אין אַלע אירע פאַזן".

נישט ווייניקער, אויב נישט נאָך מער פאַסצינירנד, איז דער עסיי וועגן פּרצעס פּאָעזיע, אין וועלכער דער קריטיקער אַנטדעקט, פונקט אַזוי ווי אין דעם אומקלאָרן פּאָרשפּיל פון יעדער נייער באַוועגונג, אַן אייפערדיקן און כאַאָטישן צוזאַמענשטויס פון די אַנונגען וועגן דעם נייעם נויטיקן איבערבוי.

פּרצעס פּאָעזיע איז ווייט נישט גענוג אָפּגעשאַצט געוואָרן, און מינקאָוו, ווי אַ קריטיקער, איז גערעכט צו אים, אַרויסברענגענדיק איר פולן קינסטלערישן ווערט. דערביי גייט ער אַוועק אויף אַן אָריגינעלן וועג, באַווייזנדיק ווי שטאַרק ס'איז אין פּרצעס פּאָעזיע דער „היינע"־עלעמענט פון ראָמאַנטיק און איראָניע.

מיט אַ זעלטענער פּלאַסטישקייט ברענגט מינקאָוו אין זיין ווייטער־דיקן עסיי אַרויס די גרונט־עלעמענטן, וואָס מאָריס ראָזענפעלד האָט בייגעטראָגן צו דער באַנייאונג פון דער יידישער פּאָעזיע: „זיין דינאַ־מישער שוואונג, וואָס פלעגט, צייטנווייז, דערהויבן זיין ליד ביז פּאַטאָס און עקסטאַז: זיין אומדערוואַרט סובלימירטער, פּאָעטישער איבערברוך פון איין שטימונג אין דער צווייטער, און זיין קערנדיקער, פּול־טאָניקער ליריזם, וואָס פאַרלירט נישט זיין פולקייט און טאָן־אַרט אין געלייטערטע מאָמענטן פון לאַמענט און מעלאַנכאָליע".

יהואשן, ברענגט מינקאָוו אַרויס אין זיין, דעם דיכטערס, אייגענעם און אייגנאַרטיקן ליכט, ווי דעם פּאָעט, אין וועלכן שיינקייט און עטיק גיסן זיך צענויף אין אַ נייער, העכערער גייסטיקער איינהייט.

מינקאָווס אָריגינעלער צוגאַנג צו ליעסינס דיכטונג איז דאָס אויסגעפינען און אונטערשטרייכן זיין דואַליזם פון סאָציאַלער טענדענץ און אינדיווידואַליסטישער סוביעקטיוויטעט, וואָס איינע פון זיינע, פאַר דעם דיכטערס שאַפונג ביז גאָר וויכטיקע קאָנסעקווענצן, איז געווען דער סינטעז צווישן זיין געזעלשאַפטלעכן און אינדיווידואַליסטישן וועלט־באַנעם.

און אונטער דעם אינהאַלט און דער פאָרם פון רייזענס פּאָעזיע, וואָס פון אויבנאויף געזען, זיינען זיי זעלבסטפאַרשטענדלעך און איינ־

פאַך,—אַנטדעקט מינקאָוו הימל־ווייטע גייסטיקע הויכקייטן און אָפּגרונט־טיפע עמאָציאָנעלע איבערלעבונגען. „אַ רעאַליסט נאָך דער טראַדיציע נאָך, אַן אימפּרעסיאָניסט לויט זיין טעמפּעראַמענט, גייט ער דורך דעם וועג פון זיך כסדר מערנדיקע סתירות פון דער ווירקלעכקייט.

גיט צו צו אָט דעם אַלעם מינקאָווס שפּראַך־מייסטערשאַפט, וועלכע מאַכט דאָס לייענען זיינע עסייען פאַר אַ טיפן עסטעטישן גענוס וואָס שייך פאָרם, און ס'ווערט קלאָר, אַז די „יידישע קלאַסיקער פּאָעטן" זיינען אין דעם בוך געזען געוואָרן מיט די אויגן פון אַ יידישן מייסטער־קריטיקער, וואָס באַזיצט אַ גרויסע ערודיציע און אַ טיפע אינטואיציע וואָס ביידע שטייען זיי צום דינסט פון אָריגינעלע עסטעטיש־פילאָסאָפישע קאָנצעפּציעס. דאָס אַלץ מאַכט „יידישע קלאַסיקער פּאָעטן", ווי אַ בוך פון ליטעראַטור־קריטיק, קלאַסיש.

י. ראַבינאָוויטש

# די זכרונות פון מרת גליקעל האַמעל

נ. ב. מינקאָוו, באַוואוסטער פּאָעט און ליטעראַטור־קריטיקער, איז אויך אַ פאָרשער פון דער אַלט־יידישער ליטעראַטור און ער האָט שוין אויף דעם לעצטן געביט פאַרעפנטלעכט אַ צאָל וויכטיקע אַרבעטן. זיין גאָר לעצטע אַרבעט איז אַ בוך איבער די זכרונות פון גליקעל האַמעל אָדער פאָן האַמעלען. אויב איך בין זיך נישט טועה איז דאָס דער ערשטער פּרואוו צוצוגיין צו די באַרימטע מעמואַרן מיט דער מאָס פון אַ ליטע־ראַטור־קריטיקער, ניט בלויז מיט דער מאָס פון אַ קולטור־היסטאָריקער. נאַטירלעך ווערט דערביי ניט אַרויסגעלאָזן פון אויג די היסטאָרישע דיסטאַנץ. דער שרייבער זוכט זיך אַריינצולעבן אין די ספּעציעלע ליטע־ראַרישע נוסחאות מיט וועלכע די מעמואַריסטין האָט זיך באַנוצט און דאָס שטעלט מיט זיך פאָר דאָס סאַמע וויכטיקסטע און באַלערנדיקסטע פון מינקאָווס בוך.

ווער איז געווען גליקעל פאָן האַמעל? זי איז געבוירן געוואָרן אין 1645 אין האַמבורג און איז געשטאָרבן 1724 אין מעטץ. דריי יאָר נאָך איר געבוירן ווערן האָט מען די יידן אַרויסגעטריבן פון האַמבורג און די געטריבענע האָבן געפונען אַן עיר מקלט אין דער שטאָט אַלטאָנאַ, וואָס האָט צו יענער צייט באַלאַנגט צו דענמאַרק. איר פאָטער, אַ צירונג־הענדלער, איז געווען אַ רייכער מאַן און פּרנס פון דער קהילה. אים האָט זיך שפּעטער איינגעגעבן צו באַקומען אַ דערלויבעניש פאַר זיך און זיין פאַמיליע זיך צוריקצוקערן קיין האַמבורג. שפּעטער האָבן נאָך אַנדערע יידן זיך צוריקגעקערט. צו פערצן יאָר האָט מען זי חתונה געמאַכט פאַר איינעם חיים האַמעלן, אַ זון פון אַ רייכן מאַן. ער איז געווען „צו גאָט און צו לייט" — אַ זייער פרומער ייד און אַ דערפאָלגרייכער סוחר אויף דערצו. זי האָט מיט אים געהאַט פערצן קינדער, וואָס פון זיי זיינען בלויז פיר געבליבן לעבן. ער איז געשטאָרבן אין 1689, און בלייבנדיק אַן אלמנה האָט זי געדאַרפט אַליין פירן די געשעפטן און אַכטונג געבן אויף דער פאַמיליע. טרויערנדיק איבער דעם טויט פון איר מאַן, ווענען

---

„קענעדער אָדלער", מאָנטרעאָל, מערץ 30, 1953.

זי שילדערט אַלס „גרויסן צדיק", פלעגט זי פאַרבערנגען שלאָפלאָזע נעכט, און כדי צו פאַרנעמען די צייט, האָט זי זיך גענומען שרייבן די זכרונות פון איר לעבן. די שפּראַך אין וועלכער זי האָט געשריבן איז געווען יידיש־טייטש, וואָס היינט רופן מיר עס אַלט־יידיש. זי האָט שפּעטער נאָך אַ מאָל חתונה געהאַט, אָבער זי איז צום סוף געבליבן אַן אלמנה צום צווייטן מאָל.

אירע זכרונות, וועלכע דינען ווי אַ קוואַל פון אינפאָרמאַציע פאַר היסטאָריקער, באַשטייען פון זיבן טיילן און זיבן באַזונדערע ספרים. איצט וועלן מיר איבערגעבן דאָס וואָרט מינקאָוון:

„גליקעל האַמעל דערציילט ניט אין אירע זכרונות בלויז וועגן אַן עפּיזאָד פון איר לעבן. ניטאָ דאָרטן בלויז אַן איינצלנע געשעעניש, וואָס אַרום איר ווערט אויסגעוועבט אַ סיפּור המעשה. אירע זכרונות הייבן זיך אָן מיט פרומע רייד, באַקרעפּטיקט מיט משלים און מעשות. אָבער געשעענישן בפועל ממש הייבט זי אָן דערציילן אין צווייטן בוך".

אין אַ ספּעציעלן קאַפּיטל רעדט מינקאָוו אַרום דעם באַזונדערן סטיל פון פון אָט די זכרונות. ער שרייבט:

בדרך כלל ווען זי גיט איבער מעשות, צום טייל עפּיזאָדן — מאָראַליזירט זי. ווען זי גיט איבער אומגליקלעכע אָדער טרויעריקע, רירנדיקע געשעענישן — פאַרנעמען מיר פאַרשטיקטע טרערן אין איר קול. מיר דערקענען אויך דעם סטיל אין דעם הכנעהדיקן טאָן, מיר האָבן אים געהערט אין אַ געוויסן טייל פון דער אַלט־יידישער פּאָעזיע, אפשר דעם שענסטן טייל. מיר האָבן אין זינען די טונקל־לויכטנדיקע געבעט־פּאָעזיע, וואו עס אַנטפּלעקט זיך דאָס טיפעניש פון דער יידישער פרויס האַרץ. דאָס איז — די תחינה".

מינקאָוו האַלט אַן עולם ומלואו פון דער תחינה־ליטעראַטור. ער זאָגט: „ניט אָפט איז אַ פּאָעטישע שאַפונג אַזוי דורכגענומען מיט דער אינטימסטער, פּערזענלעכער עמקות (טיפקייט) ווי תחינות. אין אַ געוויסן פּרט איז די תחינה געווען אינטימער, סוביעקטיווער און לירישער ווי יענע געבעטן, יענע תפילות, וואָס פאַרקערפּערן אין זיך אוניווערסאַלע אויסבליקן. די תחינה איז געווען דער פרויס לירישע אויסלעבונג, איר שטיל געוויין, אירע פאַרשטיקטע טרערן, וואָס האָבן געעפנט אין האַרצן פאַרריגלטע טירן".

צו דעם גיט ער אויך צו: „די תחינה האָט געשאַפן ניט נאָר איר

אייגענעם סטיליסטישן נוסח, נאָר אויך איר אייגענע מוזיקאַלישע טאָנאַ־ליטעט. נאָך פינקטלעכער: זי האָט געשאַפן איר געווין־טאָנאַליטעט".

גליקעל האַמעל האָט זיך געפונען אונטערן שטאַרקן איינפלוס פון אָט דער „געווין־טאָנאַליטעט". מינקאָוו באַווייזט דאָס מיט אַ רייע ציטאַטן, וועלכע ער גיט איבער פריער אין דעם אָריגינעלן אויסלייג פון אַלט־יידיש, וואָס איז שוין איצט פאַר אונדז אוממעגלעך צו לייענען, און נאָכדעם פאַרטייטשט ער עס אין אַ מער מאָדערנעם לשון און מאָ־דערניזירטן אויסלייג.

אָט איז איינער פון די ביישפילן. דערציילנדיק וואָס ס'איז פאָרגע־קומען נאָכדעם ווי איר פאָטערס פאַמיליע האָט באַקומען אַ דערלויבעניש זיך צוריקקערן קיין האַמבורג פון אַלטאָנאַ, גיט זי צו, אַז זיי האָבן אין האַמבורג נישט געהאַט קיין שול צום דאַוונען און אויך ניט קיין אָפּי־ציעלע וואוין־אָרט. ווען זיי האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן אין אַ מנין אין אַ פריוואַט־הויז, זיינען די גלחים דערפון געוואויר געוואָרן און מען האָט זיי „נעבעך פאַריאָגט ווי שרעקעדיקע שאָף". און זי פאַרענדיקט מיט אַ שלוס־וואָרט אין תחינה־סטיל:

„זאָל הקדוש ברוך הוא, אין זיין באַרעמהאַרציקייט און אין זיינע גרויסע חסדים זיך מרחם זיין אויף אונדז און שיקן משיח צדקנו, כדי מיר זאָלן קענען דינען ברוך הוא וברוך שמו מיט אונדזער גאַנץ האַרץ, אַז מיר זאָלן קענען תפילה טאָן אין אונדזער בית המקדש אין ירושלים, אין דער הייליקער שטאָט, אָמן".

און אָט איז נאָך אַ ציטאַט, וואָס האָט אַ גרויסע היסטאָרישע ווערט, ווייל דאָ ווערט איבערגעגעבן דער געוואַלדיקער רושם וואָס די דער־שיינונג פון דעם פאַלשן משיח שבתי צבי האָט געמאַכט אויף איר דור און אויף איר קהילה, אָבער אויך דאָס גיט זי איבער אין כאַראַקטעריס־טישן תחינה־סטיל. זי דערציילט

„... אין דער זעלביקער צייט האָט מען אָנגעהויבן ריידן פון שבתי צבי. אָבער, ווי צו אונדז, ווייל מיר האָבן געזינדיקט. און אַז מיר האָבן עס ניט דערלעבט. און ווערליק מיר האָבן געהערט... און ווען איך דערמאָן זיך די תשובה, וואָס יונג און אַלט האָבן געטאָן — דאָס איז ניט צו באַשרייבן. ווי עס איז באַוואוסט און באַקאַנט דורך דער גאַנצער וועלט — אָ, רבש"ע — אין דער צייט בעת מיר האָבן געהאָפט אַז דו באַרעמהאַרציקער גאָט וועסט זיך דערבאַרעמען איבער דיין פאָלק ישראל און אונדז דערלייזן. אַזוי האָבן מיר וואויל געהאָפט, ווי אַ פרוי וואָס זיצט

אויפן געווינשטול (בראָכשול) און אַרבעט מיט גרויסע שמערצן און ווייטיקן און מיינט אַז נאָך אַלע אירע ווייטיקן, און ווי טאָג קומט, וועט זי ווערן דערפרייט מיט אַ קינד, אָבער נאָך אַלע אירע שמערצן און ווייטיקן, קומט ניט אַנדערש ווי דאָס זי אַ ווינט געהערט... אַזוי, מיין גרויסער גאָט און קיניג, איז אונדז אויך געשען. מיר האָבן געהערט, און אַלע דיינע ליבע קנעכט און קינדער האָבן זיך זייער געמיט מיט תשובה, תפילה וצדקה דורך דער גאַנצער וועלט. און דיין ליב פאָלק ישראל איז אויף דער געווינשטול געזעסן און געמיינט, נאָך זייער גאַנצער שווערער תשובה, תפילה וצדקה, נאָכדעם ווי זיי זיינען געזעסן אויף דער געווינשטול צוויי־דריי יאָר, און עס איז גאָרניט אַרויסגעקומען ווי בלויז אַ ווינט. לא די וואָס מיר האָבן ניט זוכה געווען צו זען דאָס קינד, וואָס דערצו האָבן מיר זיך אַזוי געמיט, זיינען מיר אַזוי ווייט געקומען, אַז מיר האָבן זיך גאַנץ זיכער געהאַלטן, אַז מיר זיינען בעוונותינו הרבים שטעקן געבליבן. מיין גאָט און האַר, פונדעסטוועגן וועט דיין פאָלק ישראל דאָך ניט פאַרלירן מוט, און האָפט טעגלעך אויף דיין באַרעמהאַרציקייט, אַז דו וועסט עס דערלייזן. אפילו ווען ער זוימט זיך, אַזוי האָף איך יעדן טאָג, אַז ער וועט קומען. ווען עס וועט זיין דער הייליקער ווילן וועסטו שוין דיין פאָלק געדענקען".

**אין אַן אַנדער אָרט באַשרייבט די פרומע מעמואַריסטין דעם גוואַלדיקן פריידיקן אויפרור, וואָס די דערשיינונג פון שבתי צבי האָט אַרויסגערופן צווישן די יידן אין דייטשלאַנד איידער די אַנטוישונג איז געקומען. זי דערציילט:**

„די שמחה וואָס איז געווען ווען מ'האָט געקראָגן די בריוו (וועגן דעם 'משיח' שבתי צבי) איז ניט צו באַשרייבן. די מיינסטע בריוו וואָס זיינען אָנגעקומען האָבן די ספרדים (שפּאַניש־פּאָרטוגעזישע יידן) באַקומען. זיי זיינען יעדן מאָל מיט זיי (די בריוו) אין זייער בית הכנסת געגאַנגען און דאָרטן געלייענט. זיינען טייטשע (אשכנזים) יונג און אַלט אויך אין זייער בית הכנסת געגאַנגען. און פּאָרטוגעזער יונגעלייט האָבן זיך יעדן מאָל אין די בעסטע קליידער אָנגעטאָן. און יעדערער האָט אַרום זיך אַרומגעבונדן אַ גרינעס, ברייטן זיידענעם באַנד. דאָס איז געווען שבתי צבים ליוורייע. אַלזאָ, זיינען זיי אַלע מיט פויקן און טענץ אין זייער בית מדרש געגאַנגען און האָבן די בריוו געלייענט מיט שמחה ווי ביי דער שמחה פון בית השואבה. טייל האָבן אַלץ דאָס זייעריקע פאַרקויפט, הויז און הויף, און אַלץ געהאָפט, אַז זיי וועלן אַ ליאַדע טאָג

דערליזט ווערן. מיין שווער ע״ה האָט אין האַמעל געוואוינט. אַלזאָ, האָט ער פון דאָרטן עוקר דירה געווען. און זיין הויף און הויז און די הויז־זאַכן, פול מיט כל טוב, געלאָזן שטיין און האָט זיך אַריבערגעצויגן צו וואוינען אין דער קהילה קדושה הילדסהיים. ער האָט אונדז קיין האַמבורג געשיקט צוויי גרויסע פעסער מיט פאַרשיידענע לייוונט־שטאָפן. און דאָרטן זיינען געווען פאַרשיידענע עסן־שפּייז, ווי אַרבעס, געטריקנטע פלייש, און חוץ דעם אַנדערע גריימפּל־שפּייז פון צונויפגעקוועטשטע רייפלעך. אַלץ וואָס קען זיך לאַנג האַלטן. דען דער גוטער מאַן ע״ה האָט געמיינט מען וועט איינפאַך פון האַמבורג פאָרן צום הייליקן לאַנד. די דאָזיקע פעסער זיינען געשטאַנען אין מיין הויז אַ סך מער ווי אַ יאָר. ענדלעך האָבן זיי מורא געהאַט, אַז דאָס פלייש און די אַנדערע זאַכן וועלן מכולה ווערן (איבערגעפּירט ווערן), האָבן זיי אונדז געשריבן, מיר זאָלן די פעסער אויפמאַכן און אַרויסנעמען וואָס עס איז עסן־שפּייז, כדי דאָס לייוונט־שטאָף זאָל ניט מכולה ווערן. אַזוי איז עס גאַנצע דריי יאָר געשטאַנען און זיי האָבן אַלץ געמיינט זיי וועלן עס צו זייער רייזע ברויכן. אָבער עס איז דעם אויבערשטן נאָך ניט געפעלן״.

מיר האָבן געבראַכט די דאָזיקע ציטאַטן, ערשטנס, ווייל זיי זיינען פון גרויסן היסטאָרישן אינטערעס און צווייטנס, צו ווייזן דעם ספּעציעלן מעטאָד וועלכן מינקאָוו באַנוצט צו האַלטן זיין לעזער געשפּאַנט מיט ציטאַטן פון היסטאָריש־מעשהדיקן כאַראַקטער, אָבער אין דער זעלבער צייט ניט אַרויסלאָזן פון אויג אפילו אויף אַ מינוט דעם הויפּט־ציל וואָס ער האָט זיך געשטעלט מיט זיין בוך — באַלייכטן די מערקווירדיקע מעמואַרן פון גליקעל האַמעל פון דעם שטאַנדפּונקט פון זייער ליטעראַרישער פאָרם, סטיל און מאַניער. דאָס געלינגט אים אין אַ גאָר גרויסער מאָס. אָבער גלייכצייטיק, מיט דער הילף פון די ציטאַטן, גיט ער פאַקטיש איבער דעם תמצית פון גליקל האַמעלס אַלע זיבן מעמואַרן־ביכער און דערמיט באַקומט זיך אַ ליטעראַטור־קריטישער אַנאַליז פון איינעם פון די אינטערעסאַנטסטע היסטאָרישע דאָקומענטן וועגן דעם לעבן פון די יידן אין דייטשלאַנד אין 17טן יאָרהונדערט.

מינקאָוו ווייזט אָן, אַז גליקל האַמעל איז געווען באַאיינפלוסט ניט בלויז פון דער פרומער תחינה, נאָר אויך פון וועלטלעכע מעשה־ביכער פון יענער צייט. ער ווייזט דאָס אַלץ מיט ציטאַטן און פּאַראַלעלן און עס באַקומט זיך אַ העכסט באַלערנדע אַרבעט, וואָס לייענט זיך מיט גרויסן און אפילו שפּאַנענדן אינטערעס.

גבריאל ווייסמאַן

# „גליקל האַמעל"

אָנגעהויבן האָט נ. ב. מינקאָוו — אין יאָר 1918 — מיט אָריגינעלע לידער, וועלכע האָבן פֿאַרגעשטעלט מיט זיך די פֿאָעטישע טענדענץ פֿון מאָדערנעם קלאַסיציזם. מינקאָוו שטייט אויך בראָש — צוזאַמען מיט א. לעיעלעס און יעקב גלאַטשטיין — פֿון דער גרופּע „אינזיכיסטן" (אַרום 1920), וועלכע האָבן געפּרעדיקט און טאַקע אַריינגעברענגט די דיכטערישע אינטראָספּעקטיווע טענדענץ אין דער יידישער ליטע־ראַטור. נישט לאַנג דערנאָך פֿאַרעפֿנטלעכט ער אַ ריי ערנסטע אָפּ־האַנדלונגען וועגן שרייבער און ווערק.

ביז איצט האָט נ. ב. מינקאָוו אַרויסגעגעבן ביי אַ צען ביכער (לידער און עסייען) צווישן זיי: „אליה בחור און זיין בבא־בוך" און לעצטנס — „גליקל האמעל".

גליקל האמעלס זכרונות זיינען נאָך ביזן היינטיקן טאָג פֿאַרן ברייטן עולם כמעט ווי אומבאַקאַנט. דאָס נעמט זיך דערפֿון, וואָס פּראָפֿ' קאַופֿמאַן האָט זיי אַרויסגעגעבן — ערשט אין סוף פֿון 19טן יאָרהונ־דערט — אין דער אַלט־יידישער שפּראַך, וואָס קיינער, כמעט, קען שוין נישט לייענען. מחמת דעם, ברענגען מיר פֿאַר אונדזערע לייע־נער — ווי אַן אַריינפֿיר — אַ פּאָר ביאָגראַפֿישע פּרטים פֿון דער זכרונות־שרייבערין, גליקל האמעל:

מרס גליקל איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1645 אין האַמבורג. ווען גליקל איז קיין גאַנצע דריי יאָר נישט אַלט געווען, האָט זי אַדורכ־געמאַכט, צוזאַמען מיט אַלע דאָרטיקע יידן, אַ גירוש פֿון דער דאָזיקער שטאָט. איר פֿאָטער, דער פּרנס ר' לייב פּינקערלע, איז געווען דער ערשטער ייד, וואָס האָט זיך אומגעקערט פֿון דער דערבייאיקער אלטאנא (דענעמאַרק) קיין האַמבורג. נאָך דער חתונה מיט ר' חיים האמעל, האָט זי אַ געוויסע צייט געוואוינט אין הויז פֿון איר שווער ר' יוסף, אין פֿאַרוואָרפֿענעם אָרט האמעל, וואו עס האָבן געוואוינט נאָך צוויי יידישע משפּחות (זי איז דעמאָלט אַלט געווען 14 יאָר). מרס גליקל איז געווען אַ פֿרומע, גאָטספֿאָרכטיקע פֿרוי, אירע זכרונות האָט זי אָנגעהויבן שרייבן אין יאָר 1691. זי איז דעמאָלט אַלט געווען 46 יאָר.

---

„לעבנס־פֿראַגן", תל־אביב, יולי 1953.

געווען איז עס צוויי יאָר נאָך איר מאַנס טויט. די ערשטע פינף טיילן האָט זי דערפירט ביזן יאָר 1699. זי איז שוין דאַן מיד געווען פון דעם שווערן לעבן. דערציען צוועלף קינדער איז אויך אין יענע צייטן געווען אַ שווערע הלכה. זי האָט אין יענעם יאָר געוויליקט חתונה צו האָבן מיטן מעצער באַנקיר, פּרנס און שתדלן — ר׳ הירץ לוי. צוועלף יאָר האָט זי געלעבט מיט איר צווייטן מאַן. אַ באַנקראָטירטער, אַ פאַר־שעמטער, אַ יורד, איז ר׳ הירץ לוי געשטאָרבן אין 1712. אין יאָר 1715 האָט זי ווידער אָנגעהויבן שרייבן אירע זכרונות. די לעצטע צוויי טיילן האָט זי פאַרענדיקט אין יאָר 1719 שוין אַלט זייענדיק 75 יאָר. אין פינף יאָר אַרום — אין 1724 — איז זי געשטאָרבן אַ זקנה פון קרוב צו אַכציק יאָר.

***

וועגן גליקל האַמעלס זכרונות זיינען שוין פאַרעפנטלעכט געוואָרן צענדלינגער פאָרש־אַרבעטן און אָפּהאַנדלונגען. כלערליי פּסיכאָלאָגישע השערות זיינען געמאַכט געוואָרן. אַלע האָבן געהאַט פאַר זיך איין ציל: באַלויכטן דעם לעבנס־ און שאַפונגס־וועג פון גליקל האמעל. מ׳קאָן אָבער נישט זאָגן, אַז די אָ אַלע ביז־איצטיקע באַטראַכטונגען, אַרויסזאָגונגען און אויספירן האָבן דערגרייכט דעם געשטעלטן ציל. דאָס איז דערפאַר, ווייל אין מערסטנטייל זיינען דאָס געווען נישט מער ווי פאָרש־פּרוואוון און השערות — צומאָל געלונגענע! — צו דער גענעזע פון גליקל האמעל, אָבער נישט קיין פולע אויסשעפנדיקע אַרבעט.

אַנדערש, גאַנץ אַנדערש שטעלט מיט זיך פאָר מינקאָווס בוך. ווען מיר באַקענען זיך נעענטער מיטן דאָזיקן בוך, דערזעט מען ווי דעם מחבר האָט אָפּגעגליקט אַרייננצודרינגען אין די פאַרבאָרגנסטע ווינקלען פון גליקלס געפילן־וועלט און אויך אַרייננצולעבן זיך אין דער געשיל־דערטער עפּאָכע. מיר האָבן אַזוי אַרום, דאָ צו טאָן מיט אַ היסטאָרישן קווערשניט סיי וועגן דער זכרונות־שרייבערין, מרס גליקל און סיי וועגן דער עפּאָכע, אין וועלכער זי האָט געלעבט.

נאָכדעם ווי נ. ב. מינקאָוו ווייזט־אָן גליקל האמעלס אָרט אין דער יידישער ליטעראַטור, טיילט ער איין זיין בוך אין פיר עיקר־קאַפּיטלען:

א) דער עמאַציאָנעלער עלעמענט — תחינה. דאָ האָבן מיר אַ גרינטלעכע אַרבעט וועגן גליקלס סטיל, נוסח, תחינה־פּאָעזיע און די השפּעה וואָס די תחינה האָט געהאַט אויף אונדזער ליטעראַטור, ווי האָבן געווירקט אויף מרס גליקל נאַציאָנאַלע געשעענישן און גרויסע נאַ־ציאָנאַלע אומגליקן.

ב) דער מאָראַליזירנדיקער עלעמענט — מוסר. מיר דערוויסן זיך דאָ די סיבה פון גליקלס שרייבן אירע זכרונות; איר געמיט־צושטאַנד און אירע מוסר־רייד (כאָטש זי פאַרזיכערט כסדר, אַז זי האָט נישט געהאַט בדעה צו שרייבן אַ מוסר־בוך); איר באַגריף וועגן גאָט און וועלט;

ג) דער באַטייט פון גליקלס באַשרייבערישקייט. אונטער דעם קעפּל גיט אונדז דער מחבר אַ טיפן אַנאַליז וועגן גליקלס באַשריי־בערישע אייגנשאַפטן;

ד) דערציילערישקייט. נ. ב. מינקאָוו שטעלט זיך דאָ אָפּ אויף אַ ריי מעשיות — צווישן זיי: די פּאָפּולערע מעשה וועגן אמנון און תמר און אַ ריי ריטער־ראָמאַנען פון דער שפּילמאַן־תקופה.

***

ווי מרס גליקל פאַרזיכערט (צום וויפלטן מאָל!) איז די הויפּט־סיבה פון שרייבן אירע זכרונות געווען: שלאָפלאָזע נעכט, מורא פאַר מאַליקולישע (מעלאַנכאָלישע) געדאַנקען, צרות און זאָרג, וואָס זיינען איר באַפאַלן נאָכן טויט פון איר מאַן. „אַלזאָ, בין איך אָפּט בלילה אויפגעשטאַנען, און די שלאָפלאָזע שעות אויף דעם פאַרבראַכט" (לויט מינקאָווס פאַרטייטשונג פון אַלט־יידיש — פון דעם מיטל־ידערדייטש־שניט, איך וועלכן די זכרונות זיינען געשריבן). די דאָזיקע פאַרזיכערונג (און אויך מינקאָווס דעפיניציע אויף זייט 37) זעט אונדז אויס צו זיין נישט אינגאַנצן ריכטיק. אַוודאי האָט איר נאָכן מאַנס טויט גע־קאָנט באַפאַלן אַ מורא פאַר מרה־שחורהדיקע געדאַנקען, אָבער דאָס פאַרטראַכטן פון פאָראויס צו שרייבן אירע זכרונות אין זיבן טיילן, זיבן ספרים, באַווייזט אונדז, אַז דאָס איז נישט בלויז דער אויסדרוק פון אַ צופעליקייט, נאָר אַז דאָ האָט זיך מאַניפעסטירט גליקלס שריי־בערישער טריב.

אַ ביסל מאָדנע קומט אויס — און וואָס פאַלט שטאַרק אין אויג — דער פאַקט, וואָס מרס גליקל האָט די ערשטע פינף טיילן פון אירע זכרונות אָנגעהויבן שרייבן צוויי יאָר נאָך איר ערשטן מאַנס טויט, און די לעצטע צוויי טיילן (נאָך אַן איבעררייס פון 16 יאָר) דריי יאָר נאָך איר צווייטן מאַנס טויט.

ווייזט־אויס, אַז „אומגליקן און צרות, שטורעמס און בייזע גע־וויטערס" — איז געווען די טרייב־קראַפט, דער אינערלעכער דראַנג אַראָפּצורעדן זיך פונעם האַרצן. אָבער אויך דאָ, מיינען מיר, האָבן מיר צו טאָן מיט גליקלס שרייבערישן טריב (און נישט בלויז די מורא פאַר

מאליקולישע געדאַנקען). אזיסט וואַלטן אירע זכרונות נישט געווען דאָס וואָס זיי זיינען. ווייל מען דאַרף דאָ נישט פאַרגעסן, אַז דאָס זיי־נען בשום אופן נישט קיין זכרונות וועגן עפּיזאָדן פון איר אייגן אינדיווידועלן לעבן, נייערט — זיי באַלייכטן אַ שטיק לעבנס־שטייגער און שטייגער־לעבן פון די יידן אין דייטשלאַנד אין 17טן יאָרהונדערט. מרס גליקלס זכרונות דעקן־אויף אויך פיל פאַרבאָרגענע בלעט־לעך פון פאַרגאַנגענעם יידישן לעבן אין אַ ריי לענדער: מיר הערן אין זיי אָפּקלאַנגען פון וועלט־געשעענישן און יידישע טראַגעדיעס, וועגן די פּליטים פון כמעלניצקיס שחיטות; וועגן דער שבתי־צבי־טראַגעדיע און אַנדערע.

מיר האָבן אומישנע געבראַכט די אַלע פאַקטן, כדי אָנצואווייזן אויף דער איבערוועגנדיקער סיבה פון גליקלס שרייבן.

פאַראַן, אמת, נאָך אַ סיבה (ריכטיקער: כוונה) — וואָס מינקאָוו מיינט: אַ קלענערע סיבה — פון שרייבן אירע זכרונות: „כל־זמן זי שרייבט שוין וועגן איר לעבן און דעם לעבן פון דער משפחה, וויל זי, די שפּעטערע דורות זאָלן וויסן פון וועמען זיי שטאַמען".

אויך די סיבה, מיינען מיר, איז אַ פּועל־יוצא פון גליקלס פלאַנירט־קייט, פון איר ווילן געלייענט צו ווערן פון די קומענדיקע דורות (ממילא קאָן דאָ זיין אַ פאַרבאָרגענער געדאַנק וועגן „ליטעראַרישער אומשטערב־לעכקייט").

***

אין אונדזערע אַריינפירנדיקע פאַר ווערטער האָבן מיר שוין דער־מאָנט, אַז גליקלס זכרונות זיינען ביזן סוף פון 19טן יאָרהונדערט גע־ווען אומבאַקאַנט דער יידישער וועלט. בלויז אין די ענגע דלד אמות פון אירע משפחה־מיטגלידער האָט מען געוואוסט וועגן זיי. פון דעם ווערט קלאָר, אַז אירע זכרונות האָבן נישט געקאָנט האָבן קיין שום ווירקונג אויף דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער ליטעראַטור. נ. ב. מינקאָוו ווייזט אונדז אָבער אָן אויף דער שטאַרקער ווירקונג, וואָס די יידישע ליטעראַטור האָט — אין יענעם יאָרהונדערט — געהאַט אויף דער פסיכיק פונעם דורכשניטלעכן יידן און דער יידישער פרוי. מינ־קאָוו קומט דאָ צום אויספיר (וועגן דער אַלט־יידישער ליטעראַטור), אַז: „דאָס איז געווען די סאַמע נויטיקסטע שפּייז, אמתע יניקה. אין דעם פּרט איז די יידישע ליטעראַטור קיינמאָל נישט געווען אַזוי נויטיק און שעפעריש, ווי די אַלט־יידישע ליטעראַטור".

רעדנדיק וועגן דער אַלט־יידישער ליטעראַטור, שטעלט זיך אויך

דער מחבר אָפּ אויף דעם טייערן אינסטרומענט אירן — די יידישע שפּראַך. מינקאָווס ראיות זיינען פעסטע באַווייזן, אַז אַלע — אין יענער תקופה — געשעענישן אינעם יידישן לעבן, האָבן געאָטעמט און גע־לעבט דורך דער יידישער שפּראַך. יידיש — זאָגט מינקאָוו — איז נישט בלויז אַ שפּראַך אויף צו רעדן, נאָר אַ שטיק ציוויליזאַציע. „יידיש איז אַ דורות־לאַנגע ציוויליזאַציע".

אַ וויכטיק קאַפּיטל שטעלט מיט זיך פאָר מינקאָווס ערנסט־אַנאַלי־טישע אַרבעט וועגן דער אַזוי געראָפענער לייריש־רעליגיעזער געבעט־פּאָעזיע — די תחינה. דער מחבר ברענגט דאָ ראיה נאָך ראיה וועגן דער ווירקונג, וואָס תחינות האָבן געהאַט אויף אונדזער ליטעראַטור. שוין אָפּגערעדט — אויף דער פּרוי. די תחינה איז געווען דער פּרויס שטיל געוויין און טרייסט; די תחינה האָט געעפנט אין דער פּרויס האַרצן פאַרריגלטע טירן.

מיט דער זעלבער באַהאַוונקייט איז געשריבן דאָס קאַפּיטל — מוסר. תחינה און מוסר זיינען געווען דער קנין פון גאַנצן פאָלק. די מוסר־ספרים זיינען שטענדיק געווען אַ וויכטיקער קאַנאַל, דורך וועלכן די דערציילונגען — מעשיות — זיינען געגאַנגען צום פאָלק. מינקאָוו ווייזט אונדז אָן אויף אַ ריי דערציילונגען אין גליקלס זכרונות, וואָס זיינען באַווירקט פון די מוסר־ספרים. אויך די השפּעה פון דער תחינה האָט געלאָזן טיפע סימנים אין גליקלס שרייבן — אָבער אַ גענייט אויג דערקענט גלייך, אַז דער טאָן, די קראַפט איז אירער — גליקל האַמעלס. און פּונקט ווי דער טאָן איז אַן אייגענער, אַזוי איז גליקל האמעל אויך אין איר אינערלעכער גייסטיקער וועלט שטענדיק געבליבן סואווערען.

ווי אַ טיפער ליטעראַטור־קענער ווייזט זיך מינקאָוו אַרויס אינעם קאַפּיטל „דערציילערישקייט". דער מחבר אַנאַליזירט דאָ גליקלס דער־ציילונגען — סיי עכטע, אייגענע, און סיי די, וועלכע זיינען גענומען פון פרעמדע שטאָפן. מינקאָוון קומט דאָ שטאַרק צונויץ זיין שטאַרקע באַ־האַוונטקייט אין די ריטער־ראָמאַנען פון דער שפּילמאַן־תקופה.

נ. ב. מינקאָוו טייטשט־אויס און קלערט אויף אַ סך ביז־איצטיקע פּסיכאָלאָגישע השערות וועגן לעבן און שאַפן פון גליקל האמעל. און נאָך מער: וועגן דער עפּאָכע, אין וועלכער זי האָט געלעבט. ער דערנעענטערט אונדז די לופט, די אַטמאָספער פון יענער תקופה און מיר דערזעען די אַלע געשעענישן פאַר די אויגן ווי ס'וואָלט איצט געשען. מינקאָווס בוך „גליקל האמעל" האָט, אַזוי אַרום, אויסגעפילט אַ בלויז אין דער יידישער ליטעראַטור־וויסנשאַפט.

מ. שענדעריי

# קריטיק־שטודיומס

דאָס בוך „זעקס יידישע קריטיקער״ פון נ. ב. מינקאָוו — פאַרלאַג „יידבוך״, בוענאָס איירעס.

„ויהי בימי שפוט השופטים...״ און עס איז געווען אין די צייטן ווען עס האָבן געמשפּט די ריכטער. אַזוי הייבט זיך אָן די פּרעכטיקע ביבלישע נאָוועלע, מגילת רות.

איז איינעם פון די חכמי־התלמוד איינגעפאלן אַריינצוטראָגן אַ לומדישן קנייטש אין טייטש פון פסוק: „ויהי בימי שפוט השופטים״ — עס איז געווען אַ צייט ווען מען האָט געמשפּט די ריכטער...

אין דעם טייטש דערמאָנט מען זיך ווען מען לייענט נ. ב. מינקאָווס בוך „זעקס יידישע קריטיקער״, אַרויסגעגעבן פון פאַרלאַג „יידבוך״ ביי אונדז אין שטאָט. זעקס אַקאַדעמישע אָפּהאַנדלונגען, עסייען, איבער זעקס קריטיקער פון דער יידישער ליטעראַטור, וואָס נעמען אַרום כמעט אַ יאָרהונדערט. פון אַ. צעדערבוים (האר״ז), י. י. לערנער, י. ח. ראַווניצקי און בעל־מחשבות עליהם השלום ביז ש. ניגער און י. ענטין יבדלו לחיים. עס איז אַ בוך פון אַקאַדעמישן פאַרמעסט וואָס נעמט אַרום כמעט די גאַנצע יידישע ליטעראַטור מיט אירע שטרעבונגען און שטרעמונגען, דערגרייכונגען און שטרויכלונגען: פּאָעזיע, בעלעטריסטיק, דראַמע, פּובליציסטיק, דורך די אָפּהאַנדלונגען פון די וויכטיקסטע קריטיקער וואָס האָבן געשריבן איבער דעם.

מען קאָן זיך פרעגן: צי דאַרף מען נאָך אַ קריטישן אַרטיקל איבער אַ בוך וואָס באַהאַנדלט יידישע קריטיק און קריטיקער? איז עס ניט אַ ביסל צופיל אַזאַ דרייגאָרנדיקייט: קריטיק, קריטיק איבער די קרי־טיקער, און קריטיק איבער דעם וואָס האָט קריטיקירט די קריטיקער? וועל איך ניט אַריינגיין אין דעם עצם עניך, ווייל איך שרייב ניט ווי קיין קריטיקער, וואָס איך בין ניט, נאָר ווי אַ לייענער, און אַ לייענער האָט אין דעם בוך פון נ. ב.מינקאָוו, אַ גאָר באַזונדערן אינטערעס.

---

„יידישע צייטונג״, בוענאָס איירעס, יולי 16, 1954.

דאָס בוך איז ניט נאָר אַ מין קאָמפּענדיום פון דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער ליטעראַטור דורך דער קריטיק פון אירע קריטיקער, נאָר עס גיט אַן אויסקוק אויפן גאַנצן יידישן לעבן פאַרן לעצטן יאָר־הונדערט, וואָס ווערט אָפּגעשפּיגלט, אין דער מאָדערנער יידישער ליטע־ראַטור. די עוואָלוציע פון דער קריטיק איז פאַראַלעל צו דער אַנטוויקלונג פון לעבן. כאַפּט מען אַ בליק איבער דער ראַשיקער אַנטוויקלונג פון יידישן לעבן אין משך פון דער צייט וואָס די מאָדערנע יידישע ליטעראַ־טור נעמט אַרום, גלויבט זיך קוים אַז פון דער התחלה זיינען נאָך ניט פאַרלאָפן קיין פולע הונדערט יאָר. עס איז פּאָלג מיך אַ גאַנג פון די „חכמי הפּען" פון „המליץ" און „קול מבשר" מיט זייער מאמריסטיק, ביז די שאַפונגען פון אַ שלום אַש, ה. לייוויק, חיים גראַדע, דוד פּינסקי, א. סוצקעווער און ז. שניאור, און, להבדיל בין החיים והמתים, אַ י. ל. פּרץ, דוד בערגעלסאָן, איציק פעפער, א. אַ. עס איז אַ גאָר ווייטער מהלך פון דעם מלמדישן טייטל מיט ווערלכן א. צעדערבוים ע"ה, האָט איינגע־קנעלט דעם קמץ־אַלעף פון ליטעראַרישער געזעצמעסיקייט, ביז די אַרבעטן פון אַ ש. ניגער, נ. ב. מינקאָוו און אַנדערע קריטיקער. אָט דער גאַנצער מהלך פון „איין ברעג ליטעראַרישע וועלט צום צווייטן." וואָס מען קאָן פאַראַמאָל אַרומכאַפּן דורך נ. ב. מינקאָווס בוך, גיט אַ פּאָנאָ־ראַמיש בילד פון די טיפע ענדערונגען, וואָס דאָס יידישע גייסטיקע לעבן אין איר וועלטלעכן אַספּעקט האָט אַדורכגעמאַכט.

און שרייבן לאָזט זיך עס אַזוי:

ויהי ...און עס איז געווען אונטער דער השפעה פון פרייהייט, וואָס יידן האָבן פאַרזוכט דורך דער פולשטענדיקער אָדער טיילווייזער עמאַנ־סיפּאַציע אין מערב און צענטער אייראָפּע, און די „טובות" פון דעם „מלך חסד" אַלעקסאַנדער ניקאָלאַיעוויטש, וואָס האָבן דאָך אַ ביסל פאַר־לייכטערט די מערכה פון רוסיש־פּוילישן יידנטום און באַפרייט אים פון די גרוילן און שרעקן פון פאָריקן רעזשים פון זיין פאָטער ניקאָלאַי „פּאַלקין". האָט עס יידן אָנגעהויבן ציען אין דער גרויסער וועלט אַריין. און זיי האָבן זיך ווי אויסגעהונגערטע קינדער אַ וואָרף געטאָן אויף די גייסטיקע פּאָטראַוועס, וואָס די אייראָפּעאישע קולטור האָט שוין ביז דאַן געהאַט אָנגעגרייט. אַ סך האָבן זיך איבערגעפרעסן, איבערגעפירט זיך דעם מאָגן און „אַוועק אַהין פון וואַנען מען קומט שוין ניט צוריק"... אַנדערע אָבער האָבן עס זייער גיך פאַרדייט, איבערגעקאָכט און איבער־געאַנדערשט, געמאַכט עס פאַר גייסט פון אונדזער גייסט, און דערמיט אַרויסגעפירט יידן אויף פרייע, ברייטע דרכים.

ווי אַ מעכטיקער דעמב וואָס קומט צוריק צום לעבן נאָך אַ לאַנגער ווינטער־לעטאַרגיע, — האָט דאָס יידישע פאָלק געשיקט טיף זיינע וואָרצלען און ווייט צעוואָרפן זיינע צווייגן, און מיט טויזנטער און צענדליקער טויזנטער מיילער אַריינגעזויגן אין זיך דאָס בעסטע פון דער אייראָפּעאישער קולטור און ליטעראַטור, און אָנגעהויבן יאָגן, אָניאָגן און טיילווייז אפילו איבעריאָגן אייראָפּע.

ווער עס האָט זיך געצויגן פון אינעווייניק אין דרויסן, ווי אַ מענדעלע, אַ שלום עליכם, אַ פּרץ און זייערס גלייכן. ווער עס איז צוריקגעקומען פון דער פרעמד, ווי אַ ד״ר חיים זשיטלאָווסקי, וואָס האָט דערקלערט אַז „רוסיש און דייטש זיינען מיינע ברויט־שפּראַכן — יידיש איז מיין האַרצן־שפּראַך״, אָדער ווי בעל־מחשבות, וואָס האָט לכתחילה אַנגעהויבן שרייבן אונטער אַ פּסעוודאָנים גר־צדק, דאָס הייסט אַזאַ איינער וואָס ער איז זיך אויפריכטיק מגיר, באַקערט זיך צו יידיש — קיים. ווען אפילו ער איז קיינמאָל ניט אַוועק פון יידנטום און אַלע האָבן זיי אַריינגעבראַכט פון אייראָפּע הויפּנס מיט גייסטיקע פּערל: שטימונגען און שטרעבונגען, פון דעם רוסישן קאָלעקטיוויסטישן אוטיליטאַריזם וואָס זוכט נאָר דעם טובת הכלל און נאָר אין פּשטות, ביז דעם דייטשישן סופּער־אינדיווידואַליזם, וואָס גריבלט זיך אין דער נשמה פון דעם יחיד. ביז דער פראַנצויזישער דעקאַדענטישקייט פון אַן איבערגעזעטיקטער קולטור, ביז דעם ענגלישן אייגנאַרטיק צופּאַסן צו דער אינערלעכער וועלט יעדע נייע אויסערלעכע דערשיינונג. און פון דעם אַלעמען איז אין דער יידישער ליטעראַטור אייגנס געוואָרן נאָך מער אייגן, און „פרעמדס״ איז אויך געוואָרן אייגן. קאָן טאַקע בעל־מחשבות פירן אַ פּאַראַלעל צווישן דעם רוס אַנטאָן טשעכאָוו און דעם אָנזאָגער פון דער יידישער גאולה, דעם „דייטש״ טעאָדער הערצל. כאָטש אַזוי פאַרשיידן, ווי דער שטילער אָוונט־אומעט און דער ראַשיקער שטורם, זיינען זיי אָבער פאַרן יידישן אייראָפּייער ד״ר עליאַשעוו (בעל־מחשבות) דאָך פאַרשטענדלעך, ער קאָן זיי פילן ביידן, כאָטש ער איז מודה אַז טשעכאָוו איז אים נעענטער, און, מיר קאָנען צוגעבן, אַז הערצל איז אים געווען אייגענער (בעל־מחשבות איז געווען אַ ציוניסט).

אָט אָ די גרויסע, האַסטיקע און טיפע ענדערונג פון דעם יידישן גייסטיקן לעבן אָפּגעשפּיגלט אין דער יידישער ליטעראַטור פאַרנעמט מיטן פּאַנאָראַמיש מיטן דורכלייענען דאָס בוך פון ב. ב. מינקאָוו.

מינקאָוו איז אַן אינטעלעקטואַל און זיין סטיל שמעקט אָפטמאָל מיט פּראָפעסאָרישקייט און אינטעליגענטישקייט, אַ ביסל צופיל טער־

מינאָלאָגיע, גלייך ווי די יידישע ליטעראַטור וואָלט געווען אַן ענין פאַר אַ ספּעציאַליסטן־קרייז, וואָס קאָן זיך פאַרשטיין אויף אַן אייגענער שפּראַך און אַמאָל טאַקע בלויז אויפן וואונק.

אָבער מינקאָוו איז אויך אַ פּאָעט און זיין סטיל איז דורכגעוועבט מיט פּאָעטישער וואַרעמקייט, וואָס מאַכט פילן דאָס ניט דערזאָגטע, אָדער דאָס אינטעליגענטישע פאָרמולירטע. אַ דורכשניטלעכער לייענער וועט וועגן ניט ווען דאַרפן אַ קנייטש טאָן דעם שטערן, און עס איז גוט אַזוי. קריטיק איז ניט קיין לייכטער ענין, קריטיק איז ניט גענוג צו לייענען, איבערלייענען און פאַרגעסן, קריטיק דאַרף מען לערנען. און דער כוח פון יידישקייט שטייט ניט אויף לייענען ווי אויף לערנען.

עס איז אַ טעות צו מיינען, אַז דער יידישער לייענער האָט ליב בלויז לייכטע זאַכן; וואָס ער פאָדערט, בעיקר, איז ניט לייכטקייט נאָר פאַרשטענדלעכקייט, און דאָס בוך פון נ. ב. מינקאָוו איז געשריבן אין אַ קלאָרן, פאַרשטענדלעכן, ווען אפילו היפּש אַקאַדעמישן סטיל.

דאָס בוך קאָן האָבן נאָך אַ מעלה. געווען אַמאָל ביי יידן אַ מנהג צו לייענען די תורה, „שנים מקרא ואחד תרגום”. עס הייסט לכתחילה לייענען דעם טעקסט, נאָכהער די איבערזעצונג וואָס איז געווען ביז אַ געוויסן גראַד אַן אויסטייטשונג און לסוף ווידער אַמאָל דעם טעקסט, דאָס איז נאָכן לייענען די אויסטייטשונג געוואָרן פיל קלאָרער און פאַרשטענדלעכער.

דאָס בוך פון נ. ב. מינקאָוו וועט בלי שום ספק דינען ווי אַן אָנ־רעגונג נאָכאַמאָל דורכצולייענען די קלאַסישע ווערק פון אונדזער ליטע־ראַטור ווי אויך די נייערע, בכדי זיך צו רעאָריענטירן וועגן דעם באַגריף וואָס מען האָט זיך וועגן זיי געשאַפן.

אויך די יידישע ליטעראַטור דאַרף מען לערנען און ניט נאָר לייענען, און לערנען איז אַלעמאָל גוט מיט אַן אויסטייטשער; דאָס איז די אייגנ־טלעכע ראָל פון די קריטיקער ווי אויך פון דער קריטיק פון דער קריטיק.

ווי פאַרבייגייענדיק דערוויסט מען זיך פון נ. ב. מינקאָווס בוך, אַז שוין אין די צייטן פון בעל־מחשבות, ערשטער פערטל פון לויפנדיקן יאָרהונדערט, האָט מען אָנגעהויבן צו פאַרגעסן מענדעלען. איז כדאי צו דערגרונטעווען פאַרוואָס. פון דעם קאַפּיטל איבער יואל ענטין דער־וויסן מיר זיך וועגן דעם מצב פון יידישן טעאַטער אין די פאַראייניקטע שטאַטן אין די ערשטע יאָרן פון דער נייער היים. אויך פון יענע „באַלאַ־

גאַנען״ ביז צום קונסט־טעאַטער פון מאָריס שוואַרץ איז אַ ווייטער מהלך.

לייענט מען אויפמערקזאַם דאָס בוך פון נ. ב. מינקאָוו, האָט מען חוץ דער גייסטיקער הנאה פון אַ פיין געשריבן בוך איבער אַזאַ וויכטיקן ענין ווי ליטעראַטור, אויך אַן אויסבליק אויף דעם וועג וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט האַסטיק דורכגעמאַכט אויפן וועג צו אייראָפּעאיזם, וואָס מען האָט אַמאָל געמיינט אַז עס איז דער העכסטער אויסדרוק פון מענטש־לעכקייט. ווער וואָלט דאַן געקענט פאָראויסזען אַז דאָס איז דער לעצטער יאָרהונדערט פון אייראָפּעאיזם ווי אַ באַגריף? ... דאָס אַלץ גיט צו דעם בוך פון נ. ב. מינקאָוו די חשיבות פון אַ היסטאָרישן קולטור־מאָנומענט. און עס קומט אַ יישר־כוח סיי דעם חשובן מחבר ווי דעם פאַרלאַג „יידבוך״, וואָס האָט דאָס בוך אַרויסגעגעבן.

מ. גינזבורג

# זעקס יידישע קריטיקער — פון נ. ב. מינקאָוו

אַרויסגעגעבן פון פאַרלאַג „יידבוך" בוענאָס איירעס

1.

עס איז שוין ווייט ניט קיין לייכטע אויפגאַבע צו ווען גענן אַן איבערזיכט איבער נ. ב. מינקאָווס נייעם בוך „זעקס יידישע קריטיקער", וואָס איז לעצטנס דערשינען אין בוענאָס איירעס, און ציילט אַרום 350 זייטן, אָנגעפּיקעוועט מיט מאַטעריאַלן און פאַקטן, ציטאַטן און אויפקלערונגען פון די זעקס גרעסטע און וויכטיקסטע קריטיקער, וואָס אונדזער יידישע ליטעראַטור פאַרמאָגט.

די זעקס קריטיקער, וועלכע מינקאָוו באַהאַנדלט זייער אַנאַליטיש, און ברענגט אַרויס זייער צוגאַנג און באַציאונג צו דער יידישער ליטעראַטור און זייער פּלאַץ אין דער יידישער קריטיק־געשיכטע פון דעם לעצטן יאָרהונדערט זיינען: אַלעקסאַנדער צעדערבוים, יוסף יהודה לערנער, י. ח. ראַוויניצקי, יואל ענטין, בעל מחשבות (ד"ר עליאַשעוו) און ש. ניגער. שוין די נעמען אַליין דערוועקן גרויס רעספּעקט און רופן אַרויס זייער אַ סך פּיעטעט, ווייל פון אַלעקסאַנדער צעדערבוים ביז יבדלו לחיים יואל ענטין און ש. ניגער ליגט אַ מרחק פון קנאַפּע 70 יאָר, און ווען צעדערבוים איז געשטאָרבן איז ניגער אַלט געווען נישט מער ווי צען יאָר און ענטין — אַכצן יאָר. דאָס מאַכט צו פאַרשטיין, וואָס פּאַר אַן עפּאָכע מינקאָוו נעמט אַרום, כמעט די הויפּט־תקופה פון דעם אויפבלי פון יידיש, אויב מען ווייסט נאָך, אַז דער זיידע פון אונדזער יידישער ליטעראַטור, מענדעלע מוכר ספרים, איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1836, ווען אַלעקסאַנדער צעדערבוים איז שוין געווען אַ צוואַנציק יאָריקער בחור.

דאָס נייע בוך פון מינקאָוון איז דאָס עלפטע ווערק, וועלכע ער האָט אַרויסגעגעבן, אָפּגעזען פון זיינע צאָלרייכע ביישטייערונגען צו צענד־

„קענעדער אָדלער", מאָנטרעאָל, אָקטאָבער 25, נאָוועמבער 1, נאָוועמבער 25, 1954.

ליקער זשורנאַלן און ליטעראַרישע זאַמלונגען, און אָפּגעזען אויך פון דעם גרעסטן זשורנאַל ביי יידן אין דער היינטיקער צייט, „די צוקונפט", פון וועלכער ער איז דער פאַרוואַלטונגס־רעדאַקטאָר שוין פון אַ ריי יאָרן. דאָס אַלעס מאַכט די אויפגאַבע פון שרייבן וועגן מינקאָוון העכסט קאָמ־פּליצירט, און עס וואָלט זיך געפאָדערט אַ גאַנץ זעלבסטשטענדיקער בוך, אויב מען זאָל וועלן אַרומנעמען די גאַנצע ראָם פון זיינע שאַפונגען, פון הונדערטער עסייען און אַרטיקלען, לידער און קונסט־ווערק מיט וועלכע זיין פעדער שפּרודלט אָן אויפהער און ברענגט פּשוט צו באַוואונדערונג. אָנהויבנדיק מיטן יאָר 1924, ווען ער האָט פאַרעפנטלעכט זיין ערשטע לידער־זאַמלונג אין פאַרלאַג „אינזיך" אין ניו־יאָרק, און גייענדיק אַזוי דורך די לעצטע דרייסיק יאָר, זעט מען פאַר זיך אַ מעכטיקן פאָנטאַן, וואָס הערט ניט אויף צו שלאָגן און צו באַרייכערן אונדזער ליטעראַטור מיט אַלץ נייע, פונדאַמענטאַלע שאַפונגען, מיט קערנדיקע ווערק, וועלכע וויקלען אויף פאַר אונדז די גרויסע פּאַנאָראַמע פון דער גאַנצער יידישער ליטעראַטור. מען קאָן זאָגן אָן שום מליצה, אָדער היפּערבאָלאָ, אַז דאָס זיינען געווען מינקאָווס דרייסיק יאָר פון זוכענישן און גריב־לענישן, פון פאַרטיפן זיך אין די סאַמע סודות און יסודות פון אונדזער מאַמע־יידיש, און ניט אומזיסט פאַרנעמט ער היינט איינעם פון די פּראָמינענטסטע און חשובסטע ערטער אין דער יידישער ליטעראַטור, סיי אַלס פּראָזאַאיקער און סיי אַלס פּאָעט, ווייל ער האָט זיך אַריינגע־שניטן ממש אין דיביידע פעלדער פון אונדזער ליטעראַטור אַלס דיכטער, עסייאיסט און קריטיקער. מיר געפינען ניט אַ צווייטן צו אים, וועלכער זאָל האָבן אין די לעצטע דריי צענדליק יאָר אַזוי פיל בייגעטראָגן צו אונדזער יידיש לשון, צו אונדזער ליטעראַטור־געשיכטע, ווי נ. ב. מינקאָוו, און דעריבער האָט די גאַנצע יידישע קולטור־וועלט לעצטנס געפייערט זיין זעכציק־יאָריקן יובילייִ, און אין פיל לענדער גייען נאָך די פייערונגען אָן ביז היינט צו טאָג, ווייל נ. ב. מינקאָוו איז געוואָרן דער אַמבאַסאַדאָר פון אונדזער יידיש לשון.

מינקאָוו איז היינט דער עמוד התוך פון אונדזער יידיש וועלטל, און אַ דאַנק זיין ליבע צו יידיש, וואָס האָט אים פאַרשאַפט שטאָלץ און כבוד, איז ער אויך געקרוינט אַלס איינער פון די בעסטע קענער און פאָרשער פון אונדזער אַלט־נייער יידישער ליטעראַטור. פאַר די לעצטע אַכט יאָר איז ער אָרדנטלעכער פּראָפעסאָר פון יידיש אין ניו־יאָרקער הויכשול פאַר סאָציאַלע וויסנשאַפטן, און די לעצטע צוויי יאָר — אויך פּראָפעסאָר אין הומאַניסטישן פאַקולטעט פון דער יידישער שול אין

מעקסיקע, וואו ער איז אויך דער לעקטאָר אין יידישן לערער סעמינאַר.

מינקאָוו איז אין פאַרלויף פון די יאָרן געוואָרן אַ ליטעראַרישע אינסטיטוציע בפני עצמו, און דאָס קען נאָר דערקלערט ווערן מיט דער גרויסער ריי ביכער, וועלכע ער האָט שוין אַרויסגעגעבן. לשם ביבליאָגראַפיע וועלן מיר דאָ כאָטש פאַרצייכענען זיינע הויפט־ווערק פאַר די לעצטע 18־20 יאָר, און דער לייענער וועט פון דעם אַליין שוין פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ כוח מינקאָוו שטעלט מיט זיך פאָר, און וואָס פאַר אַ באַציאונג מען מוז צו אים האָבן.

אין יאָר 1936 האָט ער פאַרעפנטלעכט זיין לידער־זאַמלונג א. נ. „מסעות פון לעצטן שאָטן", אַרויסגעגעבן פון פאַרלאַג „יידיש לעבן". אין דעם זעלבן יאָר איז אַרויס פון דרוק זיין בוך „אברהם רייזען דער דיכטער פון ליד". מיט איין יאָר שפּעטער איז אַרויס זיין באַרימט ווערק, וואָס האָט געמאַכט אַ זייער ערנסטן איינדרוק אין אַלע יידיש־ליטעראַרישע ספערן — „יידישע קלאַסיקער פּאָעטן". דאָס איז אַ בוך פון שפּאַנענדע עסייען אין וועלכע נ. ב. מינקאָוו באַהאַנדלט און כאַראַקטעריזירט אַזעלכע קלאַסיקער, ווי ש. פרוג, מאָריס ראָזענפעלד, יהואש, א. ליעסין און אברהם רייזען. דאָס איז אַ קאַפּיטאַל ווערק פון 224 זייטן, אין וועלכע דער מחבר ברענגט אַרויס זיינע קריטישע באַמערקונגען און כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון יעדן פון די אויסגערעכנטע דיכטער. דאָס איז אַ גאָר וויכטיק ווערק, און מינקאָוו האָט מיט דעם דאָזיקן בוך זיך דערוואָרבן אַן אָרט אין סאַמע „מזרח" פון דער יידישער ליטעראַטור. זיין ערנסטער צוגאַנג צו די דערמאָנטע שריפטשטעלער, זיין אַריינדרינגען אין זייערע נשמות און וועלט־באַנעם, זיין אַרויספירן פאַרן לייענער די פּאָעטן־ריזן פון יענער פעריאָדע, זיין ערלעכע און אויפריכטיקע אָפּשאַצונג פון יעדן באַזונדער — דאָס האָט באַוויזן, ווי אַלזייטיק מינקאָוו איז אין זיין צוגאַנג צו דער יידישער ליטעראַטור, אין זיין קלאַסיפיצירן יידישע דיכטער און קינסטלער, געבנדיק יעדן איינעם די פאַרדינטע „עליה". און אָנצייכענענדיק זיי דעם פּלאַץ אין דער יידישער ליטעראַטור... עס איז סתם אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז דאָס דערמאָנטע בוך „יידישע קלאַסיקער" פּאָעטן" ציילט נאָר זעקס קאָריפייען פון יידישער דיכטונג, פּונקט ווי זיין נייער בוך פאַרנעמט זיך אויך נאָר מיט זעקס יידישע קריטיקער. (מעגלעך אַ שוואַכקייט צו דער צאָל זעקס ...).

מיר קאָנען אָבער ניט צוטרעטן צום לעצטן בוך, איידער מיר דערמאָנען איניקע פון זיינע לידער־זאַמלונגען. „אַ שטערן בליט", איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון מ. וואַקסער פאַרלאַג, מיט דער מיטהילף פון דוד

איגנאַטאָוו ליטעראַטור־פאָנד אין ניו־יאָרק, ערשט מיט צוויי יאָר צוריק, און וועגן דער לידער־זאַמלונג האָט דער גרויסער יידישער דיכטער און מייסטער פון וואָרט, יעקב גלאַטשטיין זיך אויסגעדריקט, אַז „תיכף, ווי מען טרעט צו צו לייענען די לידער, דערשפּירט מען גלייך, אַז זיי זיינען געשריבן פאַרן מויל צו זאָגן, און פאַר אַן אויער צו הערן, ווייל מינקאָוו איז אַן אויסגעצייכנטער זאָגער פון לידער" („אידישער קעמפּער", 18טער יוני, 1954).

לויט יעקב גלאַטשטיינס קלאַסיפיקאַציע, איז „אַ שטערן בליט", דאָס פינפטע לידער־בוך פון נ. ב. מינקאָוו, און אַ דירעקטער המשך פון די פריערדיקע לידער־ביכער, מיט דעם חילוק, וואָס „אויב די פריער־דיקע לירעד זיינען מייסטנס געווען זעעריש־אימאַזשיסטיש — זיינען די לידער פון נייסטן בוך דערגאַנגען צו תנכישקייט, אויסנוצנדיק אַלע דערוואָרבענע מוזיקאַלישע אייגנשאַפטן, צו וועלכע מינקאָוו האָט זיך דערגרונטעוועט אין זיין אינערלעכן קאַמף פאַר דער חשיבות פון דעם יידישן וואָרט" (דאָרט).

וועגן דעם זעלבן בוך האָט שאול ראַסקין, באַרימטער יידישער מאָלער און שריפטשטעלער זיך אויסגעדריקט, אַז „מינקאָוו איז אַ סור־רעאַליסט פון קלאָרסטן אויסדרוק, אפשר דער פולקאָמענסטער און איינציק אמתער סור־רעאַליסט אין אונדזער יידישער דיכטונג" („קע־נעדער נייעס", 11טער דעצעמבער, 1953).

פון ניט קלענערן ווערט איז געווען זיין בוך „גליקעל האַמעל" (פאַרלאַג וואַקסער, ניו־יאָרק), וואו מינקאָוו שילדערט אַ יידישע פרוי, וועלכע האָט מיט 250 יאָר צוריק, אַלס אַ מוטער פון צוועלף קינדער, און אַ לענגערע צייט אויך אַלס אלמנה, אָנגעהויבן שרייבן אירע זכרונות; זי ווערט כאַראַקטעריזירט אַלס פרוי, וואָס לעבט יידיש, פילט יידיש און דענקט יידיש. שרייבנדיק וועגן גליקעל האַמעל, האָט דער באַרימטער ליטעראַטור־קריטיקער ד"ר א. מוקדוני זיך אויסגעדריקט, אַז „מינקאָוו איז ניט אין דעם בוך דער קאַלטער פאָרשער, נאָר ער איז דער וואַרימער ייד און יידישער שרייבער וואָס טוט און קלייבט נחת פון אַ יידישן ספר, אין וועלכן עס שפּיגלט זיך אָפּ אַזוי ריין און אַזוי לויטער דער יידישער געמיט. אין אַ וועלט פון מאַנסבילשער לומדות, פון מאַנסבילשער ספרים־שרייבעריי און געלערזאַמקייט רייסט זיך אַריין די יידישע פרוי און באַווייזט אונדז, אַז זי איז ניט אָפּגעשטאַנען פון דעם מאַן. דער מאַן איז טאַקע דער גרעסערער למדן, אָבער דאָס, וואָס דער מאַן נעמט אויף מיטן

קאַפּ, נעמט זי אויף מיט איר געפיל" („מאָרגן־זשורנאַל", ניו־יאָרק, 4טער יאַנואַר, 1953).

מיר וואָלטן נאָך זייער געוואָלט זיך אָפּשטעלן אויף זיין בוך „ביים ראַנד", דערשינען אין יאָר 1945 אין ניו־יאָרק, וועגן וועלכן דער גרויסער דיכטער א. גלאַנץ־לעיעלעס האָט געשריבן, אַז דאָס „דאָס איז איינער פון די סאַמע שטאַרקסטע דיכטערישע דאָקומענטן פון דער איצטיקער עפּאָכע". די פּאָעזיע אין דעם בוך איז ניט בלויז טיף אָרי־גינעל און עכט, נאָר איינצל אין איר מין". אויך וועגן דעם בוך „אליה בחור", דערשינען אין 1950 אין ניו־יאָרק, וואָלט כדאי געווען צו דער־מאָנען; עס איז שוין פאַראַן אַ היבשע ביבליאָגראַפישע ליטעראַטור וועגן אליה בחור, וועמענס 400 יאָריקער יאָרצייט איז ניט לאַנג צוריק געפייערט געוואָרן און אין פאַרבינדונג מיט וועלכער עס זיינען אַרויס־געגעבן געוואָרן דריי זייער חשובע ווערק פון ד"ר יעקב שאַצקי, יודאַ א. יאָפע און נ. ב. מינקאָוו. עס איז אַ פעסטגעשטעלטער פאַקט, אַז אליה בחור געהערט צו די גרינדער פון דער מאָדערנער שול פון דער העברעאישער גראַמאַטיק, ער איז פון די ערשטע און געציילטע לעקסיק־אָלאָגן און שפּראַך־פאָרשער, אויסער דעם, וואָס ער האָט געהאַט אַ גרויסן געפיל פאַר דיכטונג און געקענט עטלעכע פרעמדע שפּראַכן, אָבער דער עיקר — ער איז געווען איינער פון די פּיאָנערן פון דער יידישער ליטעראַטור, און דווקא פון דעם וועלטלעכן סעקטאָר („אידישע צייטונג", בוענאָס איירעס, 10 אָקטאָבער, 1952). נ. ב. מינקאָווס הויפּט־שאַפונג איז אָבער דאָס סאַמע לעצטע בוך „זעקס יידישע קריטיקער".

2.

אין זיין לעצט בוך, וועלכן דער באַגאַבטער ליטעראַטור־פאָרשער און קריטיקער, נ. ב. מינקאָוו, האָט געווידמעט צו זעקס גרויסע יידישע שרייבער און קריטיקער, ווי אַלעקסאַנדער צעדערבוים, י. י. לערנער, י. ח. ראַווניצקי, יואל ענטין, בעל מחשבות און ש. ניגער, וויקלט ער פאַר אונדז פונאַנדער אַ גרויס בילד, וואָס שפּיגלט אָפּ דעם גאַנצן מהות פון אונדזער ליטעראַטור אין די לעצטע זיבעציק־אַכציק יאָר, און דורך דעם אַנאַליז פון די קריטיקער קאָן מען אַרויסשיילן דעם סאַמע תמצית און תוכן פון דער יידישער שאַפונג, וועלכע האָט אַזוי שטאַרק געבליט אין דעם דערמאָנטן צייט־אָפּשניט.

נ. ב. מינקאָוו פאַנגט אָן זיין אָפּשאַצונג מיט אַלעקסאַנדער צעדער־

בוים, וועלכער איז געווען דער ערשטער אַרויסגעבער פון דער ערשטער יידישער צייטונג אין רוסלאַנד „קול מבשר", וואָס האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען דעם 11טן אָקטאָבער 1862 אין אָדעס. זי איז דאַן געווען די ערשטע יידישע צייטונג איבער דער גאָרער וועלט. פון אמתן שטאַנד־פונקט פון אַ צייטונג, דאָס איז געווען אייגנטלעך אַ יידישע ביילאַגע צו צעדערבוימס העברעאישער צייטונג, „המליץ", וואָס האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען מיט איין יאָר פריער. די שפּעטערע יאָרן האָט צעדערבוים זיך אָפּגעגעבן מער פון אַלע אַנדערע מיט דער פילאָלאָגישער זייט פון יידיש, און ניט אויפגעהערט צו קעמפן פאַר איר פאַרפאַלקאָמונג. ער האָט אויפגעפאָדערט די פילאָלאָגן און די מער געבילדעטע עלעמענטן צו פאַראיינהייטלעכן די יידישע אָרטאָגראַפיע, און ער האָט דעם ענין פאַרהעלטניסמעסיק גוט געלייזט. דעריבער ווערט ער עד היום אָנער־קענט אַלס דער גרינדער פון דער מאָדערנער יידישער אויסלייגונג, וועלכע מיט געוויסע קליינע „רעפאָרמען", גילט נאָך אויך היינט. צעדער־בוים האָט אַריינגעבראַכט אין דער יידישער צייטונג דעם גייסט פון עכטער יידישער פאָלקסטימלעכקייט, און זי איז וואָס אַמאָל מער פּאָפּולער געוואָרן. עס איז געגנוג צו באַמערקן, אַז אין „קול מבשר" האָבן שפּעטער אָנטייל גענומען אברהם גאָלדפאַדען, סוף 1864 — מענדעלע מוכר ספרים, שפּעטער יצחק יואל ליניעצקי א. אַנד. אַ דאַנק זיי איז דער „קול מבשר" געוואָרן דער סימבאָל פון אַן עפּאָכע, ניט נאָר אין דער געשיכטע פון דער יידישער פּרעסע, נאָר אויך אין דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור.

לויט זלמן רייזען, זיינען די פאַרדינסטן פון צעדערבוימען פאַר דער יידישער פּרעסע, שפּראַך און ליטעראַטור, ממש היסטאָרישע, הגם זיי זיינען נאָך ניט אין דער פולער מאָס אָפּגעשאַצט געוואָרן. קומט נ. ב. מינקאָוו און ווייזט אויף, אַז אַלעקסאַנדער צעדערבוים איז גאָר געווען אַן אָרעמאַנסקער קריטיקער, און ער מאָלט צעדערבוימען ווי אַ גראָ־טעסקע געשטאַלט פון דעם אַמאָליקן משכיל און שתדלן, וועלכער האָט זיך אָנגעשטרענגט מיט אַלע כוחות צו רוסיפיצירן די יידן פון רוסלאַנד, מינקאָוו שרייבט:

„ווי מיר זאָלן ניט וועלן טייטשן צעדערבוימס באַציאונג צו יידיש, איז איין זאַך קלאָר — ביי אים, ביי דעם אַרצי־פאַרמיטלער, איז יידיש געווען ניט מער ווי אַ מיטל. דער עיקר איז ביי אים געווען „צו דערלאַנגען דעם ציל", און דאָס האָט געמיינט — פאַרבעסערן די לאַגע פון די יידן" (ז 23). מינקאָוו שטרייכט אָבער אויך אונטער, אַז „דאָס וויכטיקסטע ביי

צעדערבוימען איז געווען זיין מייסטערהאַפּטע פעדער מיט וועלכער ער איז אימשטאַנד געווען אָפּצומאָלן אַ בילד, אַז מען האָט געזען פאַר זיך לעבעדיק אַלע פּאַרשוינען: מען מיינט, אַז די מעשה גייט פאָר פאַר אונדזערע אויגן, און מען וויינט, ווען ער שילדערט עפּעס טרויעריקס, און מען שפּרינגט אויף פאַר לאַכן, ווען ער שטעלט פאָר סצענעס און לעכערלעכע מעשהלעך" (זייט 47).

מינקאָוו גיט אויך אָפּ דעם געהעריקן קרעדיט צו צעדערבוימען, זאָגנדיק, אַז פּיאָנערן זיינען בלי ספק גרויסע אויפטוער, באַזונדערס אַזעלכע דינאַמישע נאַטורן פון צעדערבוימס שניט. ער איז געווען ניט נאָר אַן אויפטוער אין פאַרשיידענע ליטעראַרישע און קולטור־געביטן, נאָר אויך איינער פון די אומדערמידלעכסטע עוסקים בצרכי ציבור. דאָך — מיט דער גרעסטער אָנערקענונג פאַר זיינע אויפטואונגען — מוז מען פאַרצייכענען, אַז צום עלטער־זיידן אין דער קריטיק געהערן געוויסע קינדערשע, כמעט אומפאַרשטענדלעכע שורות... (זייטן 47־48).

מינקאָוו באַטאָנט אָבער, אַז „צעדערבוימס זכיה באַשטייט אין זיין דער ראשון הראשונים. אים איז אויסגעקומען צו זיין דער ערשטער איינצוזען, ווי וויכטיק עס איז די קריטיק. ער האָט זיך באַמיט מודיע צו זיין דעם לייענער, וואָס יאָ, און וואָס ניט צו לייענען, און מיט זיינע ערשטע נאָטיצן, רעצענזיעס און קריטיקן האָט ער פאַרזייט די ערשטע קערנער, הגם ער האָט ניט באַווירקט די שפּעטערדיקע קריטיקער מיט קיין שום באַשטימטן מעטאָד, וועלכן ער האָט אַליין ניט פאַרמאָגט" (זייט 49).

לייענענדיק אַזאַ בוך, ווי מינקאָווס „זעקס יידישע קריטיקער", קומט אויפן געדאַנק די פראַגע, וועלכע עס האָט שוין אויך געשטעלט מ. שענדעריי אין „די אידישע צייטונג" פון בוענאָס איירעס, נעמלעך: צי דאַרף מען נאָך בכלל האָבן אַ קריטישן אַרטיקל איבער אַ בוך, וואָס באַהאַנדלט יידישע קריטיק און קריטיקער? איז עס ניט אַ ביסל צו פיל אַזאַ דרייגאָרנדיקע קריטיק, קריטיק איבער קריטיקער, און דאַן קריטיק איבער דעם, וואָס האָט קריטיקירט די קריטיקער? עס איז עפּעס אַ מין „ויהי בימי שפוט השופטים"...

מינקאָוו צווינגט זיך אָבער אַרויף מיט זיין אינטעלעקט, מיט זיין אינטעליגענץ און סטיל, און מען מוז זיין בוך לייענען, און במילא, האָט מען שוין וואָס צו זאָגן וועגן אים, כאָטש דער גאַנצער ענין דרייט זיך נאָר אַרום קריטיק, און קריטיק קעגן קריטיק...

עס איז הפוך בה והפך בה דכולה בה... עס איז שטענדיק פאַ־

ראַן וואָס אויסצוזעצן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ בוך, און אויב אַ קריטיקער האָט שוין זיין פּסק דין אַרויסגעטראָגן, איז נאָך אַלץ ניט אָפּגעפרעגט, און מען קאָן ווידער אַ מאָל עפּעס פרעגן און באַמערקן, וואָס אפילו דער שאַרפסטער קריטיקער האָט ניט באַמערקט.

אָפּשטעלנדיק זיך בקיצור אויף דעם צווייטן קריטיקער אין דעם בוך, י. י. לערנער, זעט מען, אַז ער האָט נאָך אַלץ געשטעקט מיט ביידע פיס אין דער אַזוי גערופענער „פרע־קריטישער" צייט פון דער פּאָק־טישער עוואָלוציע אין דער יידישער ליטעראַטור. לערנערס מאָטיוו איז געווען, אַז „דער גייסט פון 19טן יאָרהונדערט האָט אינגאַנצן צע־שטערט דעם ליטעראַרישן אַריסטאָקראַטיזם פון די אַלטע, אויף לאָרבער־רוענדיקע שרייבער, און אַז די יידישע געלערנטע האָבן זיך סוף־כל־סוף איבערצייגט, אַז דאָס פאָלק פעלן נישט קיין שום מאָראַלישע פּרינציפּן" (זייט 63). מינקאָוו זאָגט, אַז לערנער האָט פאַרבונדן דעם „ליטעראַרישן אַריסטאָקראַטיזם" אויך מיט יידישע שרייבער, און מען וואָלט געדאַרפט לערנערן צורעכענען צו דער ראַדיקאַלער יוגנט פון זיין צייט, ווייל דער יסוד פון לערנערס קריטיק איז געווען איינס מיט דער גאַנצער איינ־שטעלונג ביי די עקסטרעמע ראַדיקאַלן (זייט 66). מינקאָוו שטעלט זיך אויך אָפּ גאַנץ אויספירלעך אויף לערנערס פּאַמפלעט קעגן גאָטלאָבערן „דורש על המתים", און ער שילדערט די פּאָליטיש־עקאָנאָמישע סיבות פון יענער עפּאָכע און די דעמאָלטיקע „יונגע", די סאָציאַל־קולטורעלע באַזע פון די „יונגע", און די אינטעלעקטועלע איינפלוסן פון יענער פּעריאָדע. מיט באַזונדער קראַפט שילדערט נ. ב. מינקאָוו לערנערן אַלס ניהיליסט, זאָגנדיק, אַז ניט אַלע יידישע יוגנטלעכע אין די 60ער יאָרן זיינען געווען פון דעם זעלבן טייג געקנאָטן, און די יידישע יוגנט האָט געהאַט צווישן זיך מענטשן פון פאַרשיידענע שאַטירונגען. י. י. לערנער האָט אָבער דורכאויס געהערט צום עקסטרעמען פליגל, באַטאָנט מינקאָוו, און ער האָט זיך באַטראַכט פאַר אַ „טראַכטנדיקן רעאַליסט" (זייט 82).

סכעמאַטיזירנדיק לערנערס „פילאָזאָפיע", קומט מינקאָוו צום אויס־פיר, אַז איר הויפּט־פאָרמולע איז געווען: וויסן, באַוואוסטזיין און שכל הישר, אין דעם האָט ער געזען די סאַמע וויכטיקסטע יסודות פון זיין וועלט־אָנשויאונג. לערנער האָט ניט געזוכט זיך באַהעפטן מיטן פאָלק בלויז דורך פּילפּול, נאָר דורך טיפערע וואָרצלען, וועלכע האָבן אים פאַרבונדן מיטן פאָלקס גורל, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס אויף די

עלטערע יאָרן האָט ער גאָר פֿאַרלאָזן זיין פֿאָלק (זייט 91) און זיך פּראָסט און פּשוט אָפּגעשמדט (מ. ג.).

גאַנצע 68 זייטן גיט מינקאָוו אָפּ צו דער קריסטאַליזירונג פֿון לערנערס פּערזענלעכקייט, און עס איז דאָ וואָס צו לייענען און צו שטודירן.

קירצער איז די אָפּהאַנדלונג וועגן י. ח. ראַווניצקי, הגם אויך זי שפּרייט זיך אויס אויף 42 זייטן. ראַווניצקי האָט זיך דאָס רוב אָפּגעגעבן מיט דער העברעאישער ליטעראַטור, דאָך ווערט מען אים געדענקען אַלס אויסערגעוויינלעכן און אמתן פֿאָלקס־פֿריינט פֿון דער יידישער ליטעראַטור, און מער פֿון אַלץ אַלס פּיאָנער־קריטיקער — דערקלערט דער מחבר (זייט 125). מינקאָוו שילדערט ראַווניצקין ווי אַ חוזה, אַ פֿאַרבאָרגענעם אוהב ישראל, וועמענס איינציקע זאָרג איז געווען, ווי צו ראַטעווען דאָס פֿאָלק ישראל, ווי אַזוי דערהויבט מען אים? ווי אַזוי זאָל מען אים אַרויספֿירן אויף ריכטיקע דרכים? און מינקאָוו גיט דעם ענטפֿער אויף די פֿראַגן: דורך דער פּובליציסטיק איז ראַווניצקי צוגעקומען צו ליטעראַרישער קריטיק, און גראָד די „פֿאַרווײלערישע העכסט־אינטערעסאַנטע ראָמאַנען" האָבן דאָס אַרויסגערופֿן אין אים דעם קריטיקער, וועלכער האָט אויפֿגעהויבן אַ קאַמף קעגן זיי „ביד חזקה" (זייט 125).

נ. ב. מינקאָוו דערמאָנט נאַטירלעך, אַז עס זיינען שוין געווען קריטיקער פֿאַר ראַווניצקין, און אין יענע צייטן האָט מען אַפֿילו ניט געטראַכט צו ערנסט וועגן ענין טראַדיציע אין קריטיק, ווייל דערויף האָט מען שוין געדאַרפֿט האָבן אַ שטאַרק אַנטוויקלטע ליטעראַטור און אַ ברייט־פֿאַרצווייגטע קריטיק. ראַווניצקי פֿלעגט שרייבן זיין קריטיק אין „יודישעס פֿאָלקסבלאַט", דאָס מיינט — מיט אַ 20 יאָר שפּעטער נאָך צעדערבוימס קריטיק אין „קול מבשר". ראַווניצקי איז געקומען מיט זיין גרויס ערלעך וואָרט, וועקנדיק די יידישע מאַסן צו אַ נייעם גלויבן אין זיך אַליין און ניט אין דעם ביסל גבירים, ניט קוקן אויף די „הויכע פֿענצטער", נאָר גלויבן אין די אייגענע הענט פֿון פֿאָלק אַליין (זייט 134).

נ. ב. מינקאָוו זעט אין יעדער ראַווניצקיס קריטישער אַרבעט אַ געזונטן קערן. ער איז אַליין ביז גאָר קלאָר, און ער פֿאָדערט, אַז די מחברים זאָלן שרייבן קלאָר, און אַלץ צו דער זאַך (זייט 146).

מינקאָוו ווייזט אויך אָן, אַז על פּי רוב האָבן זיך די דעמאָלטיקע קריטיקער אָפּגעגעבן מיט זאָגן סתם מבינות, זיך פֿאַרגיין אין „אַנטיקטע" לירישע אויסגוסן, אָדער שרייבן וואַריאַציעס אויף אַ טעמע —

אין דעם איז דאָן באַשטאַנען די קריטיק. צווישן אַט די פּרימיטיווע מבינים טיילט זיך בולט אויס דער קריטיקער ראַווניצקי, וועלכער האָט זיך ניט באַפּרידיקט מיט בלויז זאָגן מבינות. ער האָט געזוכט תּכלית, און געוואָלט דערקלערן דעם ליטעראַרישן ווערט פון אַ בוך, לויט די באַגריפן פון יענער צייט, נאַטירלעך. ראַווניצקי האָט פאַנאַנדערגע־גלידערט יעדן שרייבער, ווען ער האָט רעצענזירט זיינע ביכער, און אונטער זיין קריטישן אַנאַליז זיינען אַרונטערגעפאַלן די „גדולי הדור" פון זיינע מיטצייטלער אין דער יידישער ליטעראַטור ווי שמעון בעקער־מאַן, בוכבינדער, ספּעקטאָר, מענדעלע א. אַנד. ראַווניצקיס פאָדערונג איז געווען: „גוואַלד, אַ מאָס, אַ מאָס! דאָס איז נישט קיין קלייניקייט! די זשאַרגאָנישע מוזע דאַרף פאַלן אויף די קני פאַרן רבש"ע און מיט טרערן בעטן רחמים, ער זאָל איר שענקען אַ מתּנה, אַ רעכטע מאָס אין דער רעכטער האַנט. דען נאָר דעמאָלט קען זי אויפהערן צו האָבן אַ משונהדיק פּנים פון אַ קאַריקאַטור, און אָנהויבן זיך צו גלייכן צו די אַנדערע שוועסטער" („יודישע פאָלקס־ביבליאָטעק" 1, זייט 319).

ראַווניצקי האָט באַזונדערס געפאָדערט „האַרמאָניע", זאָגנדיק, אַז „מאָס און האַרמאָניע זיינען צוויי ענינים, וואָס האָבן אַ שייכות מיט געשמאַק, אָבער אויך מיט עסטעטישע ווערטן, ווייל אָן זיי איז אַ ליטע־ראַריש ווערק נישט קיין כּלי שלם".

מינקאָוו איז משמעות באַהערשט פון אַזאַ צוגאַנג צו ליטעראַטור. אויך ער האָט ענלעכע פאָדערונגען, וועלכע קאָנען זיך כּמעט אידענטי־פיצירן מיט ראַווניצקיס, בנוגע קריטיק; אַזוי צ. ב. געפינט ער אַ נחת רוח אין ראַווניצקיס קריטיק וועגן מענדעלעס „קליאַטשע", וואו ראַוו־ניצקי רוקט אַרויס פיר עיקרים, נעמלעך: 1) וואָס מענדעלע דערציילט; 2) „ווי אַזוי" ער דערציילט; 3) מענדעלעס סאַטירע און 4) מענדעלעס פּאָעטישקייט (זייט 166). דערמיט צילט מינקאָוו צו דערווייזן, אַז ראַוו־ניצקי פלעגט צוגיין צו אַ ווערק, ווי אַ כירורג צו אַן אָפּעראַציע: מען דאַרף פאַנאַנדערגלידערן יעדן טייל און דערמיט האָט ער בפירוש גע־שאַפן דאָס, וואָס ווערט פאַרשטאַנען אונטערן נאָמען קריטיק. מיט ראַווניצקין ענדיקט ערשט מינקאָוו אָפּ אַ האַלבן פון זיין בוך „זעקס יידישע קריטיקער". די צווייטע העלפט איז געווידמעט צו יואל ענטין, בעל מחשבות און דעם ארי שבחבורה — ש. ניגער. עס איז זייער שווער אַריינצוגיין אין פּרטים וועגן די לעצטע דריי באַרימטע קריטיקער, אין די ענגע ראַמען פון דעם אַרטיקל, ווייל יעדער פון זיי איז אַ גאַנצע

וועלט פאַר זיך. מיר וועלן זיך אָפּשטעלן אויף דעם אופן ווי מינקאָוו כאַראַקטעריזירט זיי.

פון דעם באַקומט זיך, לויט מיין מיינונג, דער סאַמע תמצית פון דער יידישער קריטיק, אַלס וועזנטלעכער טייל פון דער יידישער ליטע־ראַטור אַליין, און גלייכצייטיק שיילט זיך אַרויס די פּערזענלעכקייט פון מחבר אַליין. נ. ב. מינקאָוו, וועלכער האַלט זיין האַנט אויף דעם פּולס פון דער יידישער ליטעראַטור פאַר די לעצטע דריי צענדליק יאָר.

דער כוח פון אַ פאָלק מעסט זיך אייגנטלעך נאָר דורך זיינע גייסטיקע שאַפונגען, און די געשיכטע האָט אונדז שוין געגעבן צענדליקער און הונדערטער ביישפּילן, ווען די פיזישע מאַכט פון אַ פאָלק איז צעשמע־טערט געוואָרן נאָך אַ געוויסער צאָל יאָרן, און דאָס פאָלק האָט אפילו פאַרלוירן זיין פריערדיקן אויסזען און פּלאַץ אין דער געשיכטע — בעת די גייסטיקע קנינים, ליטעראַטור און קולטור זיינען פאַרבליבן לדור דורות, ווייל דאָס קען מען קיינמאָל פון אַ פאָלק ניט אַוועקרויבן!

אין זיין אָפּהאַנדלונג וועגן יואל ענטינען, זעט מען, ווי נ. ב. מינקאָוו האָט זיך אָנגעשטרענגט מיט אַלע כוחות אַרויסצושטעלן זיינע פּאָזיטיווע שטריכן, זיין געזונטן פאָלקס־אינסטינקט און אָריענטאַציע, איבער־הויפּט צוליב דעם, וואָס ענטינען איז אויסגעקומען צו שאַפן און צו קעמפן אין אַ צייט, וואָס איז לגמרי ניט צוגעפּאַסט געווען צו אַזאַ סאָרט איינ־שטעלונג און אָריענטאַציע. מינקאָוו ווידמעט ענטינען איבער פופציק זייטן פון זיין בוך, און ער רופט אים אָן „אוטיליטאַריער", הגם פון אַ גאַנץ אַנדער מין. ענטין איז געווען באַהערשט פון אַ שטאַרקן געפיל צו ליטעראַרישע־און קולטור־טעטיקייטן. ענטין האָט געשטרעבט צו דערהויבן די מענטשלעכע פערזענלעכקייט, אויסצואיידעלן און פאַר־שענערן זיין גאַנצן וועזן. ניט בלויז דער חומר דאַרף פאַרנעמען אַן אָרט אין מענטשנס לעבן, נאָר אויך, און אפשר מער נאָך, דער גייסט. מינקאָוו שילדערט ענטינען אַלס זייער עטישע און מאָראַלישע פּערזענלעכקייט, וועמען עס האָט שטענדיק אינטערעסירט יושר און גע־רעכטיקייט. אין דער זעלבער צייט, האָט ענטין אויך קיינמאָל ניט פאַר־לוירן זיין טיפן צובונד צו זיין פאָלק, צו זיין געשיכטע, צו די אַלע טראַדיציעס און איינשטעלונגען, וואָס האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין אונדזער פאָלקס לעבן זייט לאַנגע דורות.

און דאָס איז אַבסאָלוט פאַרשטענדלעך. יואל ענטין, וועלכער איז שוין באַלד אַ בן־שמונים, האָט מיטגעבראַכט פון זיין אַלטן היימשטעטל פּאָהאָסט (מינסקער גובערניע) אַ געזונטע און פולבלוטיקע יידישע

דערציאונג, ווייל ער שטאַמט אָפּ פון אַ יחוסדיקער לומדישער משפּחה, וואו יידישקייט איז געווען דער טאָן פון לעבן, דאָס אַלטעגלעכע ברויט... ער האָט נאָך אין זיינע פריסטע קינדער־יאָרן דורכגעאַקערט די גאַנצע אַלטע העברעאישע ליטעראַטור, געזעסן היבשע עטלעכע יאָר על סף בית המדרש, און עס איז געווען אַ נאַטירלעכער פּועל יוצא פון זיין אויפ־ברענגונג, אַז ער זאָל זיין דאָס, וואָס ער איז טאַקע פאַרבליבן אויף זיין גאַנצן לעבן. כאָטש מיר האָבן געזען אַ סך יוצאי מן הכלל, ווען די יידישע דערציאונג האָט ניט אָפּגעהאַלטן שפּעטער אַרויסצוגיין לתרבות רעה און צו פאַרקירעווען זיך אפילו אויף גאַנץ אַנדערע פרעמדע וועגן...

מינקאָוו שטעלט זיך הויפּטזאַכלעך אָפּ אויף ענטינען דעם שרייבער, שעפער און קולטור־בויער און ער שענקט ניט קיין באַזונדער אויפ־מערקזאַמקייט צו זיין געזעלשאַפטלעך־ציוניסטישער טעטיקייט. אונדז שיינט אָבער, אַז אָט די געזעלשאַפטלעכע, פּועלי ציוניסטישע אַרבעט, איז געווען איינער פון די גרעסטע גורמים, וואָס האָבן ענטינען געשטויסן צו גיין אויף זיין אָנגעצייכנטן וועג, און אַ דאַנק דעם איז אים אפשר געלונגען צו ווערן אַ וואָרטזאָגער און פירער; דאָס האָט אים יעדנפאַלס פיל געהאָלפן צו שטיין זייער נאָענט, און צייטנווייז מיטביידע פיס אין סאַמע צענטער פון דער יידישער ליטעראַטור און קולטור.

די פאַרשיידנפאַרביקייט פון ענטינס שאַפונגען, זיינע אונאויסשעפּ־לעכע כוחות אויפן געביט פון דער יידישער זשורנאַליסטיק און פּרעסע, זיינע אומציילליקע איבערזעצונגען פון עטלעכע שפּראַכן, זיין עכטער יידישער „אני מאמין״ אָדער יידישיזם האָבן אים געקרוינט אַלס דער ערשטער יידישער קולטוריסט אין אַמעריקע, כאָטש ער האָט זיין ערשטע ליד לכבוד דעם ערשטן מאַי אָפּגעדרוקט אין דעם וואָכנבלאַט „דהי פּיפּל״, אָפיציעלער אָרגאַן פון דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי, און אונטערגעשריבן מיט די אותיות אי. דשזי. (ענטין דזשאָועל), (זייט 173).

ענטין האָט זיך גאָר גיך פאַרנומען אויפן וועג פון ליטעראַרישער קריטיק. מינקאָוו ווייזט אָן, אַז צו יענער צייט איז נאָך „די ליטעראַטור־קריטיק געלעגן אין די וויקעלעך, מען האָט ערשט אָנגעהויבן דערציילן דעם לייענער, וואָס עס מיינט אַ ליטעראַריש ווערק, מען האָט ערשט אָנגעהויבן אָנצואווייזן, וואָס עס מיינט שונד און ליטעראַטור״ (דאָרט, זייט 184).

מינקאָוו שטעלט זיך אָפּ גאַנץ באַזונדערס אויף דער פראַגע פון קריטיק, אין וועלכער עס האָבן שוין געהערשט פאַרשיידענע נוס־חאות. די שרייבער אַליין און אויך די קריטיקער, האָבן ניט געוואוסט

געֶנוי, וואָס זיי ווילן דערגרייכן, הגם איין זאַך האָבן זיי אַלע גוט פאַר־שטאַנען: ליטעראַטור מוז זיין געקניפּט און געבונדן מיטן לעבן. דעריבער האָבן אַלע מינים און שאַטירונגען אין דער אָנפאַנגענדיקער קריטיק געהאַט איין ציל — ברענגען נוצן דאָס פאָלק, פונקט, ווי דאָס האָבן געטאָן די פריערדיקע משכילים. ענטין האָט זיך געמיט צו פאַרפעסטיקן אָט דעם שטאַנדפונקט, אַלס פיאָנער־קריטיקער, און דעריבער איז דער גאַנצער מעטאָד זיינער געוועזן אַן אויפקלערערישער. ער האָט געצילט צו באַקענען דעם לייענער מיט ליטעראַטור־וויסנשאַפט, מיט ליטעראַטור־טעכניק, כדי דערמיט פאַרפיינערן דעם לעזערס געשמאַק (זייט 191). ניט קיין וואונדער דעריבער, וואָס ער איז געוואָרן דער געשולטס־טער קריטיקער פון זיין צייט, ווייל ער האָט אויך אָנגערירט פּראָבלעמען, וואָס זיינען נאָך דאַן געווען ווייניק באַקאַנט אין די ברייטע יידישע קרייזן.

וואָס אָנבאַלאַנגט פּאָעזיע, האָט ענטין געפּאָדערט רוחניותדיקע פייכטקייט, דאָס וואָס האָט איר שטאַרק דאַן געפעלט. אים האָט אויך ניט אינטערעסירט סתם ראָמאַנטיזם, נאָר איבערהויפּט — יידישער ראָמאַנ־טיזם, וועמעס יסוד ער האָט געפונען אין דער יידישער רעליגיע, אין דער יידישער געשיכטע און אין יידישע פאָלקס־חלומות, ווייל דאָס איז געווען אַ „ריזיקער פונדאַמענט פון גייסטיקע אוצרות" (זייט 199). דאָ האָט נ. ב. מינקאָוו אָנגעטאַפּט דעם סאַמע דופק פון ענטינס נשמה, דעם אמתן האַרץ־פּלאַטער, ווייל ענטין איז באמת טריי געבליבן זיין וועלט־אָנשויאונג, זינט זיינע פריסטע קינדערשע יאָרן. מינקאָוו רופט אים אָן קריטיקער־מאָראַליסט, מיט אוטיליטאַרישע כוונות, אָבער דאָס גייט אין אוניסאָן ביי ענטינען, ווייל ער האָט זיין גאַנץ לעבן געשטרעבט צו דערהאַלטן קינסטלערישן אמת (זייט 209).

גאַנצע 63 זייטן ווידמעט מינקאָוו צו דער כאַראַקטעריזירונג פון בעל מחשבות, וועמעס אמתער נאָמען איז ד״ר איזידאָר עליאַשעוו. דער מחבר שטעלט זיך אָפּ באריכות אויף דעם געמיט, זשאַנער און ריטם פון בעל מחשבות, וועלכער איז געוואָרן איינער פון די הויפּט־פּילאַרן צווישן די יידישע קריטיקער. בעל מחשבות איז פאַקטיש דער יידישער בעלינסקי, ווייל ער האָט אַוועקגעשטעלט די יידישע קריטיק אויף דעם געהעריקן פּיעדעסטאַל, און ער האָט אַרויסגערוקט קריטיק, אַלס וויכטיקן ענין אין דער יידישער ליטעראַטור. עס איז צו באַוואונדערן ווי אַזוי מינקאָוו האָט דורכגעאַקערט דאָס גרויסע פעלד, אויף וועלכער בעל מחשבות איז געווען טעטיק, און ער ברענגט אַרויס אַ פול בילד פון דעם גייסטרייכן עסטעט, פון דעם העכערן און שענערן טיפּ פון דעם נייעם

יידישן אינטעליגענט, וועלכער האָט געשטרעבט צו באַהעפטן זיך מיטן פאָלק דורך דעם פאָלקס שאַפן, און דער פאָלקס־ליטעראַטור. מינקאָוו שטרייכט אונטער, אַז אין אַ סך בעל מחשבותעס עסייען פילט מען דעם אָטעם פון שטילער פּאָעזיע. עפּעס אַ לירישער אונטערטאָן, אַ פּאָעטיש געמיט לעבט אין אַלץ, וואָס ער האָט געשריבן. דאָך — אין זיין קריטיק טרעט אָפּ זיין פּאָעטיש געמיט, ווי הינטער אַ פּאָרהאַנג, און זיין אָרט פאַרנעמט — דער אַנאַליז. מינקאָוו טיילט בכלל איין אַלע בעל מחשבותעס שריפטן אויף קריטיק און פּובליציסטיק. אַ מעלאַנכאָליש לעבנס־געפיל איז געלעגן אין גרונט פון זיין כאַראַקטער, און ער איז מיטגעריסן גע־וואָרן מיט זיין צייט, סביבה, אויפשטייג און אָפּטימיזם (זייט 239).

מינקאָוו שטעלט זיך באַזונדערס אָפּ אויף דעם זייער אינטערעסאַנטן פּרט, אַז די מיסטיק און עסטעטיק אין ציוניסטישן חלום האָבן בעל מחשבותן אויפגעוועקט פון זיין „אייראָפּעאישער" אַפּאַטיע און מרה שחורה, און דאָס האָט אין אים געוועקט אַ חוש פאַר אַלץ, וואָס ס'איז ניי, וואָס איז „אַ צוזאָג אויף עפּעס". דאָס האָט געפירט צו ליטעראַרישע „מחלוקות" צווישן אים און דוד פרישמאַנען; עס האָט זיך אָפּגערופן אין אים דער ליטוואַק, דער אַנאַליטיקער, וועלכער זוכט די פעדים, וואָס פאַרבינדן די יונגע משפּחה שרייבער מיט די עלטערע, און דע־מאָלט דערזעט ער דעם ייִדן, מענדעלע מוכר ספרים, וועלכן מען האָט שוין כמעט פאַרגעסן, און אַזוי איז בעל מחשבות געוואָרן אַ קריטיקער (זייט 294). רעדנדיק וועגן בעל מחשבותן דריקט זיך נ. ב. מינקאָוו אויס, אַז די קולטור־היסטאָרישע פונקציע אין דער קריטיק איז ניט די סאַמע וויכטיקסטע, אַנאַליזירנדיק עצמדיקע ווערטן איז נישט ווייניקער וויכטיק, און ווען דאָס וואָלט אַזוי שטענדיק געווען, וואָלטן מיר קיינמאָל ניט אויסגעפונען די טיפענישן און די עסטעטישע ווערטן פון שאַפן בכלל, און פון איינציקע ווערק בפרט (זייט 254).

מינקאָוו מאַכט קלאָר פאַרן לייענער, אַז בעל מחשבות האָט באַ־טראַכט די פונקציע פון קריטיק, ווי אַ קולטור־געזעלשאַפטלעכע: וועקן דעם אינטערעס צו דער ליטעראַטור, אָדער צו אַ נייער תקופה, און אַנטוויקלען דעם געשמאַק ביים אומאַנטוויקלטן עולם, הגם דאָס איז געלעגן אין דער אַטמאָספערע, וואָס האָט געגערט אַלע אינטעלעגענטע כוחות אין די 90ער יאָרן. כדי צו אילוסטרירן בעל מחשבותעס באַ־האַוונטקייט אין דער וועלט־ליטעראַטור, ציטירט מינקאָוו בעל מחשבותן, וועלכער האָט געזאָגט: „גאָנטשאַראָוו און שטשעדרין, דאָסטאָיעווסקי

און טורגעניעוו, אויספּענסקי און סלעפּצאָוו — זיי אַלע זיינען שטאַרקע קעגנזאַצן אין דער גאַנצער לעבנס־אויפפאַסונג, און דאָך זיינען זיי אַלע גרויסע קינסטלער, אַלע זיינען זיי דער טיפסטער אויסדרוק, פון דער רוסישער נאַציאָנאַלער נשמה" (266). דערמיט האָט בעל מחשבות באַוויזן, אַז ער שעפּט פון פאַרשיידענע קוואַלן און שפּראַכן...

זייענדיק געוועכט צו זיך און צו דער יידישער ליטעראַטור, שטרייכט מינקאָוו אונטער, אַז יעדער יידישער קריטיקער פון צעדערבוימען אָן, האָט אַריינגעשריבן אַ נייע קאַפּיטל אין דער יידישע קריטיק. און ער פירט אויס, אַז בעל מחשבותעס נאַציאָנאַלע קריטיק ליגט נישט דווקא בלויז אין „ירושה, סביבה און מאָמענט", — נאָר אויך אין זיין פּובּ־ליציסטישן צוגאַנג, אין די אויספירן, וועלכע דאָס ווערק רופט אין אים אַרויס (279). אַזוי למשל האָט בעל מחשבות קוואַליפיצירט מענ־דעלען אַלס דעם גרעסטן טאַלאַנט פון דער השכלה־צייט, ווייל ער האָט זיך דערגראָבן צום „פּינטעלע ייד", וואָס באַשטייט פון אָן אַ שיעור פּינטעלעך און פּינטעלעך, די טיפסטע וואָרצלען פון דער יידישער נשמה (דאָרט). מינקאָוו פאַררופט זיך אויף ניגערס אָפּשאַצונג פון בעל מחשבותן, אַז ער שרייבט אָן אַ סדר, און וועגן אַ סכעמע איז נישטאָ וואָס צו רעדן, אָבער ניגער אַליין גיט צו, אַז אין יעדן מאמר פון בעל מחשבות איז פאַראַן עפּעס אַ גאַנצקייט, אפילו ווען עס לויפט אַמאָל דורך אַ מידער שמייכל (זייט 285).

דאָס בוך „זעקס יידישע קריטיקער" שליסט דער מחבר מיט ניגערן, וועלכן ער ווידמעט פופציק זייטן. מינקאָוו הייבט אָן נאָכצופאָלגן ניגערן מיטן יאָר 1907, ווען ניגער האָט פאַרעפנטלעכט אַ שאַרפן אַרטיקל וועגן דער יידישער אינטעליגענץ, א. ב. „קולטור־טרעגעריי און קולטור", וואָס איז געדרוקט געוועז אין צוויטן זאַמלבוך „דער שטראַל" 1908.

מינקאָוו לעבט זיך ממש אַריין אין ניגערס שרייבן, און ער זאָגט וועגן ניגערן, אַז ער האָט זייער טרעפלעך כאַראַקטעריזירט אַלע יידישע קריטיקער ביז בעל מחשבותן, און לויט זיין מיינונג, האָט איין טייל זיך פאַרנומען מיט „מבינות זאָגעריי", און דער צווייטער טייל, אַליין קינסטט־לער, ווי יעקב דינעזאָן, שלום עליכם, פּרץ א. אַ. — האָבן געגומען אַלס „מעסטערס" זייער אייגן שרייבן. אָבער אַלע זיינען זיי געווען אוטילי־טאַריער (295).

ניגער האָט נאַטירלעך אָנגעפאַנגען מיט פּובליציסטיק, און ערשט

שפּעטער איז געקומען זיין ערשטע קריטישע אַרבעט וועגן שלום אַשעס „משיחס צייטן". זינט דאַן האָט זיך ניגער פאַרנומען אויף דעם ברייטן שליאַך פון קריטיק, און גענומען באַהאַנדלען ליטעראַטור, ווי אַ ליטעראַטור־קריטיק. מינקאָוו זשענירט זיך ניט צו דערקלערן, אַז פאַר ניגערן עקזיסטירט ניט קיין כללים, נאָר דער איינדרוק, וואָס אַ ווערק לאָזט אויף אים איבער, הגם פאַרגלייכן אים מיט פאַרשווענדערישע אימפּרעסיאָניסטן טאָר מען ניט. ניגער ווערט ניט אויפגעברויזט מיט איבערגעטריבענער באַגייסטערונג, אָדער מיט איבערגעטריבענעם האַס.

ער צוגיסט זיך ניט אין ליריזם, אָדער אין מיסטישע ספּעקולאַציעס. ער ווערט ניט עפּנטלעך סענטימענטאַל. ער איז לאָגיש, שכלדיק. דאָך זיין אויפנעם, שטימונג, און דער עיקר, ווי אַזוי ער טייטשט אויס און שאַצט אָפּ ווערק, בייט זיך מיט יעדן באַזונדערן ווערק, וואָס ער באַטראַכט. (זייט 300). ניגער, זאָגט מינקאָוו, איז דער פּראָדוקטיווסטער יידישער קריטיקער, וואָס די יידישע ליטעראַטור האָט ווען געהאַט, און וואָס פּראָדוקטיווער ער ווערט, אַלץ מער פאַרשיידענע מעטאָדן אָדער מעטאָד־געוועבן באַזיצט ער, און עס איז אָפּהענגיק, ווי אַזוי ער באַנוצט זיך מיט די דאָזיקע מעטאָדן (דאָרט). ניגער, שטרייכט אונטער נ. ב. מינקאָוו, האָט מיושבדיקייט, טעמפּעראַמענט ,אייגנאַרטיקע חבֿ"דישע דערציאונג, וואָס האָט אים אָפּגעהיט פון הפקרות. ניגערס טעאָריע איז — ניט צו לאָזן זיך פאַרשקלאַפן פון קיין שום טעאָריע. און ווייל ניגער האַלט קריטיק פאַר אַ קונסט, שפּילט ביי אים אין קריטיק אַ ראָלע יעדער איראַציאָנעלער עלעמענט, וואָס מיר רופן אָן „שאַפונגס־כוח". יענע קריטיק, וואָס גיט אונדז בלויז פאַקטן, דרויסנדיקע אמתן, איז ניט קיין קריטיק. דאָס איז בלויז וויסנשאַפט, וועלכע רעדט צו אונדזער שכל. אָבער מיר דאַרפן שטענדיק פון אים עפּעס אַרויסדרינגען (זייט 305). דער קריטיקער איז לויט ניגערן, ניט קיין שופט, ניט קיין פאַראורטיילער, נאָר אַ קינסטלער, וואָס שאַפט און מאַכט באַקאַנט זיינע לעזער אי דעם עצם רעזולטאַט פון זיין לייענען, און אי דעם אופן, ווי ער מאַכט אונדז באַקאַנט...

ווי שוין באַמערקט, מינקאָוו גייט נאָך פּוסטריט ניגערן, פּונקט אַזוי גוט ווי ענטינען, בעל מחשבותן און די אַנדערע דריי קריטיקער. און מען זעט, ווי ער וואָלט געקענט וועגן יעדן פון זיי אָנשרייבן אַזאַ דיקן בוך. מינקאָוו איז גוואַלדיק פּרטימדיק, כאָטש ער שטעלט זיך אָפּ ביי יעדן פון די קריטיקער נאָר אויף דער פּאַקטישער קריטיק, און מיידט אויס, ווי ווייט מעגלעך, צו רעדן בכלל וועגן זייערע שאַפונגען,

וואָס וואָלט אים פאַרנומען נאָך אַ צענדליק יאָר און נאָך אַ טוץ ביכער אָנצושרייבן.

מינקאָוו איז דורך און דורך אַריינגעטאָן אין קריטיק, און מיר לאָזן דאָ אינגאַנצן אויס זיינע פּאָעטישע שאַפונגען, וועלכע זיינען אַ וועלט פאַר זיך. זיכער פאַרקערפּערט מינקאָווס פּאָעזיע דעם גייסט פון דער מאָדערנער צייט, אָבער דאָס איז אַ היבשע סדרה אַן און פאַר זיך. לאָמיר אים ווינטשן, צו זיין 60 יאָריקן יובילײ נאָך אַ סך צענדליקער יאָרן פון פּראָדוקטיווער שאַפונג אויפן געביט פון דער יידישער ליטעראַטור, און זאָל זיין מוזע ניט פאַרטונקלט ווערן אין ווילדן גערויש פון אונדזער יאָרהונדערט.

ש. ניגער

# צו דער געשיכטע פון יידישער ליטעראַטור־קריטיק

נ. ב. מינקאָוו: „זעקס יידישע קריטיקער״, פאַרלאַג „יידבוך״, בוענאָס איירעס, 1954, 344 זייטן.

נ. ב. מינקאָוו האָט פאַר זיין בוך „זעקס יידישע קריטיקער״ באַקומען די האַיאָריקע לאָניע בימקאָ־פּרעמיע פאַר ליטעראַטור ביי דעם אַל־וועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס ((די זשורי איז באַשטאַנען פון ד״ר שלמה ביקל, אַ. טאַבאַטשינסקי, י. פריילעך און ח. בעז, סעקרעטאַר.) פון דעם נאָמען וואָס דאָס בוך טראָגט, קאָן מען מיינען, אַז דאָס איז אַ סעריע מאָנאָגראַפיעס. ס'איז מער ווי דאָס, — און ממילא עפּעס אַנדערש. ס'איז אַן איבערבליק — אמת, ניט גאָר קיין פולער איבערבליק — איבער דער געשיכטע פון יידישער ליטעראַטור־קריטיק, — ווי עס האָבן זי פּראַקטיצירט, ווינציקסטנס זעקס פאָרשטייערס אירע (אַלעק־סאַנדער צעדערבוים, י. י. לערנער, י. ח. ראַווניצקי, יואל ענטין, בעל־מחשבות, ש. ניגער). דאָס בוך איז אַן אַנאַליז פון זייערע צילן און מעטאָדן.

צוליב דעם אַנאַליז און אויך כדי אָנצואווינקען אויף דעם פּאַמעלעכ־דיקן וואוקס פון די צילן און די אויפגאַבן, וואָס די דערמאָנטע יידישע קריטיקער האָבן זיך געשטעלט, האָט נ. ב. מינקאָוו אָנגעהויבן מיט אַלעקסאַנדער צעדערבוימען. זיינע צילן און מיטלען זיינען געווען די פּרימיטיווסטע. און אין תוך גענומען געהערט ער צו דער פאָרגעשיכטע, ניט צו דער עצם געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור־קריטיק. איר געשיכטע הייבט זיך אָן, ווען דער, וואָס שרייבט וועגן אַנדערע שרייבערס, גיט אַכטונג אויף זייער פען, נישט אויף זייער טייטש. פאַר צעדער־בוימען איז דער שרייבער, דערהויפּט דער יידיש־שרייבער, געווען וויכטיק נאָר אויף אַזויפיל, אויף וויפל ער האָט געקנעלט מיטן לעזער און איז געווען פאַר אים ניצלעך. ניצלעך — אינעם זינען פון אויפ־

---

„טאָג־מאָרגן־זשורנאַל״, ניו־יאָרק, יוני 19 און יוני 26, 1955.

קלערונג און בילדונג. דאָ און דאָרט כאַפּט זיך צעדערבוים אַרויס מיט אַ ווערטל פון ליטעראַרישער מבינות; דער עיקר איז אָבער ביי אים ניט דער ליטעררישער, נאָר דער משכילישער ווערט פונעם חיבור. אַזוי, צום ביישפּיל, זאָגט ער וועגן א. ב. גאָטלאָבערס אַלעגאָריע „סעים", אַז „עס איז באמת אַ מייסטערשטיק, זייער גייסטרייך, וויציג, סאַטיריש און באַלערנדיק פאַרן פאָלק". וואָס אים אינטערעסירט אָבער, איז ניט דאָס, וואָס עס איז, ווי אים דוכט זיך, אַ „מייסטערשטיק". ער רעקאָמענדירט עס דערפאַר, וואָס עס איז „באַלערנד פאַר דעם פאָלק". די עצם טעמע פון זיין „יידישע ביבליאָגראַפיע", — דעם אַריינפיר צו זיינע רעצענזיעס אין „קול מבשר", און פון זיי גופא, איז דאָס פאָלק און זיינע אויפקלערונגס־נויטן, ניט דאָס בוך, ווי אַ בוך. דעריבער איז מינקאָוו, גלויב איך, גערעכט, ווען ער שרייבט אין דעם קאַפּיטל, וועגן י. י. לערנערן, דעם צווייטן פון די זעקס קריטיקער, אַז „אויב מען זאָל משפּטן וועגן זיין אַקסענפעלד־קריטיק נאָך דער קוואַליטעט נאָך, קומט לערנערן די בכורה ווי דער ערשטער קריטיקער פון דער יידישער ליטעראַטור" (ז' 57). אויך כראָנאָלאָגיש קומט זי אים, אגב. זיין „אַנאַליז פון אַקסענפעלדס ווערק" האָט ער געשריבן אין 1817 — צוויי יאָר פאַר דעם אָנהייב פון צעדערבוימס ביבליאָגראַפישע נאָטיצן.

אמת, י. י. לערנער האָט זיין אַרבעט פאַרעפנטלעכט אויף רוסיש, אָבער געשריבן האָט ער זי אויף העברעאיש — טאַקע פאַר צעדערבוימס „המליץ", — און ס'איז ניט זיין שולד געווען, וואָס „המליץ" האָט זי נישט געדרוקט — און „קול מבשר" אויך ניט. לערנער האָט קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט, ווי עס אַליין איבערצוזעצן און אָפּצודרוקן ווי אַ באַזונדער ביכל אויף רוסיש (אָדעס, 1881). דערפאַר דוכט זיך מיר, אַז די סטרוקטור פון מינקאָווס בוך וואָלט געווען קלערער, ווען דער אַרטיקל וועגן צעדערבוימען זאָל געגעבן ווערן ווי אַ קאַפּיטל פאָרגעשיכטע, און די עצם געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור־קריטיק זאָל זיך אָנהייבן מיט י. י. לערנערן.

ער איז, ווי מינקאָוו באַווייזט, געווען איר אמתער פונדאַמענט־לייגער, — און עס מאַכט ניט אויס, וואָס ער האָט דעם פונדאַמענט געלייגט לויט דעם פּלאַן און דעם גייסט פון זיין צייט און פון איינער פון די ליטעראַטור־טעאָריעס, וואָס זיינען אין רוסלאַנד דאַן געווען פאַרשפּרייט. עס דאַרף אויך אונדז ניט שטערן דער פאַקט, וואָס זיין „אַנאַליז פון י. אַקסענפעלדס ווערק" איז לערנער געצוואונגען געווען צו פאַרעפנטלעכן ניט אויף יידיש אָדער העברעאיש, נאָר אויף רוסיש. אַלע

שפּעטערדיקע ליטעראַריש־קריטישע און אַנדערע ווערק זיינע האָט ער געשריבן אויף העברעאיש און דערהויפּט אויף יידיש. אגב, לאָמיר נישט פאַרגעסן, אַז די ערשטע, מער אָדער ווינציקער, סיסטעמאַטיזירטע געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור איז אויך ניט געשריבן געוואָרן אויף יידיש; פונדעסטוועגן רעכענען מיר לעאָ ווינערן פאַר אַ פּיאָנער אויפן פעלד פון יידישער ליטעראַטור־געשיכטע, פּונקט אַזוי ווי גרעץ און דובנאָוו זיינען קלאַסיקער פון יידישער היסטאָריאָגראַפיע, כאָטש דעם ערשטנס שפּראַך איז געווען דייטש און דעם צווייטנס — רוסיש.

דער אונטערשייד צווישן צעדערבוימען און לערנערן באַשטייט נישט בלויז דערין, וואָס לערנער איז געווען נישט אין ערך פּראָדוקטיווער, געבילדעטער, קולטורעלער און דער עיקר טאַלאַנטפולער, ווי צעדערבוים, נאָר אויך דערין, וואָס ער האָט געהאַט אַ באַשטימטע ליטעראַטור־פילאָזאָפיע און וואָס אפילו דאַן, ווען ער האָט געשריבן וועגן איינציקע ווערק האָט ער אין זינען געהאַט די אַלגעמיינע צילן און אויפגאַבן פון ליטעראַטור, ווי ער האָט זי פאַרשטאַנען, נישט נאָר די אָדער יענע גייסטיקע נויטבאַדערפענישן פונעם אומוויסנדיקן און אַבערגלויבערישן פאָלקס־מענטשן.

די דאָזיקע באַדערפענישן זיינען אויך פאַר לערנערן געווען העכסט וויכטיק, אויך זיין אויסגאַנגס־פּונקט איז געווען דאָס פאָלק. אָבער „ער און זיינע חברים לדעה״, שרייבט נ. ב. מינקאָוו, „זיינען געשטאַנען מיט אַ קאָפּ העכער ווי דער צעדערבוים־מין בירגערלעכע משכילים. ער איז סיסטעמאַטישער נישט נאָר אין וויסן, נאָר אויך אין זיין שרייבן. ער האָט אַן אייגענעם בליק אויף דער וועלט. זיין אני־מאמין האָט אַ טעאָרעטישע באַגרינדונג, זיין קריטיק איז אויסגעהאַלטן, איז אין הסכם מיט זיין בליק אויף געזעלשאַפטלעכע און ליטעראַרישע פּראָצעסן. ער געהערט צום פּראָגרעסיוון פליגל שרייבער אין די 60ער יאָרן. פאַר יענער צייט איז ער אַ מאָדערניסט״... „זיין בליק אויף קריטיק, אויף דער עובדה פונעם שרייבער, אויף יידיש, פאָלקלאָר און דעם יידישן טעאַטער — דאָס אַלץ שטראָמט אַרויס לאָגיש פון זיינע באַגריפן וועגן יידישן לעבן. ער איז, אגב, אַ פּיאָנער נישט נאָר אין דער קריטיק, נאָר אויך (אין דער פאָרשונג פון) יידישן פאָלקלאָר, אין יידישיזם און אין קאַמף פאַר אַ בעסערן יידישן טעאַטער״ ז״ז 60־61).

אָט דעם לענגערן ציטאַט ברענג איך, ערשטנס, דערפאַר, ווייל י. י. לערנער איז דעם היינטיקן יידישן לייענער אומבאַקאַנט. ער איז כמעט אַ פאַרגעסענער שרייבער, — און איינער פון מינקאָווס הויפּט־

אויפטועץ אין זיין נייעם בוך איז טאַקע דאָס, וואָס די נעמען פון, ווינ־ציקסטנס, דריי פון די זעקס שרייבערס, מיט וועלכע ער גיט זיך אָפּ (צעדערבוים, לערנער און אויך ראַוויניצקי, ווי ווייט ער איז געווען אַ יידישער, נישט נאָר אַ העברעאישער שרייבער) זיינען לאַנג שוין אַרויס־געפאַלן פון דעם יידישן לעזער־עולמס זכרון, און עס איז באמת נייטיק געווען צו דערמאָנען אונדז אין דער ראָלע, וואָס זיי האָבן געשפּילט אין דער יידישער ליטעראַטור־ און קולטור־געשיכטע.

אַ צווייטער טעם פאַרוואָס איך האָב ציטירט דעם גאַנצן לאַנגן פּאַ־ראַגראַף פון מינקאָווס עסיי וועגן לערנערן, איז דאָס, וואָס אין אָט די עטלעכע שורות האָט דער אויטאָר באַוויזן צו געבן אונדז דעם תמצית פון לערנערס אויפטו אין דער וועלט פון יידישן וואָרט. מינקאָוו האָט זיך שוין לאַנג אויסגעלערנט צו זיין תמציתדיק אין זיין פּראָזע, ווי אין זיין ליד.

נ. ב. מינקאָוו באַנוגנט זיך אָבער נישט מיט די קאָנדעסירטע פאָרמולירונגען. ער לאָזט זיך אַריין אויך אין פּרטים, און זיי זיינען אין דעם פאַל זייער וויכטיק. זיי פירן אונדז אַריין אין דער גייסטיקער לופט פון יענער צייט.

וואָס איז עס פאַר אַן אַטמאָספערע ?

בנוגע צו לערנערן איז עס דער אינטעלעקטועלער קלימאַט נישט בלויז פון דעם לינקן („ניהיליסטישן״) פליגל פון דער יידישער השכלה־באַוועגונג, נאָר אויך פון דער גאַנצער פאָלקיסטישער אינטעליגענציע און ליטעראַטור אין די 60ער און די 70ער יאָרן.

לערנער אַליין איז געווען אַ פּראָדוקט פון אָט דער צייט און אָט דער סביבה. איז אויך זיין קריטיק, אַזוי ווי אַ גרויסער טייל פון דער דעמאָל־טיקער רוסישער קריטיק, געווען „מער פּובליציסטיק, ווי קריטיק״ (ז׳ 76). אָבער אַזוי ווי די ליטעראַטור גופא האָט דאַן איינגעזאַפּט אין זיך פּראָבלעמען פון סאָציאַל־עטישן און פּאָליטישן לעבן, איז די „פּובלי־ציסטישע״ קריטיק געווען אַ פאָרם פון ליטעראַטור־קריטיק, — און אין דעם זינען איז י. י. לערנער געווען ביי אונדז דער ערשטער עכטער ליטעראַטור־קריטיקער, אַזוי ווי, אַ שטייגער, פּאַפּערנאָ איז עס געווען אין דער העברעאישער ליטעראַטור, כאָטש זיין צוגאַנג איז געווען אַ מער קינסטלערישער. לערנער איז געווען נעענטער צו קאָוונערן, ווי צו פּאַפּערנאָן אין דער העברעאישער ליטעראַטור־קריטיק; ער האָט גע־לערנט מער פון פּיסאַרעוון אָדער דאָבראָליובאָוון, ווי פון ביעלינסקין — אין דער רוסישער ליטעראַטור־קריטיק. אָבער ביז צו אַ געוויסער מאָס

איז ער, לויט מינקאָוון, געווען זעלבשטענדיק. ניט געקוקט אויף זיין „פּיסאַרעווטשינע״ קומען־אויף אין אים, זאָגט נ. ב. מינקאָוו, „געדאַנקען, בעסער געזאָגט, געפילן מכוח „קונסט־פּראָבלעמען״ (ז׳ 100). „ער נעגירט דעם עסטעטיציזם, אָבער ניט די נייטיקייט פון עסטעטיק״ (ז׳ 104). מיט אַנדערע ווערטער: שיינקייט אַליין, האַלט לערנער, איז פאַר אַ קונסט־ווערק טאָקע נישט גענוג; עס דאַרף זיין ניצלעך (פאַרן פאָלק), אָבער כדי צו זיין ניצלעך, דאַרף עס זיין גוט, ווי אַ קונסט־ווערק, און זיין גוט קינסטלעריש האָט אין לערנערס אויגן געמיינט, פריער פאַר אַלץ, זיין רעאַליסטיש. ווען ער זאָל האָבן געלעבט איצטער און געהאַט די זעלביקע גרונט־אידייען, וואָס ער האָט געהאַט אין דער צווייטער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט, וואָלט ער מסתמא אָנגענומען די גרונט־הנחות פון „סאָציאַליסטישן רעאַליזם״, ער וואָלט פאַרלאַנגט, אַז סאָציאַליזם זאָל זיין סאָציאַליזם, ד. ה. גוט פאַרן פאָלק, און אַז רעאַליזם זאָל זיין רעאַליזם, ניט בלאָף, ניט דער גרויסער שקר פון אַגיטאַציע און דעמאַ־גאָגיע.

נ. ב. מינקאָוו באַווייזט עס מיט אָן אַ שיעור ציטאַטן — סיי פון לערנערס העברעאישע און יידישע אַרטיקלען אָדער בריוו, סיי פון זיינע רוסישע שריפטן, וואָס זיינען, אגב, לאַנג שוין ביבליאָגראַפישע זעלטנ־קייטן, — און איך קאָן זיך פאָרשטעלן די עקשנותדיקע מי, וואָס עס האָט מינקאָוון געקאָסט זיי אויפצוזוכן.

זיין בוך איז בכלל נישט נאָר אַ שטיק יידישע ליטעראַטור־און קולטור־געשיכטע; עס איז צו גלייכער צייט אויך אַ ליטעראַרישע, כאָטש נישט קיין סיסטעמאַטיש צונויפגעשטעלטע כרעסטאָמאַטיע. און עס קומט אים אַ דאַנק פאַר זיין ברענגען גאַנצע שטיקער טעקסט פון אַזוינע אַלטע (העברעאישע, יידישע און אויך רוסישע) בראָשורן אָדער צייט־שריפטן, וואָס איצט איז זיי שווער אָדער גאָר אוממעגלעך צו געפינען אפילו אין גאָר גרויסע ביבליאָטעקן. איך וועל ברענגען אַ ביישפּיל פון זיך אַליין. כ׳בין אַ ביסל באַהאַוונט אין אונדזער עלטערער ליטעראַטור; פונדעסטוועגן האָב איך זיך ערשט פון מינקאָווס בוך דערוואוסט, אַז שוין י. י. לערנער האָט אָנגעוויזן אויף אַ שמר־טענדענץ אין שלום עליכמס ערשטע ראָמאַנען (ז״ז 113־114). מינקאָוו ציטירט עס פון אַן אָדעסער זאַמלביכל, וואָס איז לאַנג שוין געוואָרן אַ יקר המציאות.

נ. ב. מינקאָוו באַקענט אונדז, ווי ווייט מעגלעך, מיט די פּובליציס־טישע, נישט נאָר מיט די ביבליאָגראַפישע און ליטעראַריש־קריטישע אַרבעטן פון די זעקס קריטיקער, דערהויפּט פון די ערשטע דריי. איז

דאָך פֿאַראַן אַ שייכות צווישן ליטעראַטור און לעבן; ממילא איז אויך ליטעראַטור־קריטיק געבונדן און געקניפּט מיט דער שטעלונג, וואָס דער קריטיקער האָט צו לעבנס־פּראַגן, בפּרט נאָך, ווען דאָס איז אַ קריטיקער פֿון אַן עפּאָכע, ווען מען איז מער אַריינגעטאָן אין דער קונסט פֿון לעבן ווי אין דעם לעבן פֿון קונסט.

אַזעלכע קריטיקער זיינען געווען צעדערבוים אויף אַ נידעריקער — און לערנער אויף אַ סך אַ העכערער מדרגה.

אַזאַ קריטיקער איז (אין די 80ער און 90ער יאָרן) געווען אויך י. ח. ראַוויניצקי. פּירט אונדז מינקאָוו אַריין די ערשטע זאַך אין זיין עטיש־געזעלשאַפטלעכער אידייען־און געפֿילס־וועלט. ראַוויניצקי איז, אַזוי ווי צעדערבוים און לערנער, געווען אַ „פּריינט פֿון פֿאָלק" — און דערפֿון נעמט זיך זייער אַלעמענס אינטערעס צו יידיש, דעם פֿאָלקס שפּראַך. פֿאָלק איז אַ וואָרט, וואָס מען טרעפֿט אין זייער אַלעמענס שריפֿטן זייער אָפֿט, אָבער — ניט מיט דעם זעלביקן אַדיעקטיוו. ביי צעדערבוימען איז עס דאָס אָרימע פֿאָלק, ביי לערנערן — דאָס פֿאַרשקלאַפּטע פֿאָלק, ביי ראַוויניצקין — דאָס אייגענע פֿאָלק. ביי דעם ערשטן מיינט פֿאָלק די מאַסע, נעבעך; ביים צווייטן קלינגט פֿאָלק שטאָלץ און מיינט טאַקע דאָס פֿאָלק, ביים דריטן האָט שוין פֿאָלק אין זיך עפּעס פֿון נאַציע. און דאָס פֿילט זיך ביי יעדן פֿון זיי אין דער ליטעראַטור־קריטיק, ניט נאָר אין דער פּובליציסטיק, — דער קריטיק פֿון לעבן.

אין זיין קריטיק פֿון קריטיק, מיט זיך נ. ב. מינקאָוו צו זיין אַזוי אָביעקטיוו, ווי מעגלעך. ער מיט זיך עס צו זיין — און איז עס — סיי אין די דעסקריפּטיווע און פּרטימדיקע, סיי אין די גענעראַליזירנדיקע און סומירנדיקע טיילן פֿון זיינע עסייען. ער שרייבט ווי אַ היסטאָריקער, ד. ה.: ער האַלט זיך אַזוי נאָענט ווי מעגלעך צו די מאַטעריאַלן און דאָקומענטן וואָס ער נוצט, ניט ווי אַ קריטיקער, וואָס מאַכט דעם שרייבערס שאַפֿן פֿאַר אַן אויסגאַנגס־פּונקט פֿון זיין מיטשאַפֿן אָדער נאָכשאַפֿן. זיין ציל איז — אינפֿאָרמירן דעם לעזער, העלפֿן אים אָריענטירן זיך אין דעם אָדער יענעם קריטיקערס ווערק און אין דער שייכות, וואָס זיי האָבן צו זיין פּערזאָן און נאָך מער — צו זיין צייט און צו זיין סביבה.

מינקאָווס סטיל איז אַ פּינקטלעכער, ניט אַזוי אַ וויסנשאַפֿטלעכער, ווי אַ פּאָפּולער־וויסנשאַפֿטלעכער, אַ לייכטער און אַ קלאָרער, פֿריי פֿון יענע אַבסטראַקט־אַקאַדעמיזירנדיקער שווערער עברי, וואָס האָט אַזוי שווער געמאַכט צו לייענען גרויסע טיילן פֿון זיינע ערשטע ליטעראַריש־קריטישע ווערק, איינגעשלאָסן דאָס בוך „יידישע קלאַסיקער פּאָעטן"

(פאַרלאַג „באָדן", ניו־יאָרק, 1937). נ. ב. מינקאָוו האָט אין די לעצטע פּאָר צענדליק יאָר נישט נאָר געפּאָרשט די ווערק פון אַנדערע שרייבערס; ער האָט אויך געאַרבעט אויף זיך אַליין — און אַ סך דערגרייכט, דערהויפּט בנוגע צו דער שפע פון מאַטעריאַל, וואָס ער האָט אָנגעזאַמלט, און צו זיין באַלייכטונג.

דעם אונטערשייד צווישן איין קריטיקער און אַ צווייטן, דערהויפּט צווישן לערנערן און ראַוואָניצקין, כאַראַקטעריזירט ער, אמת נישט גענוג שאַרף און בולט, אָבער פון די אַלע פּרטים און ציטאַטן, וואָס ער ברענגט, איז דעם לעזער ניט שווער אויסצוגעפינען, אַז בעת לערנער איז נאָך אַלץ געווען מער אַ פּובליציסטיש־סאָציאָלאָגישער קריטיקער, איז ראַוואָניצקי שוין נעענטער צו קינסטלערישע פראַגן, צו פראַגן פון סטרוקטור, האַרמאָניע, מאָס, געשמאַק. א. ד. גל. ער איז, ווי מינקאָוו שרייבט, געווען „אַ מענטש וואָס האָט געהאָלפן אַוועקשטעלן די יידישע קריטיק אויף אַ נייעם יסוד — אויף אַנאַליז" (ז' 163).

נאָך ברייטער ווערט דער פאַרנעם פונעם יידישן וואָרט־שאַפן אין די 90ער יאָרן: אויף דער יידיש־ליטעראַרישער מאַפּע גייט אַרויף דער נייער יידישער צענטער, אַמעריקע. דאָרט האָבן זיך אָנגעהויבן ווייזן נייע דערציילערס, נייע פּאָעטן, נייע דראַמאַטיקער — און אינאיינעם מיט זיי קריטיקער: אב. קאַהאַן, מ. לעאָנטיעף, ל. בודיאַנאָוו, ב. גאָרין, יואל ענטין און אַנדערע. פון די אַלע אַמעריקאַנער יידישע קריטיקער, וואָס האָבן זיך באַוויזן אין די 90ער יאָרן, האָט מינקאָוו אויסגעקליבן אײנעם — יואל ענטינען. פאַרוואָס עפּעס גראָד אים? דערפאַר, וואָס ער איז ביז איצט נאָך אַקטיוו, ווי אַ ליטעראַטור־קריטיקער? (ער ווערט אגב, האַיאָר אַ בן שמונים.) דערפאַר, וואָס ער איז אין די יונגע יאָרן און אויך שפּעטער געגאַנגען בראש פון דער ליטעראַרישער יוגנט — פון דער יוגנט, וואָס אָנהייב 20טן יאָרהונדערט האָט זי זיך אויסגעצייכנט מיט אירע נייע שטימונגען און נייע, מער מאָדערנע, ליטעראַרישע פאָרמען? דערפאַר, וואָס ער איז געוואָרן אַ מיטבויער פון דער יידישער דערציאונג, פון דעם יידישן קולטור־לעבן אין אַמעריקע, נישט נאָר פון דער ליטעראַטור און דעם טעאַטער? די אַלע מאָטיוון אינאיינעם האָבן ביי מינקאָוון, וואָס איז,אגב, אַליין אויך אַ רעפּרעזענטאַנט פון אַ יונגן ליטעראַרישן דור אין דער פּאָעזיע, און וואָס האָט אַליין אויך געקעמפט פאַר מאָדערניזם און פאַר יידיש־נאַציאָנאַלער קולטור אין אַמעריקע, — די אַלע דערמאָנטע מאָטיוון אינאיינעם האָבן געוועקט מסתמא ביי אים אַ באַזונדערן אינטערעס צו ענטינען. „דער ערשטער

אַקאַדעמיש צוגעגרייטער קריטיקער", זאָל ענטין, לויט מינקאָוון, האָבן „זיך געהאַלטן אין די ראַמען און אין דער דיסציפּלין פון פאָרמאַליזם" (ז'221). אונטער פאָרמאַליזם פאַרשטייט מינקאָוו אַ ספּעציעלן אינטערעס צו די פאַרשיידענע פאָרמען און דער טעכניק פון וואָרט־שאַפונג, נישט אַ גלייכגילטיקייט צו דעם, וואָס מען רופט געוויינלעך אָן „אינהאַלט". „די פאָרם־פּראָבלעמען אין קונסט האָבן אים, ענטינען, נישט געלאָזט רוען" (ז" 186). „די ... עסטעטיש־פאָרמאַליסטישע ענינים האָט מען בשעתּם נישט איינמאָל אַרומגערעדט אין געוויסע אַרטיקלען וועגן ליטעראַטור", וואָס אַנדערע קריטיקער פון די 90ער האָבן געשריבן, „אָבער נוצן זיי ווי אַ מעטאָד אין דער קריטיק, — דאָס האָט ענטין צום ערשטן מאָל איינגעפירט אין דער יידישער ליטעראַטור" (ז' 189). נו, אַנדערע אַמעריקאַנער יידישע קריטיקער, פון סוף 19טן יאָרהונדערט, אַשטייגער: אב. קאַהאַן, מ. לעאָנטיעף אָדער ב. גאָרין, האָבן אויך נישט אינגאַנצן איגנאָרירט — ווי קען דען אַ קריטיקער איגנאָרירן די פאָרם און בכלל דאָס ווי פון קינסטלערישן שאַפן? אָבער זיי האָבן עס נישט אָנגערופן מיטן נאָמען, זיי האָבן נישט גענוצט די טערמינאָלאָגיע פון „עסטעטיש־פאָרמאַליסטישע דערקלערונגען". ענטין איז אין דעם פּרט באמת טאַקע געווען אַ „פּיאָנער", ניצנדיק מינקאָווס אַ באַליבט וואָרט. נאָך פּיאָנערישער איז ענטין געווען, ווען ער האָט זיך אין אָנהייב פון אונדזער יאָרהונדערט איינגעשטעלט פאַר ראָמאַנטיזם, פאַר סימבאָליזם און בכלל פאַר מאָדערניסטישע ריכטונגען.

מינקאָוו מיט זיך צו דערקלערן, פאַרוואָס יואל ענטין, וואָס האָט זיך אַזוי איינגעשטעלט פאַר מאָדערניזם, פאַר ראָמאַנטיזם, פאַר אַנדערע איזמען, — איז דאָך געווען דער טשעמפּיאָן פון אַזוינע „אַלטמאָדישע" שרייבער, ווי יעקב גאָרדין און לעאָן קאָברין. מינקאָוו דערקלערט עס מיט דעם אונטערשייד, וואָס איז פאַראַן צווישן ליטעראַטור און טעאַטער. אָבער אויך קאָברינס אולטראַ־רעאַליסטישע דערציילונגען און ראָמאַנען, און אפילו גאָרדינס סכעמאַטישע דערציילונגען, האָט ענטין נישט איינ־מאָל געלויבט, — און דאָס איז שוין שווערער צו פאַרבינדן מיט די קונסט־השגות פון אַ מאָדערניסט, און דערצו נאָך אַ ראָמאַנטיקער.

איינס איז קלאָר: אין די 90ער יאָרן זיינען ענטינס אַרטיקלען וועגן ליטעראַטור געווען אַ שריט פאָראויס אויפן וועג פון דער יידישער קריטיק, בפרט נאָך, אַז שפּעטער האָט ענטין געמאַכט נאָך אַנדערע נייע שריט.

פונדעסטוועגן וואָלט פון דעם שטאַנדפּונקט פון דער געשיכטע פון

אונדזער ליטעראַטור־קריטיק געווען, דוכט זיך מיר, נישט ריכטיק צו טראַכטן, אַז אַנדערע קריטיקער, וואָס האָבן זיך באַוויזן אין דער אַמע־ריקאַנער יידישער ליטעראַטור סוף 19טן יאָרהונדערט, האָבן אין איר נישט געשפּילט קיין שום ראָלע — און מינקאָוו טראַכט געוויס נישט אַזוי. צווישן יענע קריטיקער האָבן זיך געפונען אַזוינע, וואָס האָבן קלאָר און שאַרף פאָרמולירט דעם קלאַסן־צוגאַנג אָדער דעם אַזוי־גערופענעם מאַרקסיסטישן צוגאַנג צו ליטעראַטור — און דאָס איז געוויס געווען אַ נייס.

בודיאַנאָוו (בודין) און (אמת, בלויז טעאָרעטיש) אב. קאַהאַן אין פּראָזע, אַזוי ווי ווינטשעווסקי, מאָריס ראָזענפעלד און עדעלשטאַט אין פּערזן, האָבן מיט צענדליקער יאָרן פאַר דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד אַרויסגעשטעלט די לאָזונגען פון „פּראָלעטאַרישער ליטע־ראַטור" און „סאָציאַליסטישן רעאַליזם" — לאָזונגען, וואָס אין אונדזערע טעג האָבן זיי איינגענומען אַ האַלבע וועלט. אין אַ פולער געשיכטע פון אונדזער ליטעראַטור־קריטיק וואָלט נ. ב. מינקאָוו דעם קאַפּיטל „פּראָ־לעטאַרישע קריטיק" געוויס ניט פאַרשוויגן — און סע מאַכט ניט אויס, וואָס אים אַליין, ווי אַ פּאָעט און ווי אַ קריטיקער, איז די דאָזיקע ליטע־ראַרישע מאָס פרעמד און דערווידער. ווי אַ היסטאָריקער פון ליטעראַטור איז ער — און מוז זיין — ווי ווייט מעגלעך אָביעקטיוו. אין זיין בוך „זעקס קריטיקער" וואַקלט ער זיך צווישן געשיכטע און קריטיק פון ליטעראַטור. די צווייטע העלפט פון זיין בוך איז נענטער צו אַ סעריע מאָנאָגראַפיעס וועגן יידישע קריטיקער, ווי צו אַן איבערבליק איבער דער היסטאָריע פון דער יידישער ליטעראַטור־קריטיק. ווען נישט, וואָלט ער אין זיין בוך געוויס אַריינגענומען מער, אַ סך מער, ווי זעקס פאַר־טרעטן אָדער כאַראַקטעריסטיקעס פון יידישע קריטיקער. אָבער אויך אין די „מאָנאָגראַפישע" קאַפּיטלעך באַגייט ער זיך נישט אינגאַנצן אָן עקסקורסיעס אין עדר געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור־קריטיק. אַזוי, צום ביישפּיל, שרייבט ער וועגן ענטינען, אַז ער איז „געקומען צו דער קריטיק ווי אַן אוטיליטאַריער. דאָס זיינען אַלע געווען אין יענער צייט". ז' 221).

אַ געוויסן מין און גראַד אוטיליטאַריזם געפינט מינקאָוו אין אַלע זעקס קריטיקער, וואָס ער כאַראַקטעריזירט. זיי אַלע האָבן, לויט זיין מיינונג, געזוכט אין דער יידישער ליטעראַטור אַזאַ אָדער אַן אַנדער מין ניצלעכקייט — פאַר דעם איינציקן לעזער, פאַר דער פאָלקס־מאַסע, פאַרן פאָלק, פאַר זיין קולטור. דער הויפּט־אונטערשייד זאָל ליגן אין

דער פאַרשיידענער אויסטייטשונג פון דעם וואָרט ניצלעכקייט, אין דער מאָס ,אין וועלכער זיי האָבן געזוכט אויך אַנדערע, נישט דווקא אוטילי־טאַריסטישע, ווערטן און אין דעם כאַראַקטער פון אָט די ווערטן. דער נוצן, וואָס צעדערבוים האָט געזען אין דער יידישער ליטעראַטור, האָט זיך כמעט אינגאַנצן געדעקט מיט דעם נוצן פון השכלה בכלל. פאַר י. י. לערנערן איז ליטעראַטור פאַר זיך אַליין, ווען זי איז אַ שטיק בילדונג, אַ פאָרם פון קאַמף פאַרן פאָלק און זיינע רעכט, און ממילא העכסט ניצלעך. די ניצלעכקייט פון דער יידישער ליטעראַטור פאַר י. ח. ראַווניצקין איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זי איז אַן אינסטרומענט און אַן אויסדרוק פון דער יידיש־נאַציאָנאַלער פאָלקס־אויפלעבונג. ענטין האָט פון אָנהייב אָן געפילט די העכערע, ריין־קולטורעלע און קינסטלע־רישע ניצלעכקייט פון שעפערישן וואָרט. ער „האָט זיך אינגאַנצן אָפּגע־געבן מיט אויסאיידעלן דעם געשמאַק פון יידישן אַרבעטער, פאַרענטפערן (צופרידנשטעלן ?) זיינע קולטור־באַדערפענישן און אַנטוויקלען זיין ליבע צו שיינקייט” ז׳ 172). אָבער נישט נאָר פאַר זיי — אויך פאַר בעל־מחשבותן דאַרף די ליטעראַטור און די ליטעראַטור־קריטיק, לויט מינ־קאָוון, זיין ניצלעך אין דעם זינען, וואָס „זי דאַרף דורכפירן אַ שליחות. וועקן (צעשטערן ? ) דעם גלייכגילט מצד דער געזעלשאַפט צו העכערע ווערטן” (ז׳ 254). מינקאָוו וייס ,אַז אין דער פּראַקטיק איז פאַר בעל מחשבותן, ווי פאַר ענטינען, ליטעראַטור אַ ציל פאַר זיך אַליין, אַ סו־ווערענע מלוכה מיט אייגענע געזעצן ; אָבער לויט דעם קריטיקערס טעאָרעטישע באַטראַכטונגען זאָל קריטיק דאַרפן „שפּילן אַ ריין קולטור־טרעגערישע ראָלע, אַ קולטור־געזעלשאַפטלעכע ראָלע א. אַז. וו.” (דאָרט). אין זעקסטן (און לעצטן) קאַפּיטל פאָרמולירט מינקאָוו אַליין דעם גרונט־מאָטיוו, אָדער איינעם פון די מאָטיוון, וואָס דאָמינירן אין זיין בוך ; ער שרייבט אַזוי : „ ...אַלע (אַלע פינף קריטיקער) זיינען זיי געווען אוטיליטאַריער אין פשוטן זינען אָדער אין באַקליידן אַ פריער צוגעטראַכטע אידייע... זיי האָבן זיך געגערט פון אוטיליטאַרישע כוונות — „ברענגען נוצן דעם פאָלק” ... „אויך אין (בעל מחשבותעס) נאַציאָ־נאַלער קריטיק זיינען געלעגן אוטיליטאַרישע יסודות און ווערטן” (ז׳ 296).

מינקאָוו נוצט דאָס וואָרט נוצן אַזוי ברייט, אַזוי עלאַסטיש, אַז עס קאָן אין זיך איינשליסן אַלץ, וואָס מען וויל. איז גוט, דעריבער, וואָס ער באַנוגנט זיך ניט מיט דעם אַלגעמיינעם אויסגאַנגס־פונקט, און אין יעדן קאַפּיטל דערציילט ער אונדז נישט בלויז וואָס דער אָדער יענער

קריטיקער האָט געטראַכט און געזאָגט וועגן זיין מיסיע, נאָר אויך וואָס און ווי ער האָט געטאָן, כדי זי אויסצופירן.

אין דער אויפגאַבע, וואָס נ. ב. מינקאָוו האָט זיך געשטעלט, און אין דעם אופן ווי ער פירט זי אויס, איז ער אי אַמביציעז אי זייער באַשיידן.

די באַשיידנקייט באַשטייט אין דעם, וואָס ער האַלט זיך אָפּ פון זאָגן בפירוש, וואָס אים געפעלט און וואָס נישט ביי דעם אָדער ביי יענעם פון די זעקס קריטיקער. אפילו דאָרט, וואו ער רירט אָן ניט ליטעראַטור־היסטאָרישע, נאָר ריין־ליטעראַרישע און ליטעראַריש־קריטישע ענינים, שרייבט ער, ווי אַ היסטאָריקער, ווי אַ פאָרשער, נישט ווי אַ קריטיקער, וואָס האָט זיינע אייגענע ווערטן, זיינע אייגענע סימפּאַטיעס און אַנטי־פּאַטיעס.

אויף צוויי פאַרשיידענע אופנים שרייבט מען געוויינטלעך אַזעלכע ביכער, ווי „זעקס יידישע קריטיקער". איין אופן איז אָפּצוקלייבן דעם מאַטעריאַל און די אָפּגעקליבענע דאָקומענטן, דאַטן, פאַקטן גרופּירן און באַלויכטן אַזוי, אַז זיי זאָלן וואָס בעסער אילוסטרירן און באַפעסטיקן פאַרשיידענע אַספּעקטן פון דעם פאַרפאַסערס טעזיס. אַ צווייטער אויפן איז — נישט צו אַקצענטירן קיין שום גרונט־געדאַנק און נישט אָפּקלייבן, נאָר אויפקלייבן אַלע מעגלעכע מאַטעריאַלן, ברענגען זיי אין אַ געוויסער אָרדענונג און מאַכן וואָס ווינציקער אויספירן. מיט אַנדערע ווערטער: נישט איילן זיך מיטן סך־הכל, אָבער גוט אַכטונג געבן אויף אַלע איינ־ציקע דאַטן פונעם חשבון.

דער צווייטער אופן איז נ.ב. מינקאָווס אופן שרייבן אין אָט דעם אינהאַלטסרייכן בוך — און דערפאַר דוכט זיך מיר, אַז בעת ער איז, פון איין זייט, זייער איינגעהאַלטן און באַשיידן, איז ער, פון דער צווייטער זייט, אַמביציעז, ווייל עס איז נישט קיין קלייניקייט אויפצוזאַמלען אין אַ שרייבערס סביבה, אין זיין צייט און צום טייל אויך אין זיין ביאָ־און פסיכאָגראַפיע אַלץ, וואָס לאָזט זיך געפינען, — און עס סיסטעמאַטיזירן און שאַפן דערפון עפּעס אַזוינס, וואָס איז גאַנץ און איינהייטלעך.

דאָס איז גאָרנישט קיין לייכטע אויפגאַבע — און עס איז קיין חידוש נישט, וואָס אין איין קאַפּיטל איז זי אויסגעפירט געוואָרן אין אַ גרע־סערער און אין אַן אַנדערן — אין אַ קלענערער מאָס. אין די ערשטע דריי קאַפּיטלעך, וואו דער מאַטעריאַל איז אַ באַגרענעצטער און נישט אַזאַ קאָמפּליצירטער, איז דאָ מער איינהייטלעכקייט און גאַנצקייט, ווי אין די כאַראַקטעריסטיקעס פון יואל ענטין און בעל מחשבות. מער ווי אַלץ איז צעברעקלט און אומקלאָר דער רעזולטאַט פון דער „פיל־מעטאָדן־

סיסטעם״, ווי מינקאָוו ווענדט זי אָן אין דעם בעל מחשבות־עסיי. עס זיינען פֿאַראַן דאָרט זייער פֿיינע איינציקע אָבסערווירונגען, דערהויפּט וועגן בעל מחשבותעס געמיט, אָבער דאָס אַלגעמיינע בילד פֿון זיין קריטישער שעפֿערישקייט, ווי אויך פֿון זיין מעטאָד, אָדער זיינע מעטאָדן, איז נישט גאַנץ און נישט קלאָר גענוג.

עס איז מיר שווער צו זאָגן עפּעס וועגן דעם לעצטן קאַפּיטל, ווייל איך בין נוגע בדבר. מיך אַרט נישט, אויב אַנדערע וועלן טראַכטן, אָדער זאָגן, אַז איך צאָל מיט אַ קאָמפּלימענט פֿאַר אַ קאָמפּלימענט: צו אַזוינע טראַכטענישן און זאָגענישן בין איך געוואוינט — און כמעט ווי אימון. מיר שטערט דאָס נישט זיכער זיין, אַז מיין איינדרוק איז אין דעם פֿאַל נישט קיין צו סוביעקטיווער. דאָך מוז איך זאָגן, אַז מיין איינדרוק פֿון דעם לעצטן קאַפּיטל אין בוך איז, אַז לויט זיין סטרוקטור איז ער מער פֿון איין גוס, מער גאַנץ און איינהייטלעך און דערפֿאַר אויך קלערער ווי אַלע אַנדערע קאַפּיטלעך. וועגן זיין קאָנקרעטן אינהאַלט וועל איך זיך בעסער אָפּהאַלטן צו שרייבן. כ׳וויל נאָר זאָגן, אַז אויב אין דעם יואל ענטין־עסיי איז דאָ מער סימפּאַטיע און וואַרעמקייט, ווי אין אַלע אַנדערע עסייען, איז אין דעם שלוס־קאַפּיטל פֿונעם בוך פֿאַראַן מער אויסגעהאַלטנקייט און אויך מער פֿיינע איינגעהאַלטנקייט, ווי אין אַלע אַנדערע קאַפּיטלעך.

צום סוף וויל איך אָנווייזן אויף עטלעכע פּרטים, וואָס איך בין ניט זיכער, אַז זיי זיינען אין פֿולן הסכם מיט די היסטאָרישע פֿאַקטן.

איך בין נישט זיכער, אַז שוין אין די 60ער יאָרן איז דאָס, וואָס די השכלה־באַוועגונג אין רוסלאַנד האָט געהאָפּט צו דערגרייכן, געווען „דער פֿעסטער בטחון סיי פֿון די משכּילים, סיי פֿון די ברייטע פֿאָלקס־שיכטן״ (ז״ז 13־14). מיר דוכט, אַז די ברייטע פֿאָלקס־שיכטן זיינען דאַן נאָך געווען ווייט פֿון די משכּילישע האָפֿענונגען — און אילוזיעס.

איך בין נישט זיכער אַז אין די 90ער יאָרן איז אין אַמעריקע „די גאַנצע (יידישע) אַרבעטער־ און ראַדיקאַלע־אינטעליגענץ געווען דורכגענומען מיט אוטיליטאַרישע באַגריפֿן וועגן קולטור״ (ז׳ 171). די באַגריפֿן זיינען אפֿשר געווען ביי זיי „אוטיליטאַריש״, אָבער דאָס געפֿיל הינטער זיי איז געווען, אַז קולטור, וויסן, בילדונג איז עפּעס אַ בת השמים, איז אַזאַ הויכער און געהויבענער ענין, אַז נאָר סאָציאַליזמוס, אַנאַרכיזמוס וכד׳ קענען זיך מיט אים פֿאַרגלייכן. זיי זיינען געווען סאָציאַליסטישע אָדער אַנאַרכיסטישע משכּילים, וואָס זוכן אין וויסן, פֿאָרשן און פֿאַר־שטייען עפּעס אַזוינס, וואָס איז מער ווי ניצלעכקייט, עפּעס אַזוינס, וואָס

איז דער וועג צו ליכט, צו אמת, צו יושר, — און צו וואָס נישט? מיט אַ בלאַט ווייטער זאָגט מינקאָוו אַליין וועגן יואל ענטינען, אַז אין אים איז געווען „אַ נטיה צו גייסטיקע אינטערעסן", אָבער מיר גלויבט זיך נישט, אַז ער איז געווען דער איינציקער ראַדיקאַל, וואָס האָט געהאַט אַט די אײדעלע נטיה. דער „מאַטעריאַליזם" איז אָפט געווען דאַן אַ מאַסקע פאַר דעם תמימותדיקסטן מין אידעאַליזם, און ראַציאָנאַליזם איז נישט זעלטן געווען אַ רעליגיע.

אויף ז׳ 182 שרייבט מינקאָוו וועגן ענטינען, אַז ער איז, מן הסתם, געווען צווישן די גאָר געציילטע און אפשר דער איינציקער סאָציאַליסט אין יענער צייט, וואָס איז געווען טיף־יידיש געשטימט. אָבער איז דען מאָזעס מינץ פון „ניו־יאָרקער פאָלקס־צייטונג", סוף 80ער יאָרן, נישט געווען „סאָציאַליסטיש און יידיש"? און — אין די 90ער יאָרן — אברהם ליעסין?

צו דעם ענין פון „פאַרשיידענע מעטאָדאָלאָגישע אָנווענדונגען" און דער „פיל־מעטאָדן־סיסטעם" בכלל וויל איך מאַכן די באַמערקונג, אַז אפילו דער קריטיקער, וואָס האָט אַ דאָגמאַטישע טעאָריע פון קריטיק פאַרגעסט אָן די אַלע טעאָריעס, ווען ער זעצט זיך שרייבן וועגן אַ בוך, ווי מינקאָוו אַליין זאָגט ערגעץ אין זיינע „זעקס יידישע קריטיקער". ער אַליין האָט זיך נישט געהאַלטן פאַר איין מעטאָד און נישט אָנגע־ווענדט אויף איין און דעם זעלביקן אופן איין מעטאָד אין אַלע זעקס קאַפּיטלעך פונעם בוך — און דאָס איז איינע פון זיינע גרויסע מעלות.

א. טאַבאַטשניק

# נ. ב. מינקאָוו — ליריקער און קריטיקער

ווען די זשורי, וואָס איז באַשטאַנען פון די קאָלעגן שריפטשטעלער ד״ר ש. ביקל, י. פריילעך און מיין ווייניקייט, האָבן באַשלאָסן צו געבן די היי־יאָריקע „לאַניע בימקאָ״־פּרעמיע דעם דיכטער און קריטיקער נחום ברוך מינקאָוון פאַר זיין גרינטלעך און וואָגיק בוך „זעקס יידישע קריטיקער״ — האָבן מיר, די מיטגלידער פון דער זשורי, אין זינען געהאַט ניט נאָר דאָס בוך אַליין, ווי וויכטיק עס זאָל ניט זיין און ווי הונדערט־פּראָצענטיק עס זאָל ניט האָבן פאַרדינט די פּרעמיע. מיר האָבן גענומען אין באַטראַכט די גאַנצע העכסט־פּרוכטבאַרע, העכסט־וויכטיקע און פאַרצווייגטע ליטעראַרישע און פּעדאַגאָגישע טעטיקייט פון דעם פּאָעט, קריטיקער און פאָרשער נ. ב. מינקאָוו. מיר האָבן באַזונדערס שטאַרק אין זינען געהאַט מינקאָוון דעם דיכטער.

איך דערמאָן זיך ביי דער געלעגנהייט אין אַ ליד פון דעם רוסיש־יידישן פּאָעט אָסיפּ מאַנדעלשטאַם. אין דעם ליד ווענדט זיך דער דיכטער צו די גריכישע קריגער, וואָס לאָזן זיך אַרויס אין זייערע שיפן צו די ברעגן פון דער לעגענדאַרישער שטאָט טראָי און זאָגט צו זיי: וואוהין שווימט איר, אַכייער מענער, צי וואָלט איך דען אָנגעגאַנגען טראָי, ווען ניט העלענאַ. און צי וואָלט מינקאָוו זיך געוווען אַרויסגעלאָזט שווימען אין „ים ה׳ליטעראַטור״ ווען ניט די שיינע העלענאַ, ווען ניט די פּאָעזיע? צי וואָלטן מיר היינט געהאַט מינקאָוון דעם קריטיקער, דעם ליטעראַטור־פּראָפעסאָר, דעם לעקטאָר און קולטור־טוער, ווען ניט מינקאָוו דער פּאָעט, מינקאָוו דער „אומפאַרשטענדלעכער״ אינזיכיסט?

איינע פון מינקאָווס הויפּט־מעלות ווי אַ קריטיקער, אַ מעלה, וואָס ער ווייזט אויך אַרויס אין זיין פּרעמירט בוך — „זעקס יידישע קריטיקער״ — איז דאָס קענען אויסגעפינען דאָס פּרימאַרע, די ערשטע סיבה, דעם יסוד פון וואַנען עס וואַקסט אַרויס די גאַנצע ליטעראַרישע טעטיקייט פון דעם שרייבער, וואָס ער באַהאַנדלט. ער זוכט און געפינט דעם גרונט־

---

„פרייע אַרבעטער שטימע״, ניו־יאָרק, יאַנואַר 13, 1956.

אינטערעס פון דעם שרייבער, דעם איטנערעס, וואָס באַשטימט דעם שרייבערס סטיל, איבערצייגונגען, סימפּאַטיעס און אַנטיפּאַטיעס.

אין זיין אַרבעט וועגן יואל ענטינען, למשל, גראָבט ער אויס ענטינס ערשטע פּאַרגעסענע בעלעטריסטישע זאַכן און ווייזט ווי פון דער ראָמאַנטישער נאָסטאַלגישקייט, מיט וועלכער די זאַכן האָבן זיך אויסגעצייכנט, איז אַרויסגעוואַקסן ענטין דער ראָמאַנטיקער־קריטיקער, דער אָנזאָגער, טעאָרעטיקער און באַגייסטערער פון די אַמעריקאַנער „יונגע".

און ווען מיר זאָלן נאָכגייענדיק מינקאָווסביישפּיל, וועלן פעסטשטעלן דאָס פּרימאַרע און יסודותדיקע אין אים אַליין, וועלן אויסגעפינען דעם גרונט־אינטערעס זיינעם, — וועלן מיר מוזן קומען צום אויספיר, אַז דאָס איז דער פּאָעט אין אים, דער אינטערעס זיינער אין פּאָעזיע, ווי אַ קונסט, וואָס דער פּאָעט דאַרף דערלערנען.

לויט אַ מינדלעכער מיטיילונג פון א. ליטוואַק, אין 1926, האָט זיך מינקאָוו אַמאָל, בימי „אין זיך", אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק, אַז עס איז מעגלעך צו דערגיין דעם סוד פון פּאָעטישן שאַפן. מינקאָוו האָט זיך פאַרטיפט אין ליטעראַטור, האָט געפאָרשט און געזוכט אירע סודות און יסודות ניט אַזוי ווייל ער איז אַ פאָרשער, ניט אַזוי צוליב היסטאָרישער און ליטעראַטור־קריטישער אַרבעט, נאָר צוליבן שטאַרקן און באַרייכערן דעם פּאָעט אין אים. מינקאָוו דער ערודיט איז אַ רעזולטאַט פון מינקאָווס זוכן וואָס מער אויסדרוק־קראַפט, וואָס מער נערונג פאַר דעם פּאָעט אין אים. עס איז פאַראַן זייער אַ סך פּסיכאָלאָגישע סיבות פאַרוואָס מינקאָוו איז דווקא געוואָרן אַזאַ קריטיקער, ווי ער איז, פאַר־וואָס ער גיט זיך גראָד אָפּ מיט זאַכן, וואָס עס האָט זיך גאָר קיינעם קיינמאָל ניט געחלומט, אַז אַ מאָדערנער פּאָעט ווי מינקאָוו וועט זיך מיט זיי אָפּגעבן. עס איז אויך אַ זאַך מער פון פּסיכאָלאָגיע ווי פון פאָרמע און מעטאָד, וואָס מינקאָוו שרייבט קריטיק אַזוי ווויסנשאַפטלעך, אַזוי אַקאַדעמיש.

דער הויפּט־שטרך אין מינקאָוון דעם פּאָעט איז דאָס וועלן אינ־טעלעקטואַליזירן עמאָציע, דאָס וועלן אויסדריקן האַרץ דורך שכל, דאָס וועלן געבן קאָנצעפּטועלע דעפיניציעס פאַר זיינע אַנונגען, זיינע אַפּאָקאַליפּטישע וויזיעס, וואָס קומען צו אים ווי אין אַ טראַנס, אָדער ווי אין אַ חלום. מינקאָוו וויל אָבער מיט דעם שכלדיקן, מיט דעם ראַציאָנאַלן און באַגריפלעכן ניט נאָר, אַזוי צו זאָגן, לאָגיש באַגרינדן דאָס איר־ראַציאָנעלע, נאָר ער וויל מיט די באַגריפלעכע ווערטער אויסבאַהאַלטן דעם איבערפלוס פון עמאָציע, פאַרשטעלן דאָס „האַרץ". פאַרוואָס אַ

פּאָעט זאָל וועלן אויסבאַהאַלטן זיין צערודערונג, זיינע סענטימענטן, איז אַ פראַגע, וואָס איך קאָן אין דעם איצט ניט אַריינגיין. אַ סך אָבער פון דעם וואָס מען האָט גערופן טונקלקייטן, אָדער אומפאַרשטענדלעכ־קייטן ביי מינקאָוון, איז, פון איין זייט דאָס וועלן ניט בלויז סוגעסטירן, נאָר אויך לאָגיש דעפינירן די מיסטישע אַנונגען, וואָס זיינען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר אים, און פון דער צווייטער זייט — אויסבאַהאַלטן דעם כליפּ, דאָס האַרץ, וואָס וויינט און בענקט.

און ווען מיר זאָלן זיך גוט אַריינטראַכטן אין מינקאָווס קריטיק, וועלן מיר אויך אין איר זען דאָס זעלבע, וואָס אין זיין פּאָעזיע. אויך מינקאָווס קריטיק איז דאָך אייגנטלעך האַרץ, וואָס וויל גילטן, ווי בלויז „קאָפּ". אויך זיין קריטיק איז דאָך ליריק, באַהאַלטענע ליריק, באַ־האַלטענער סענטימענט — פאַרליבטקייט אין יידיש, יידישע שעפּעריש־קייט, יידישער נצח. מינקאָווס קריטיק איז, אויב איר ווילט, אַן אויס־דרוק פון זיין שטאָלץ, פון זיינע אימאַזשינערע שמועסן, וואָס ער פירט מיט ניט־יידישע דיכטער און קריטיקער, מיט וועלכע ער האָט זיך קיינ־מאָל ניט באַגעגנט און מיט וועלכע ער וועט זיך אפשר קיינמאָל ניט באַגעגענען פּנים אל פּנים ,און פאַר וועמען ער וואָלט דעמאָנסטרירן, אַז אין אונדזער יידישער ליטעראַטור האָבן געווירקט די זעלביקע געזעצן, וואָס אין אַלע אַנדערע ליטעראַטורן, און זי איז ניט קיין אָביעקט פאַר אַפּאָלאָגעטיק, נאָר פאַר אַקאַדעמישער פאָרשונג און אָביעקטיווער אָפּ־שאַצונג.

אין דער אמתן איז מינקאָוו גאָרניט אַזוי מעטאָדאָלאָגיש־דיסציפּ־לינירט ווי ע ר איז פּאָעטיש־סענסיטיוו און עסטעטיש־ראַפינירט. אין דער אמתן וויל ער דאָך זינגען אַ לויב־געזאַנג דער יידישער ליטעראַטור. ער ראָיעט זיך אין שטויביקע אַרכיוון, כדי אַפילו דעם מינדסטן, פאַר־געסנסטן פון אירע שאַפער פאַר אונדז אָפּראַטעווען. ער זוכט דאָס קליינע כדי צו ווייזן ווי דאָס גרויסע איז מעגלעך געוואָרן. עס איז די זעלבע גרויסע פאַרליבטקייט אין דער יידישער ליטעראַטור, וואָס האָט באַזעלט די מערסטע יידישע פּאָעטן און שרייבער אין אַמעריקע. ניט מער אין מינקאָווס פאַל קומט די ליבשאַפט צו אונדז אַקאַדעמיש־פאַרשטעלט.

און אויך אין דעם בוך „זעקס יידישע קריטיקער" איז דאָס סוביעק־טיווע, דאָס פּאָעטיש־אינטואיטיווע, דער פּערזענלעכער סענטימענט, די באַגייסטערונג און באַוואונדערונג, אַקאַדעמיש פאַרשטעלט, מעטאָדאָ־לאָגיש־אָביעקטיוויזירט. עס איז אָבער בלויז פאַרשטעלט.

ווי אַקאַדעמיש דאָס בוך זאָל ניט זיין, וויפל דאָס בוך זאָל ניט וועלן

מאַכן דעם איינדרוק פון אַ טעקסט־בוך, דער רעזולטאַט פון טרוקענער פאָרשונג, קאָן מינקאָוו ניט אויסבאַהאַלטן דעם פּאָעט, דעם ליריקער, קאָן ניט אויסבאַהאַלטן די איינפלוסן פון זיין פעטער, פון דעם חב״ד, וועגן וועלכן ער האָט מיר דערציילט אין אַן אינטערוויו פאַר דער רעקאָר־דירטער אַנטאָלאָגיע „די שטים פון יידישן פּאָעט״.

אמת, ער היט זיך פון דעם, וואָס ער רופט אין דער עסיי וועגן בעל מחשבותן, — „פּאָעטעריי״ און „אומגעצוימטער אימפּרעסיאָניזם״. ער היט זיך אפילו פון דעם, וואָס ער רופט אין דער עסיי וועגן ניגערן „קאָנסערוואַטיווער אימפּרעסיאָניזם״. און כאָטש עס איז אמת, אַז ער דערגרייכט אין די אָפּהאַנדלונגען פון די זעקס קריטיקער צו דעם, וואָס ער רופט אין דער עסיי וועגן לערנערן „אָביעקטיווע קריטיק״, פילט מען דעם סוביעקטיוון מאָמענט. מען פילט אים אפילו אין דעם אופן ווי די ציטאַטן זיינען צוגעקליבן, וואָס דאָס מאַכט, אגב, אַז דאָס בוך „זעקס יידישע קריטיקער״ זאָל ניט נאָר האָבן אין זיך די עלעמענטן פון אַ געשיכטע פון דער יידישער קריטיק, נאָר אויך פון אַ קליינער קריטיק־אַנטאָלאָגיע, פון כרעסטאָמאַטיע־טעקסטן, וואָס זיינען גאָרניט אַזוי צוגענגלעך. מען פילט מינקאָוון דעם פּאָעט אין ריטם, אין אַ זייטיקער באַמערקונג, אין אַ פאַרגלייך, אין דעם ווי ער עוואַלואירט געוויסע דער־שיינונגען, אין דעם לירישן ציטיר מיט וועלכן ער שרייבט וועגן בעל מחשבותן, אין דער פּיעטעט מיט וועלכער ער שרייבט וועגן ראַבניצקין, אין דער טראָציקייט מיט וועלכער ער שרייבט וועגן ענטינען. אָבער דאָס אַלץ איז געטאָן מיט אַקאַדעמישער ווירדע, וואָס איז אַזוי טייער מינקאָוון. דאָס אַלץ איז געטאָן מיט אַ מין אַנגלאָ־סאַקסישער צוריק־געהאַלטנקייט, מיט יענעם קעגנווילן צו דעמאָנסטראַציעס — סטיליס־טישע, אָדער עמאָציאָנעלע, יענעם קעגנווילן, וואָס מינקאָוו האָט זיך אָפּגעלערנט פון דער ענגלישער אַקאַדעמישער וועלט. דאָס אַלץ ווערט געטאָן מיט יענער באַשיידנקייט, וואָס איז אַזוי נויטיק פאַר אַ קריטיקער, וואָס וויל זיין גיכער אַן „עקזיביטאָר״ ווי אַן עקזיביציאָניסט; וואָס וויל גיכער אַרויסשטעלן די מעלות פון דעם אָביעקט פון זיין אָפּהאַנדלונג, איידער זיך אַליין אויסשטעלן.

א. גלאַנץ־לעיעלעס

# דוד פינסקי און סאָציאַלע דיכטונג

(אַרום נ. ב. מינקאָװס נײַסטע פיר עסייען־ביכער)

**1.**

נחום ברוך מינקאָוו, דער אָריגינעלער, גרינטלעך לירישער פּאָעט, האָט אין זיין שאַפערישן גאַנג באַוויזן איינעם פון די זעלטנסטע „קונצן". אַליין איינער פון די סאַמע פּאַרטיפּט־סוביעקטיווסטע דיכטער פון אונדזער דור, איז ער געוואָרן נישט בלויז אַ מערקווירדיק אָביעקטיווער קריטיקער, נאָר אַ ליטעראַרישער פאָרשער פון אַ גרויסן פאַרנעם.

מענטשן, וואָס זאָלן שרייבן קריטיק ביי אונדז, פעלן נישט, ברוך השם. גאַנץ גוטע צווישן זיי — אויך. נאָר ליטעראַרישע פאָרשונג — דאָס איז שוין עפּעס אַנדערש. דערביי איז נ. ב. מינקאָוו נישט סתם אַ טעאָרעטיקער אָדער אַ היסטאָריקער פון ליטעראַטור, וואָס דערלאַנגט אונדז דאַטעס, ביאָ־ביבליאָגראַפישע אינפאָרמאַציע, רעסטאַווירט אָדער גלייכט אויס ליניעס, וכדומה. נ. ב. מינקאָוו איז שטענדיק שאַפעריש אין זיין צוגאַנג צו די שרייבער, וואָס זיין פעדער באַהאַנדלט.

ער באַלויכט טונקלקייטן. קלערט אויף קשיות. פאַרענטפערט סתירות. אין רעזולטאַט: ער „בויט אויף" ממש די שרייבערס, וואָס ער פּרעזענטירט פאַר אונדז. טאַקע דערפאַר געווינט דער לייענער אַזויפיל פון זיינע ליטעראַרישע עסייען. ער איז אָפט אי אַן אַנדעקער, אי אַן אַנטפּלעקער.

אין דעם יאָר 1956 זיינען אַרויס דריי בענד זיינע פון אַ מאָנומענטאַל ווערק — „פּיאָנערן פון יידישער פּאָעזיע אין אַמעריקע". דאָס אונטער־קעפּל לייענט זיך „דאָס סאָציאַלע ליד".

אויף פעליקע טויזנט זייטן שילדערט, אַנאַליזירט און סינטעזירט נ. ב. מינקאָוו די דיכטונג פון צוויי און צוואַנציק ליטעראַרישע פיגורן, וואָס האָבן דאָ אין אַמעריקע געבויט דאָס יידישע ליד אין פולן זינען פון

---

„אידישער קעמפער", ניו־יאָרק, מערץ 8, 1957.

וואָרט. טייל פון זיי זיינען באַקאַנט יעדן מער־ווייניקער באַוואוסטזיניקן יידיש־לייענער — מאָריס ווינטשעווסקי, דוד עדעלשטאַדט, יוסף באָווער־שאָווער. אָבער די מערסטע זיינען עס נישט. עס איז דעריבער נישט קיין גוזמא צו זאָגן, אַז בנוגע זיי האָט מינקאָוו געטאָן אַן אַקט פון אַ מין חסד של אמת. ער האָט זיי געראַטעוועט פון פאַרגעסנקייט. ער האָט געטאָן נאָך מער: ער האָט באַוויזן, אַז די רייכע יידישע פּאָעזיע פון אַמעריקע איז נישט אַראָפּגעפאַלן פון הימל, נייערט איז געוואַקסן נאַטירלעך פון סאָלידע אָנהייבן.

2.

איך וועל איבערלאָזן אויף שפּעטער די דריי בענד מינקאָווס וועגן אונדזערע דיכטערישע אָנהייבן, וועגן דעם סאָציאַלן ליד.

דאָס מאָל וועל איך זיך אָפּשטעלן אויף דעם בוך „ליטעראַרישע וועגן", וואָס איז אַרויס אין מעקסיקע, 1955, מיט דער הילף פון דעם צבי קעסעל פאָנד. דערצו באַוועגן מיך צוויי אורזאַכן.

ערשטנס, איז אין אָט דעם פריערדיקן בוך, וואָס הייסט „ליטעראַרישע וועגן", פאַראַן אַ סך פּאָר־מאַטעריאַל, אַזוי צו זאָגן פאַר דער אַרבעט וועגן אונדזער סאָציאַלער פּאָעזיע. אין די „ליטעראַרישע וועגן" גייען אַריין עסייען וועגן דוד פּינסקין, וואָס קאָן און דאַרף באַטראַכט ווערן נישט בלויז ווי איינער פון די ראשונים פון אונדזער יידישער נייער ליטעראַטור אויף אַ וועלט־מאָס. דוד פּינסקי איז אויך אַבסאָלוט אַ פּיאָנער פון דעם סאָציאַלן מאָטיוו, פון דעם, וואָס האָט שפּעטער באַקומען דעם אומליטעראַרישן נאָמען „פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור".

אפילו אין די עסייען וועגן יוסף ראָלניקן און ה. רויזענבלאַטן איז דאָ גענוג פון דעם דערמאָנטן פּאָר־מאַטעריאַל. מינקאָוו באַווייזט מחוץ יעדן צווייפל, אַז אויך די דאָזיקע צוויי פּאָעטן, וואָס זיינען שפּעטער געוווען אַלעמען באַקאַנט מעשה יחידישע ליריקערס (ספּעציעל ראָלניק) האָבן אָנגעהויבן, ווי די איצט פאַרגעסענע יצחק ריינגאָלד, נייטען לעמ־פּערט אָדער יצחק זיילין. אָנגעהויבן, מיט אַנדערע ווערטער, מיט סאָציאַלע לידער, מיט פּערזן וועגן אַרבעטער, שאַפּ און קאַמף פאַר אַ בעסערער געזעלשאַפט.

די צווייטע סיבה, פאַרוואָס דאָס בוך „ליטעראַרישע וועגן" דאַרף פאַרצייכנט ווערן, איז גאָר אַ פּשוטע. מיט דער אויסנאַם פון שמואל ראָזשאַנסקין אין אַרגענטינע — „אידישע צייטונג", בוענאָס איירעס — און גאָר לעצטנס פון שלמה ביקל אין „טאָג־מאָרגן זשורנאַל", איז מיר נישט באַקאַנט, אַז מען זאָל בכלל האָבן געשריבן וועגן אָט דעם בוך.

3.

וואָס נ. ב. מינקאָוו האָט צו זאָגן וועגן דוד פּינסקין אין די „ליטע־ראַרישע וועגן״ האָט אַ גרויסע באַדייטונג דערמיט, וואָס ער ברענגט אַרויס אַ נייעם צוגאַנג צו דעם דעקאַן פון אונדזער וועלט־ליטעראַטור. לאָמיר ציטירן:

„ער (פּינסקי) איז פּראָדוקטיוו און פּילזייטיק. דאָס איז געגאַנגען האַנט אין האַנט מיט נייקייטן, וואָס ער האָט דער ערשטער אַריינגעבראַכט אין דער יידישער ליטעראַטור. דאָס שטעלט אַוועק אָט דעם קלאַסיקער, איינעם פון אונדזערע ראשונים, אויף אַ גאָר באַזונדערן פּלאַץ אין דער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג פון אונדזער מאָדערנער ליטעראַטור. מהאי טעמא קאָן מען אים פאַררעכענען פאַר איינעם פון די פיר שטערן, פאַרן פערטן פון אונדזערע קלאַסיקער, נאָך מענדעלען, שלום עליכמען, פּרצן. מען קאָן אים אויך באַטראַכטן ווי דעם שאַפער פון אַ נייער קינסטלערי־שער מענטאַליטעט אין דער יידישער ליטעראַטור. מען קאָן אים אויך פאַררעכענען ווי אַ דור פאַר זיך אַליין. נאָך אים קומט דער דריי־שטערן: רייזען, אַש, נאָמבערג״.

און אויף אַן אַנדער אָרט:

„כראָנאָלאָגיש און קינסטלעריש געהערט פּינסקי צום דור, וואָס נאָך די ערשטע קלאַסיקער פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור — מענדעלע, שלום עליכם, פּרץ. מענדעלעס ערשט ווערק אין יידיש האָט זיך געדרוקט אין יאָר 1864; שלום עליכמס — אין 1883; פּרצעס — אין 1886; פּינסקיס — אין 1892.

„קינסטלעריש איז פּינסקי אונדזער פערטער קלאַסיקער. ער פאַר־קערפּערט מיט זיך אַ ווייטערדיקן עטאַפּ אין אונדזער מאָדערנער ליטע־ראַטור. ער איז דער פאָטער פון יידישן קינסטלערישן נאַטוראַליזם און פּראָלעטאַרישן מאָטיוו״.

צי מען איז יאָ מסכים מיט אָט דער פאָרמולירונג אָדער נישט, קאָן עס יעדנפאַלס נישט זיין קיין ספק, אַז מינקאָוו לייגט אַוועק אַ ריכטיקע הנחה און באַגרינדעט זי אויף גאַנץ איבערצייגנדיק.

דאָ מעג אויך דערמאָנט ווערן, אַז דוד פּינסקי איז בכלל נישט צו־גוט באַהאַנדלט געוואָרן אין אונדזער ליטעראַטור. עס האָט גענומען דער קריטיק אַ גאָר לאַנגע צייט ביז זי האָט אים צוגעטיילט דאָס אָרט, וואָס איז דורכאויס זיינס, וואָס האָט אים „געקומט״ לויט זיין ווערק, לויט זיין פּילזייטיקן אויפטו — אין דער בעלעטריסטיק, אין דער דראַמע, אין פאַרשיידענע אַנדערע זשאַנערס.

אין שייכות מיט נ. ב. מינקאָווס גרויס ווערק וועגן אונדזער סאָציאַ־לער דיכטונג אין אַמעריקע, קאָן נישט זיין דער מינדסטער צווייפל, אַז דוד פּינסקי איז אין אַט דעם פּרט געווען אַן אמתער פּאָרלויפער און בכלל — אַ פּיאָנער.

נ. ב. מינקאָוו ווייזט עס זייער קלאָר. ער שטעלט זיך אָפּ אויף דעם חילוק פון דער אַמעריקאַנער סביבה, וואו עס האָבן געשריבן זייערע סאָציאַלע פּראָטעסטן און וועקונגען מאָריס ראָזענפעלד, דוד עדעלשטאַט, מאָריס ווינטשעווסקי און אַנדערע, און דעם מיליע אין דער צאַרישער רוסלאַנד, וואו דוד פּינסקי איז אויפגעטראָטן מיט זיינע ערשטע דער־ציילונגען וועגן דער אַרבעטער־נויט און וועגן די אָנהויבן פון קלאַסן־קאַמף.

אין דעם פּרט איז דוד פּינסקיס אויפגאַבע געווען שווערער, ווי פון זיינע אַמעריקאַנישע מיטצייטלערס. דאָ, אין אַמעריקע זיינען די פאַרבן געווען זייער בולט, די קאָנטראַסטן — מעסערדיק שאַרף. דער שוויץ־שאַפּ, דער אָפּערייטאָר, וואָס ווערט אויסגעזויגן, און — דער גראָב־בייכיקער באָס, די דערדריקנדיקע מאַשין, דאָס אַרומיקע סיסטעם פון וואוילטאָג און עקספּלואַטאַציע.

אין רוסלאַנד, דאַקעגן, זיינען די קאָנטראַסטן אין דער יידיש־שטעטל־דיקער סביבה נישט געווען אַזוי אויבנאויף, אַזוי האַרב. די איבערגאַנגען — מער מטושטש. די אויפוואַכונג פון דעם בעל־מלאכה און זיין קאַמף קעגן דעם גביר און שטעטלדיקן תקיף — דאָס אַלץ האָט נישט פאַר־מאָגט די שאַרפע קאָנטורן, די רעליעפע שטריכן, וואָס אין אַמעריקע. דוד פּינסקיס קינסטלערישע אויפגאַבע איז דעריבער געווען מער קאָמ־פּליצירט, מער פאַרפּלאָנטערט. ער איז זי בייגעקומען, און דערמיט אַריינגעשריבן אַ באמת נייַ, גרויס קאַפּיטל אין דער יידישער ליטע־ראַטור און אין זיין אייגענער ביאָגראַפיע.

עס איז אומבאַדינגט נויטיק, עס איז כדאי פון אַ סך קוק־ווינקלען צו לייענען מינקאָווס עסייען וועגן דוד פּינסקין. מיר קריגן דורך זיינע אַנאַליזן אַ נייעם אַריינבליק אין אַט דעם פילזייטיקן אַזוי שפּעדיקן שאַפער. מינקאָוו האָט אַ זעלטענע פעאיקייט אויפצודעקן דאָס נישט־אויבנאויפיקע, אַ וואָרף טאָן אַ העלע שיין אויף עפּעס אַ זייטיקן דעטאַל און דערמיט אַרויסברענגען אין אַ גאָר נייעם ווערט די גאַנצקייט פון דעם ליטעראַרישן ווערק. בנוגע דוד פּינסקין איז ער נישט בלויז בבחינת אַנטפּלעקער. ער באַגייט אויך אַן אַקט פון ליטעראַרישער גלייכ־

שטעלונג און קינסטלערישן יושר. ווי געזאָגט: דוד פּינסקי איז היבש באַוווּהט געוואָרן מצד אונדזערע קריטיקערס.

5.

אַ דירעקטן אָנשלוס מיט די שאַפערס פון דעם סאָציאַלן ליד אין אַמעריקע פורעמען אין דעם באַנד „ליטעראַרישע וועגן" יוסף ראָלניק און ה. רויזענבלאַט.

נ. ב. מינקאָוו גראָבט אויס פון דער היבש־ווייטער פאַרגאַנגענהייט 25 לידער פון דעם טיפּישן איך־פּאָעט יוסף ראָלניק. ער אויך דערשיינט פאַר אונדז ווי אַ דיכטער פון שאַפּ־מאָטיוון, פרייהייט־רופן. אויך, הייסט עס, אַ סאָציאַלער דיכטער. אין תוך — עפּעס, וואָס ער האָט שפּעטער נישט געוואָלט זיין.

אָבער עס מאַכט גאָר נישט אויס, וואָס ראָלניק אַליין האָט אָט די לידער, אַלע געדרוקטע אין 1901 אין „פאָרווערטס", נישט געוואָלט „אָנערקענען". ער האָט זיי נישט אַריינגענומען צומאָל אין קיין איינער פון זיינע זאַמלונגען. דאָס בייט לחלוטין נישט דעם פאַקט, אַז דער אַרצי־סוביעקטיווער דיכטער האָט אויך אָנגעהויבן אַזוי, ווי כמעט אַלע פּיאָנערן פון דער אַמעריקאַניש־יידישער פּאָעזיע האָבן אָנגעהויבן.

און פאַרוואָס? אָט איז מינקאָווס דערקלערונג, וואָס פאַרמאָגט אי דעם אמת, אי אַן עכטן קריטיקערס פאַרטיפטן אַריינבליק:

„ביים סוף לעצטן און אָנהייב היינטיקן יאָרהונדערט זיינען שוין געגאַנגען האַנט אין האַנט דאָס סאָציאַלע און דאָס פּריוואַט־יחידישע ליד. אַזוי איז עס טעמאַטיש געווען מיט רויזנבלאַטס לידער. אַזוי איז עס אויך געווען מיט ראָלניקן. מיר זעען עס אין זיינע ערשטע, היינט שוין פאַרגעסענע לידער".

און נאָך זאָגט מינקאָוו:

„איז סוף לעצטן און אָנהייב היינטיקן יאָרהונדערט נישט געווען כמעט קיין איין אָנפאַנגער, וואָס זאָל קאָנען אויסמיידן די לופט און השפעה פון סאָציאַלן ליד. פאַר אָנפאַנגער־פּאָעטן איז דאָס נישט נאָר געווען אַן אומפאַרמיידלעכע השפעה, נאָר אויך אַ פּראַקטישער מוז. אַ סאָציאַל ליד האָט מען נאָך געקאָנט אָפּדרוקן אין די פאַריתומטע ענגע ווינקלען פון אַ צייטונג. אָבער וועגן ריינער ליריק האָט גאָרנישט גע־קאָנט זיין קיין רייד. און אויב אַ פּערזענלעכער טאָן האָט זיך ערגעצוואו געריסן צום ליכט פון טאָג, האָט עס געמוזט קומען אין לבוש פון אַ פאָלקס־ליד, אינעם גייסט פון פאָלקס־טאָן".

אַ באמת אויפקלערנדיקע פאַרצייכענונג. ווי אַנדערש קלינגט זי אין פאַרגלייך מיט געוויסע פון אויבן־אַראָפּיקע צוגאַנגען, וואָס מען האָט אַזוי אָפט געהערט, ווען עס איז געקומען צו באַטראַכטן די אָנהייב־פּעריאָדע פון אונדזער גאַנצער ליטעראַטור אין אַמעריקע! נישט קיין נאַז־דרייעניש, נישט קיין גייסטלאָזן כּיכיקענדיקן ביטול, נאָר אמתע רעוועלאַציע גיט אונדז נ. ב. מינקאָוו.

6.

די נאָר־וואָס געבראַכטע ציטאַטע איז פון דעם עסיי וועגן ה. רויזענ־בלאַטן. אויך רויזענבלאַט איז שפּעטער געוואָרן אַן אַנדער מין פּאָעט. אָבער אויך ער האָט געמוזט טראָגן, און ער האָט טאַקע צוגעטראָגן זיין „אומפּאַרמיידלעכן" צינז צו דעם „מוז" פון דער סאָציאַלער פּאָעזיע מיט איבער 50 יאָר צוריק.

וועגן ה. רויזענבלאַטן קאָן געזאָגט ווערן, אַז נ. ב. מינקאָוו האָט מיט זיינע אַרבעטן אים היבש באַפרייט פון יענעם באַרג פּאָראורטיילן און נישט צו הויך־מוטיקן ביטול, וואָס האָט לאַנגע יאָרן געהערשט אין די טאָן־געבנדיקע ליטעראַרישע ערטער. עס איז אַ פאַקט, אַז אַ סך עלטערע און מער „געזאַלבטע" קריטיקערס האָבן ערשט נאָך די עסייען פון מינקאָוון און זיינע קאָלעגן פונסניי אַנטדעקט רויזענבלאַטן און אים געגעבן די אָנערקענונג, וואָס זיי האָבן אים פריער געקאַרגט.

אין דעם „אויף ליטעראַרישע וועגן" זיינען אויך פאַראַן קאָמפּאַקטע, סיי אינפאָרמאַטיווע, סיי אָריגינעל־דורכגעטראַכטע אַרבעטן וועגן מענ־דעלען, פּרצן און אברהם גאָלדפאַדענען.

אויך דאָ לויכט אויף אונדז אַרויס מינקאָווס שיין־וואַרפער פון גע־דאַנק, פון דערזען דעם טיפערן תּוך אונטער בערג פלאַכע אָנגענומענ־קייטן; פון אַרויסברענגען דעם אמת וועגן דעם גאַנצן דורך אַ דעטאַל. איך מיין, אַז מינקאָוו איז אי גערעכט, אי דרייסט, ווען ער זאָגט אָט וואָס וועגן גאָלדפאַדענען:

„ער איז געווען „לייכט", קוועקזילבער־פינקלדיק און צו דעקאָ־ראַטיוו... אַ העכסט באַגאַבטער מענטש, האָט ער אָבער נישט פאַרמאָגט יענע טיפקייט, וואָס פון איר קומט אויף דער כּוח צו פאַרוואַנדלען דאָס לעבן אין אַ דורכזיכטיק געזעענער ווירקלעכקייט אָדער אין אַ דער־הויבענעם פיל־באַדייטנדיקן סימבאָל. פלאַכקייט איז געווען די כאַראַק־טעריסטיק פון אָט דעם פינקלדיקן טאַלאַנט.

„און דאָס טאַקע — פאַרענדיקט מינקאָוו זיין עסיי וועגן דעם

פאָטער פון דעם יידישן טעאַטער — מאַכט נישט קלערער די פּראָבלעם גאָלדפאַדען, נאָר פאַרפּלאָנטערט און פאַרטונקלט זי נאָך מערער".

ווער פּילט נישט דאָס אייגענע ביי יעדער באַנייטער גאָלדפאַדען־אויפפירונג, מעג זי אונדז מיטרייסן און לאָבען אונטערן לעפּעלע מיט אירע פליטערלעך, טעאַטראַלישקייט און כלומרשטער פאָלקלאָריסטיש־קייט ?

7.

נ. ב. מינקאָוו האָט אין זיינע „ליטעראַרישע וועגן" נאָך צוויי עסייען, וואָס דאַרפן דאָ דערמאָנט ווערן.

איין עסיי איז וועגן דעם יונג־פאַרשטאָרבענעם פּאָעט בערנאַרד לואיס, אַ מיטגליד פון דער גרופּע „אינזיך", וואָס מיט איר האָט סיי מינקאָוו, סיי אייער קנעכט אַ גאָר גרויסע פאַרבינדונג.

די אַרבעט וועגן בערנאַרד לואיסן איז אין אַ סך פּרטים אַ מוסטער־מייסטערישע.

דער דאָזיקער שטורמישער דיטכער גיט אַ וואונדערלעכע געלעגנ־הייט דעם פּאָעט און קריטיקער מינקאָוון אַרויסצואווייזן אַלע זיינע גלענצנדע מעלות פון אַריינדרינגען אין דעם סאַמע מהות פון אַ שאַפע־רישן מענטש, און דעשיפרירן דאָס, וואָס פאַר דעם דורכשניטלעכן אויג זעט אויס צו זיין פאַרנעפּלט, פאַרדעקט אונטער זיבן שלייערן, אויב נישט בכלל אומפאַרשטענדלעך.

איך בין איינער פון די, וואָס האָבן אין משך פון זיינע שאַפערישסטע יאָרן גוט געקענט בערנאַרד לואיסן. קאָן איך עדות זאָגן אויף צוויי זאַכן, וואָס מינקאָוו ברענגט אַרויס אין זיין אַרבעט:

אוונס — אַז בערנאַרד לואיס האָט אין זיך פאַרמאָגט אַלע פּאָטענצן צו ווערן אַ מאַסיווער כוח אין אונדזער מאָדערנער פּאָעזיע;

צוויי — אַז די סיבה, פאַרוואָס בערנאַרד לואיס האָט בעת זיין לעבן בלויז געפלעפּט מיט זיין עקסצענטרישקייט, עקזאָטישער קעגנערשאַפט צו דער סביבה אַרום אים, קומט פון טיפע קאָמפּלעקסן אין זיין, בערנאַרד לואיסעס, נשמה, קינדהייט און יוגנט. בערנאַרד לואיס האָט געהאַט אַ היבש וויכערדיקע און תהומיקע ביאָגראַפיע. זי נעמט אַריין רעוואָלו־ציאָנערע אַרבעט בעת דער ערשטער רוסלענדישער רעוואָלוציע, אַריינ־גערעכנט אַן אַטענטאַט און אַ סך אַנדערע כאַראַקטעריסטיקעס פון דעם קאַמף קעגן צאַריזם. זי נעמט אויך אַריין אַן איבערגעטריבענע צערט־לעכקייט צו אים — דעם איינציקן זון — מצד טאַטע־מאַמע.

אויסער חוזק און כאַ־כאַ־כאַ האָט בערנאַרד לואיס, אַ זייער סענ־

סיטיוועך און נישט ווינציק געבילדעטער, גאָרנישט באַגעגנט ביי דער קריטיק. דאַרפט איר טאַקע לייענען מינקאָווס פּראַכטפולן עסיי אויס־צוגעפינען אויף וויפל שרייענדיק־אומגערעכט אַזאַ באַציאונג איז געווען. דער צווייטער עסיי, וואָס באַשטייט פון דריי טיילן, איז וועגן — א. לעיעלעסן.

וועגן דער דאָזיקער אַרבעט קאָן איך זאָגן בלויז געציילטע ווערטער.

מיט וויפל באַוואוסטזיין אַ דיכטער זאָל נישט שרייבן — און דער דיכטער אונטער באַהאַנדלונג איז דאָך ספּעציעל באַקאַנט מיט זיין באַוואוסטזיניקייט — זיינען דאָ זאַכן, וואָס ווען זיי קומען אויפן פּאַפּיר, איבערראַשן זיי אָפט אים אַליין. עס פּאַסירט אפילו, אַז דער נעמלעכער דיכטער פרעגט זיך: ווען און ווי אַזוי האָב איך דאָס אָנגעשריבן? וגם: צי וואָלט איך ווידער געקאָנט אָנשרייבן אַזוינס, ווען איך זאָל וועלן? דאָס קאָן פּאַסירן אַ יאָר שפּעטער און נישט זעלטן בלויז איין מעת־לעת נאָכן אָנגעשריבענעם. איז דאָס אַן איבערצייגנדיקער אַרגומענט פאַר דעם איראַציאָנעלן עלעמענט אין יעדער שאַפונג, אין יעדער קונסט. דערפון דרינגט אויך די פראַגע:

וואָס אַזוינס — אין תוך — דערוואַרט יעדער שרייבער פון אַ קריטיקער?

אַז ער, דער קריטיקער, זאָל אים העלפן אַרויסברענגען דאָס, וואָס איז אים אַליין היבש אומקלאָר.

איך מיין, אַז דערין ליגט די הויפּט־פונקציע פון דער קריטיק: מיטגיין מיט דעם שרייבער, אַריינגיין אין זיין וועלט און דאָרט אַנטפּלעקן נישט בלויז די דירעקטע אָנזעעוודיקע באַוואוינערס און אַקסעסואַרן, נאָר אויך די גייסטער, די אַרומהויערנדיקע מלאכים אָדער אין די ווינק־לען פאַרשטעקטע פאַנטאָמען און שדים.

וועגן דעם, וואָס נ. ב. מינקאָוו האָט געשריבן וועגן מיר, פאַרגין איך מיר בפה מלא צו דערקלערן: ער האָט פאַר מיר אַליין, געזאָגט זאַכן, וואָס איך האָב וועגן זיי ווינציק געוואוסט, בלויז נעפּלדיק געאָנט. דאָס באַציט זיך נישט בלויז צו די גינציקייטן, נאָר אין דער זעלבער מאָס צו די אומגינציקייטן.

איך דאַרף נאָך מוסיף זיין, אַז זיינע „רעוועלאַציעס" וועגן מיר זיינען נישט זעלטן געווען עלעהיי אַ לאַמטער אויף אַ טונקעלער סטעזשקע אין וואַלד.

א. גלאַנץ־לעיעלעס

# די סאָציאַלע יידישע דיכטונג אין אַמעריקע

(וועגן נ. ב. מינקאָווס דריי בענד „פּיאָנערן פון דער יידישער פּאָעזיע אין אַמעריקע")

1.

אין דעם פריערדיקן אַרטיקל („דוד פּינסקי און די סאָציאַלע פּאָעזיע") האָב איך אָנגעוויזן אַז דער פּאָעט און קריטיקער נ. ב. מינקאָוו האָט אָפּגעטאָן אַ מאָנומענטאַלע אַרבעט אַרום דעם יחוס־בריוו פון דער וואנדערלעכער יידישער פּאָעזיע דאָ אין לאַנד מיט זיינע דריי טיילן „פּיאָנערן". ער האָט געטאָן עטלעכע זאַכן מיטאַמאָל. אַשטייגער:

ער האָט געוויזן, אַז די שפּעטערדיקע אַנטוויקלונג פון דער יידישער פּאָעזיע דאָ, מיט אירע פילזייטיקע דערגרייכונגען, מיט איר רייכקייט פון טענער, מיט איר ראַפינירטקייט פון פאָרמען, מיט אירע אוניווערסאַל־מענטשלעכע און יידיש־נאַציאָנאַלע מאָטיוון איז נישט געקומען, ווי עפּעס אַן אויסבראָך פון געהיימע כוחות, נאָר איז געווען אַ כשר, געזעצלעך קינד, וואָס האָט געהאַט טאַטעס און מאַמעס, זיידעס און פעטערס.

ער האָט אויפגעקלערט, אַז דער סאָציאַלער גרונט־כאַראַקטער פון די דאָזיקע פּיאָנערן איז געווען אַ מוז, וואָס איז אַרויפגעצוואונגען געוואָרן סיי דורך דער לעבנס־סביבה פון די פּאָעטן, סיי דורך זייערע אייגענע איבערלעבונגען — מעשה אימיגראַנטן און שאַפּ־אַרבעטער.

ער האָט רעהאַביליטירט אַ ריי איינצלנע פיגורן, ווי מאָריס ווינטשעווסקי, דוד עדעלשטאַט, און אַנדערע אין זייער פולן רעכט, ווי פּאָעטן און פּאָעטן פון אַ מער, ווי געוויינלעכן פאַרנעם.

ער האָט די גאַנצע גרופּע פון עטלעכע צוואַנציק ראשונים פון דער יידישער מוזע אַוועקגעשטעלט אין זייער היסטאָרישער ראַם און יעדן איינעם פון זיי געגעבן וואָס אים האָט געקומט. דעריבער טרעטן זיי פאַר אונדז אַרויס נישט ווי סתם טשיקאַווע פאַרשוינען, וואָס האָבן בלויז

„אידישער קעמפער", ניו־יאָרק, אַפּריל 5, 1957.

פער צופאַל זיך געגומען צו פערזן און גראַמען, נאָר ווי דיכטער לויט באַרוף.

נ. ב. מינקאָוו באַווייזט דאָס אַלץ מיט אַ סך באַלויכטנדיקן אַריינבליק. ער לאָזט אונדז וויסן, אַז אפילו די דייטשמערישע שפּראַך, וואָס האָט געהערשט אין אַ סך לידער פון אָט די פּיאָנערן, איז נישט געווען קיין צופאַל, ווי אויך נישט געקומען בלויז פון אַ קנאַפּן קענען אָדער זאָרגן זיך פאַר יידיש לשון. ער מיינט, אַז שרייבן „מאָנד" אָנשטאָט לבנה און „פרייהייט־פּאַראַדיז" אַנשטאָט גן־עדן פון פרייהייט איז געווען דיקטירט דורך עפּעס אַנדערש. וואָס? דורך דעם ווילן אַרויסצונעמען דעם אימיגראַנטישן, פאַרחושכטן „בלייכן אָפּערייטאָר" פון זיין בידנער, פאַרמוטשעטער עקזיסטענץ און אים אַריינפירן אין נייע, שענערע, עקזאָטישע וועלטן. די דאָזיקע וועלטן האָבן ווי געמאָנט אַן אַנדער לשון, אַ נישט טאָג־טעגלעכן. די אומגעוויינלעכע, דייטשמערישע ווערטער זיינען דאָ געקומען צו־הילף.

נ. ב. מינקאָוו לאָזט אונדז אויך זען דורך זיין אַנאַליז און סינטעז דעם המשך צווישן די פּיאָנערן און די שפּעטערע גרויסע דיכטערישע פיגורן, ראָזענפעלד, ליעסין, יהואש, ווי אויך די געזעצלעכע קאָנטינואיטעט צווישן די סאָציאַלע זינגערס און די שפּעטערע שאַפערס פון דעם יחידישן ליד, פון דער סוביעקטיווער ליריק פון די „יונגע", פון די אינזיכיסטן און פון אַלע אַנדערע פּאָעטן אונדזערע, וואָס פאַרנעמען היינט אַ געהויבן אָרט אין דער גאַנצער יידישער וועלט־ליטעראַטור.

2.

וויפל יאָרן זיינען פאַרגאַנגען ביז מען האָט ביי אונדז געגומען אָנערקענען די ריין־דיכטערישע ווערטפולקייט פון מאָריס ווינטשעווסקין אין קעגנזאַץ צו זיין סאָציאַל־קולטורעלן ווערט? די אָפיציעלע, נישט צו זאָגן רעגירנדיקע קריטיקערס זיינען שטענדיק פאַרבייגעגאַנגען ווינטשעווסקין מיט גרינגשעצונג, מיט אַ ביטול, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט חוזק.

דער פּאָעט מינקאָוו, וואָס האָט אַריינגעקוקט טיפער אין מאָריס ווינטשעווסקיס לידער; וואָס האָט געגומען אין באַטראַכט צייט, אָרט, סביבה, גייסטיקן און שפּראַכלעכן קלימאַט, האָט דעם קריטיקער מינקאָוו געלאָזט שאַרפעריש דערפילן, אַז אַזאַ באַציאונג איז אַן עוולה.

מינקאָוו זעט אין מאָריס ווינטשעווסקין אַ פּאָעט פון סאָלידן פאַרנעם; אַ שעפערישע פערזענלעכקייט, וואָס האָט סיי מיט זיינע מאָטיוון,

סיי מיט זיין פאָרם — און ווינטשעווסקי האָט פאַרמאָגט אַ שטאַרקן איינגעבוירענעם חוש פאַר ריטם און פערזן־קולטור — משפיע געווען אַ ריי אַנדערע פּאָעטן אונדזערע. ווינטשעווסקי האָט באַווירקט מאָריס ראָזענפעלדן, דוד עדעלשטאַטן, אברהם רייזענען און נאָך אַ סך אַנדערע — סיי דאָ אין אַמעריקע, סיי אין אייראָפּע.

מיט אַלע זיינע „פּובליציסטישע" ליידנשאַפטן, וואָס האָבן פון ווינטשעווסקין געמאַכט אַ קעמפנדיקן סאָציאַליסט, פּראָלעטאַרישן רעוואָלוציאָנער, גראַמענדיקן אַגיטאַטאָר — ווייזט נ.ב. מינקאָוו, ווי ס'ווייזן אויך אַנדערע דיכטער, וואָס האָבן זיך ערנסט פאַרנומען מיט ווינטשעווסקיס לידער, אַשטייגער ב. י. ביאַלאָסטאָצקי, וועמען מינקאָוו ציטירט אָפט — איז אָט דער סאָציאַליסטישער „זיידע" געווען דורך און דורך אַ ליריקער. אין מינקאָווס ווערטער:

„אָט דעם ליריקער איז געווען באַשערט צו זיין דער פּיאָנער פון סאָציאַליזם אין יידיש. ער איז געווען אַ וויכטיקער פּובליציסט, אַ פּאַמפלעטשרייבער, אַ פעליעטאַניסט, אַ דראַמאַטורג. אָבער פריער ווי אַלץ איז ער געווען אַ ליריקער. זיין פאָלקיזם און שפּעטער זיין סאָציאַליזם זיינען געווען דורך און דורך ליריש.

„ער איז בשעתו געווען אַ 'נייער' פּאָעט. ער האָט באַשאַפן דאָס יידישע פּראָלעטאַרישע ליד. דאָס מיינט — נייע טעמעס, נייע מאָטיוון און נייע פאָרמען. ער האָט געהאַט די שטאַרקסטע השפעה אויף דער גאַנצער סאָציאַלער פּראָזע אין אַמעריקע".

עס איז כדאי אויך אַריינצוטראַכטן זיך אין אָט די ווערטער מינקאָווס:

„ס'איז מערקווירדיק: אויף זיך האָט ווינטשעווסקי געקוקט אין 1911, אין עלטער פון 55 יאָר, ווי אויף אַ פאַרגעסענעם פּאָעט".

3.

נ.ב. מינקאָוו טוט אַן ענלעכע רעהאַביליטירונג־אַרבעט אויך אַרום דעם ווערק פון דוד עדעלשטאַטן, יוסף באָוושאָווערן און אַ ריי אַנדערע טרעגערס פון דער סאָציאַלער פּאָעזיע אין אַמעריקע.

דאָס אָרט דערלויבט מיר נישט אויף דעם זיך אָפּצושטעלן מער, איך קען בלויז זאָגן און ראָטן —

מען דאַרף לייענען די דריי בענד און איך האָב נישט קיין צווייפל, אַז פאַר דעם אויפמערקלעכן לעזער וועט אַנדעקט ווערן אַ „נייע אַמעריקע", אַ ניי־יידישע און ניי־דיכטערישע אַמעריקע. דאָס וועט אים

ווערן קלאָר שוין פון ערשטן באַנד, וואו ער באַהאַנדלט די גרעסערע פיגורן.

4.

איך פיל זיך געצוואונגען אַריבערצוגיין צו די אַנדערע בענד, אָפּ־שטעלן זיך אויף די ווינציקער באַקאַנטע פּאָעטן, וואָס נ. ב. מינקאָוו פאָרשט אויס און באַהאַנדלט אין זיין אַרבעט.

איך בין זיך מודה, אַז אין דעם ווערק ווערן אַרויסגעבראַכט פּאָעטן, וואָס איך האָב ווינציק געקענט פון דער נאָענט. מינקאָוו האָט זיי אויך פאַר מיר אין אַ גרויסער מאָס אַנטפּלעקט — אין זייער דיכטערישן מהות און ווערט.

געוויס, מיר איז פון די פאַרשיידענע היסטאָרישע עסייען און שטודיעס, וואָס עס האָבן אין פאַרשיידענע צייטן געשריבן משה שטאַרקמאַן, אליהו שולמאַן, יעקב שאַצקי, קלמן מאַרמאָר און אַנדערע, געווען באַקאַנט, אַז „אַן ערך הונדערט אָדער הונדערט און פופציק מענטשן האָבן געדרוקט פערזן״ — ווי עס דריקט זיך אויס נ. ב. מינקאָוו — אין יענע ערשטע יאָרן אין אַמעריקע. פון די זעלבע שרייבער האָב איך אויך געוווּסט אַז אפילו אב. קאַהאַן און מאָריס הילקוויט האָבן געשריבן אַלערליי יידישע פערזן, דער עיקר אויף אַרבעטער־טעמעס.

נאָר איך האָב, למשל, בלויז געהערט קלאַנגען וועגן דעם, אַז היימאַן סטרונסקי, אייגנטימער פון דער ליטעראַרישער קאַפע אויף סעקאָנד עוועניו, ביי דער 13טער גאַס, האָט אַמאָל געהאַט גאַנץ האַפטיקע אַמביציעס צו שרייבן לידער. איך בין אין יענער קאַפע געווען אַן אָפטער אַריינגייער אין די יאָרן פון און באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. איך האָב אפילו געפּרוּווט פאַרפירן אַ שמועס מיט סטרונסקין וועגן די נעמלעכע קלאַנגען. ער האָט מיט אַ מאַך מיט דער האַנט מבטל געווען די גאַנצע זאַך, און דערביי איז עס געבליבן.

איצט איז געקומען מינקאָוו און מיט מוסטערן, שוואַרץ אויף ווייס, דעמאָנסטרירט ער, אַז אין דעם נעמלעכן היימאַן סטרונסקי האָט טאַקע געשלאָגן אַ דיכטערישער אָדער. יאָ, אָט דער שוויגנדיקער, ליטווישער ייד, וואָס האָט אין זיין משפחה געהאַט אַ ריי ליטעראַרישע פערזענלעכקייטן אויף ענגליש, האָט אויך געהערט צו די פּיאָנערן פון אונדזער פּאָעזיע דאָ.

חיים אַלעקסאַנדראָוו (מיללער) איז זיכער נישט אינגאַנצן אומבאַקאַנט. איך וועגן אים האָבן געשריבן די אויבן־דערמאָנטע קאָלעגן און אַנדערע. נ. ב. מינקאָווס פאַרדינסט אין אויפעפענען די פולע דיכ־

טערישע לוחות פון זיין שאַפן, פון זיין דיכטערישער עכטקייט, פון זיין יידישיזם אַזוי פרי אין אַמעריקע, ווי אין די סאַמע ערשטע יאָרן פון דעם איצטיקן יאָרהונדערט, בלייבט אָבער אין פולער קראַפט.

אָן רעזערוואַציעס קאָן איך זאָגן נאָך מינקאָווס אַנאַליז און נאָך די מוסטערן, וואָס ער ברענגט, אַז חיים אַלעקסאַנדראָוו־מיללער איז נישט בלויז אַ לעגיטימער פאָרגייער פון אונדז אַלעמען אין דער יידישער פּאָעזיע, נאָר זייער אַ חשובער, פאַרדינסטפולער פאָרגייער.

5.

און וואָס זאָל מען זאָגן וועגן מאַטוויי ראָמען?

פון זלמן רייזענס לעקסיקאָן האָב איך געוואוסט, אַז עס איז געווען אַזאַ יידישער פּאָעט, אַז ער האָט געשטאַמט פון דער באַרימטער דרוקער־פאַמיליע „אלמנה און ברידער ראָם".

אָבער ערשט מינקאָוון דאַרף מען צו פאַרדאַנקען דעם פאַקט, וואָס מאַטוועי ראָם (געבוירן אין 1858) טרעט פאַר אונדז אַרויס, ווי איינער פון יענע פּאָעטן, וואָס שליסט זיך דירעקט אָן אין דער נייער עפּאָכע פון דעם רייכן, פיל־קאָליריקן אויפשטייג, וואָס זיינע קענטיקסטע דאַטן זיינען 1910 (די יוגנט), 1920 (די אינזיכיסטן) און די שפּעטערע צוואַנ־ציקער און דרייסיקער יאָרן.

מינקאָוו פאַרנעמט זיך אין זיין שטודיע פון מאַטוועי ראָמען מיט אַ פילזייטיקן אַנאַליז, אַריינגערעכנט אויך פּסיכאָאַנאַליז.

איך קאָן זיך נישט אָפּשטעלן אויף אַלע שטריכן פון דעם דאָזיקן אויספאָרש. איך מוז זיך באַגרענעצן בלויז מיט דעם סך־הכל, מיט מינקאָווס אויספיר וועגן אָט דעם מערקווירדיקן געבילדעטן, קולטורעלן מענטש און פּאָעט, וואָס האָט אויך געשריבן גאַנץ לייענעוודיקע רוסישע לידער. שרייבט מינקאָוו:

„מאַטוועי ראָם איז געווען דער בולטסטער פאָרלויפער פון די „יונגע" (אין זין פון אויפשטייג פון יחידישער ליריק). עס איז אמת, ער איז נישט געקומען דערצו אינגאַנצן, ווי אַ פּראָדוקט פון זיין תקופה, ווי אַ לאָגישער טראָט אין דער פּערזענלעכער אויסוויקלונג פון פּערזענ־לעכן מאָטיוו אין דער מענטאַליטעט פון סאָציאַלער פּאָעזיע. ער איז געקומען צו זיין פּערזענלעכן מאָטיוו פון ריין־פּערזענלעכע סיבות: אומגליק, רייכע און אומגליקלעכע דערציאונג, נע־ונד־לעבן, הייסער טעמפּעראַמענט און מרה־שחורה צוגאַנג צום לעבן, געפּאַלנקייט, אָן האָפענונג און אָן אויסגאַנג."

„אין דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער פּאָעזיע אין אַמעריקע פאַרנעמט ער אַ פּלאַץ, אַ באַשטימט אָרט, אַ רינג אין דער פיינער קייט, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין די 90ער יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָר־הונדערט".

6.

צו די ראשונים פון דער יידישער פּאָעזיע אין אַמעריקע רעכנט נ. ב. מינקאָוו צו אויך צוויי, וואָס זיינען נאָך דאָ מיט אונדז — ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר..

דאָס זיינען יעקב מאַרינאָוו און ש. ז. רובין.

פון די צוויי איז מאַרינאָוו, איצט 87 יאָר אַלט, גוט באַקאַנט. ער איז יאָרנלאַנג געוועזן דער רעדאַקטאָר פון דעם „גרויסן קונדס", דעם הומאָריסטישן וואָכנבלאַט, וואָס האָט בשעתו געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין אונדזער יידישער וועלט.

אָבער יעקב מאַרינאָווס אָרט אין דער אייגנטלעכער פּאָעזיע איז אויך געווען פון אַ באַשטימטן באַדייט.

אויך מאַרינאָוו האָט דורכגעמאַכט — ווייזט אונדז מינקאָוו — דעם אַלגעמיינעם וועג פון דער היגער יידישער דיכטונג.

ער האָט אָנגעהויבן מיט סאָציאַלע און קאַמף־לידער, שפּעטער געשריבן אויף יחידישע מאָטיוון און אין די לעצטע יאָר־צענדליקער האָט ביי אים אויפגעהילכט דאָס נאַציאָנאַלע געזאַנג, דער יידיש־לאַנדמאָטיוו, דאָס דירעקטע ציוניסטישע ליד.

יעקב מאַרינאָווס לאַנג־יאָריקע חברשאַפט מיט יהואָשן איז זיכער נישט געווען קיין צופאַל. שיין און רירנד איז אויך מאַרינאָווס באַציאונג צום גרויסן פריינט זיינעם — צווישן אַנדערש, זיין איינרעדן יהואָשן, אַז ער זאָל נעמען שרייבן ענגליש, און אַזויאַרום ווייזן די גוים, וואָס פאַר אַ דיכטערישע גדולים די יידישע איסט־סאַיד פאַרמאָגט.

נ. ב. מינקאָוו שילדערט דאָס אַלץ זייער באַחנט און פאַראייַנס באַוואָרנט ער יעקב מאַרינאָוון מיט זיין באַרעכטיקט אָרט אין דעם גאַנצן סכום פון דער יידישער פּאָעזיע דאָ אין לאַנד.

7.

ש. ז. רובינען קען מען ווינציקער אַלס פּאָעט. נאָר ער געהערט דורכאויס צו די לעגיטימע פּיאָנערן פון דער יידישער פּאָעזיע אין אַמעריקע.

אין די לעצטע יאָרן איז ער אויפסניי טעטיק געוואָרן אויף איסט־בראָדוועי. ער איז פאַרבונדן מיטן „טאָג־מאָרגן זשורנאַל", וואו ער טוט ניצלעכע זשורנאַליסטישע אַרבעט.

דערזעלבער וועג — לידער פון פּראָטעסט קעגן דער קאַפּיטאַליס־טישער עקספּלואַטאַציע; לידער פון רוף צו סאָציאַלער רעוואָלוציע; לידער דירעקט סאָציאַליסטישע.

אין די שפּעטערע יאָרן האָט ש. ז. רובין געשריבן ווינציקער פערזן מיט פּראָלעטאַרישן שטאָף, נאָר מער לידער פון אַ מין אַלגעמיינעם, אפילו פילאָזאָפישן נוסח.

ווי מאַרינאָוו, קייטלט ש. ז. רובין אונדז צענויף מיט די פאַר־גאַנגענע יאָרן, מיט אַ תקופה, וואָס האָט אין אַ גרויסער מאָס נישט געקאָנט זיין אַנדערש — דיכטעריש גערעדט — ווי זי איז געווען.

צו אַ גאָר בולטן רינג אין דער קייט פון נעכטן און היינט געהערן אפרים־לייב וואָלפסאָן און יוסף יאפע.

ביידע האָב איך נאָך פּערזענלעך גוט געקענט. עס וועט אפשר נישט זיין איבעריק צו דערמאָנען, אַז ביידע האָבן געהאַט אַ וואַרעמע באַצי־אונג סיי צו די יונגע, סיי צו די אינזיכיסטן, און בכלל צו די מאָדערנע גענג אין דער יידישער ליטעראַטור.

א. ל. וואָלפסאָן וואָס האָט געפּירט אַ רעגלמעסיקן קאָלום אין „פאָר־ווערטס", האָט אפילו אָנגעשריבן אַ ליד וועגן „אינזיך", אַ ליד מיט דורכאויס סימפּאַטישע סענטימענטן צו דער דעמאָלט ניי־אויפגעקו־מענער און נישט מיט צו־אָפענע אָרעמס אויפגענומענער ריכטונג אין אונדזער פּאָעזיע.

די אונטערשטע שורה:

מינקאָוו האָט רעסטאַווורירט דעם געזעצלעכן המשך פון דער ייד־ישער פּאָעזיע אין אַמעריקע. פּאַראיינס האָט ער די איינצלנעלנע דיכטער אַזוי באַלויכטן, אַז מיר זעען זיי נישט, ווי עפּעס צופעליקע סטאַטיסטן אויף דער בינע פון דער יידישער דיכטונג, נאָר מעשה אַקטיווע באַטיי־ליקטע, וואָס יעדער פון זיי האָט צוגעטראָגן אַ באַשטימטן שטריך צו דעם גאַנצן רייכן, גרויס־צוגיקן בילד.

צו די דריי בענד פון זיינע „פּיאָנערן פון יידישער פּאָעזיע אין אַמעריקע" וועט מען מוזן אָנקומען יעדעס מאָל, ווען מען וועט וועלן פאַרשטיין דעם וואונדער, וואָס הייסט אַמעריקאַניש־יידישע דיכטונג. דערביי וועט מען אים אויך אַ סך דאַנקען פאַר זיין ברענגען די

מוסטערן פון דער פּיאָנערישער פּאָעזיע. אונטער אײן דאַך, אַזוי צו זאָגן, וועט דער היסטאָריקער, דער פאָרשער און דער לייענער געפינען דעם זעלישן אויסדרוק פון די סענסיטיווע יידישע יחידים ביים אָנהייב פון דער יידישער מאַסן־אימיגראַציע אַהער. ער וועט אויך געפינען אַ קאָמפּעטענטע און מיט פיינעם מיטגעפיל אַדורכגענומענע באַלויכטונג פון אָט די פערזן, אָפט פּרימיטיווע, אָפט אומבאַהאָלפענע, אָבער פאָרט מערסטנס עכטע, פון דער טיפענישׁ קומענדיקע.

מינקאָווס וואַרעמע באַציאונג צו די צוויי און צוואַנציק דיכטערס אין זיין ווערק איז ספּעציעל ווערט צו פאַרצייכענען. אָפטמאָל גייט עס ביי אים אפילו איבער אין אַ צערטלעכקייט. כדאי! די, וואָס האָבן דאָ געשטריטן פאַר זייער וואָרט, וואָס האָבן אַזויפיל געליטן פאַר זייער ליד און אָפטמאָל אומגעקומען ביי זייער חלומען, פאַרדינען דורכאויס די גאַנצע סימפּאַטיע און פאַרשטענדעניש, וואָס מינקאָוו האָט זיי אַזוי ברייטהאַרציק צוגעטיילט.

8.

צום שלוס אַ וואָרט וועגן דעם ווערט פון זאַמלען דעם אוצר פון אונדזער ליטעראַרישן שאַפן דאָ.

אין ליכט פון מינקאָווס מאָנומענטאַלן אויפטו פאַרשטייען מיר בעסער מ. באַסינס מאַסיוון דערגרייך פון זיין אַנטאָלאָגיע „פינף הונדערט יאָר יידישע פּאָעזיע" און פאַרשיידענע ענלעכע זאַמלונגען, באַסינס און אַנדערע. מ. באַסינס אַרבעט, וואָס איז אַרויס נאָך מיט פערציק יאָר צוריק, נעמט אַריין נישט ווייניק פון אונדזערע דיכטערישע פּיאָנערן.

די יידישע ליטעראַטור אין אַמעריקע געהער צו די נסים פון דער נייסטער יידישער געשיכטע. זי גרינטלעך צו קענען און באַנעמען מיינט צו פאַרשטיין דאָס קאַפּיטל אַמעריקע — אַ קאַפּיטל, וואָס האָט געשפּילט אַזאַ גראַנדיעזע ראָלע אין דער עוואָלוציע פון אונדזערע סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע אידייען און באַוועגונגען. עס מיינט אויך אַריינצובליקן טיפער אין דעם רעטעניש פון אונדזער נאַציאָנאַלן קיום, אין דעם רע־טעניש פון אונדזער דור אינאיינעם מיט אונדזערע דירעקטע פאָרגייערס.

דאָס דאָזיקע רעטעניש איז געשפּונען פון אַ סך פעדים. איינער פון זיי — צוגלייך דער הערלעכסטער און פּאַטעטישסטער — איז דער יידיש־חלום, וואָס האָט זיך דווקא דאָ, אין דעם לאַנד פון מאַטעריעלן

סוקסעס און מוראדיקן אַסימילאַציע־דרוק צעליכטיקט אין אַ רעגנבויגן פון שאַפערישער שפע.

די דריי בענד פון נ. ב. מינקאָווס ווערק גיבן זייער שאַרף צו פילן דעם טעם פון אָט דער רעטעניש, דעם אַראָמאַט פון אָט דעם חלום. צי ער האָט עס געהאַט בכוונה אָדער נישט, אַלצאיינס: אין דעם ליגט אַ היפשער טייל פון זיין גרויסן אויפטו. ער האָט געטאָן אַ נאַציאָנאַל־היסטאָרישע און גלייכצייטיק קינסטלעריש־יושרדיקע טואונג. ער האָט געוואָרפן אַ העלע שיין אויף געוויסע פאַרשאָטנטע ווינקלען אין דעם רום פון אונדזער אייביק און אומעטומיק שאַפן.

אבא גאָרדין

# אַ פּיאָנערן־אַרבעט

(נ. ב. מינקאָוו, „פּיאָנערן פון יידישער פּאָעזיע אין אַמעריקע״, דאָס סאָציאַלע ליד. דריי בענד, ניו־יאָרק, 1956. 1 ב. ז״ז 333, 2 ב. ז״ז 326, 3 ב. ז״ז 326).

## א.

דאָס גרויסע ווערק האַלט קרוב צו טויזנט זייטלעך, פון דעם דיכטער און פאָרשער נ. ב. מינקאָוו, באַהאַנדלט מיט טיפער פאַרשטענדעניש און האַרציקער איינזעעניש צוויי און צוואַנציק דיכטערס. בלויז אייניקע פון זיי זיינען באַוואוסט און, אַפילו, באַרימט. דער ס׳רוב פון זיי גאָרניט באַקאַנט, ריכטיקער, מ׳האָט זיי אינגאַנצן פאַרגעסן.

נ. ב. מינקאָוו האָט מיט פאָרשערישער זאָרגפעלטיקייט זיי אויפגעוועקט פון פאַרגעסעניש־שלאָף און זיי אַוועקגעשטעלט פאַר אונדז וואַכע אין זייער גאַנצן שיעור קומה, מיט זייערע לירעס אין די הענט, און פון די באַרירטע סטרונעס טריפן קלאַנגען פון טרויער, פון אומעט, פון גלויבן און האָפענונג. אַנדערע פון זיי האָט ער ממש „מחיה המתים״ געווען, מיט גרויס מי אויסגעזוכט זייערע קברים, פאַרוואָרפענע ערגעץ אין מאָל־צעגעסענע, פאַרשימלטע זשורנאַלן און צייטשריפטן; די קברים אויפגעעפנט, און די „עצמות יבשות״, באַגראָבענע אונטער דיקע שיכטן פון שכחה־שטויב, צענויפגעקליבן, ווי יחזקאל הנביא אין זיין וויזיע, און אין זיי אַריינגעבלאָזן אַ פרישן לעבעדיקן פּאָעטישן אָטעם.

די געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור וועט אים פאַר זיין טואונג, זיין קאַמף קעגן פאַרגעסעניש, קיינמאָל ניט פאַרגעסן. ער האָט מיט זיין אַרבעט געטאָן אַווירקלעכן „חסד של אמת״.

אָט זיינען די נעמען אין דער ריי ווי דער מחבר האָט זיי אויסגעשטעלט, באַלייכט אין זייער אומגעבונג. און זיי אָפּגעשאַצט אין זייער גאַנצער כאַראַלער חשיבות. מיר אונטערשטרייכן דעם אַדיעקטיוו כאַראַלער. אייניקע פון זיי , וועו געגומען ביחידות, זעען אויס ווי איבער־

„פרייע אַרבעטער שטימע״, ניו־יאָרק, אויגוסט 23, סעפּטעמבער 6, סעפּטעמבער 20, 1957.

**געשאַצט, אָבער זיי געווינען זייער פולן ווערט אין אַנסאַמבל. ניט ווי סאָליסטן, נאָר ווי כאָריסטן אין דער פולער קאַפּעליע, פאַרדינען זיי וואָס ער גיט זיי.**

**מאָריס ווינטשעווסקי (1856־1932), דוד עדעלשטאַט (1866־1892), יוסף באָווזשאָווער (1872־1915), דוד גאָלדשטיין (1866־1931), יצחק ריינגאָלד (1873־1930), נחום מ. באַבאַד (1872־1903), היימאַן סטרונסקי (1871־1942), בנימין ראָזענבלום (1872־1902), י. ש. פרענאָוויץ (1871־1938), אברהם ראַדוצקי (1873־1928), ס. לאַפּוכאָוו־קאַרמען (1868־1943), יצחק זיילין (1873־1941), חיים אַלעקסאַנדראָוו (1869־ 1909), עוזר סמאָלענסקין (1863־1937), נייטן לעמפּערט (1875־1899), וויליאַם קייזער (1872־1940), אַננאַ ראַפּאַפּאָרט (1872 — ), מאַטוועי ראָם (1858 — ), אפרים־לייב וואָלפסאָן (1867־1846), יעקב מאַרינאָוו (1869 — ), ש. ז. רובין (1879 — ), יוסף יפה (1865־1938).**

**ב.**

**אָט־וואָס דער מחבר שרייבט:**

„דער דרך אין דער יידישער ליטעראַטור איז געווען אַ סאָציאַלער. מיר זעען עס אין די מוסר־ספרים און אין אַ סך מעשיות. די גאַנצע השכלה־ליטעראַטור איז אַ סאָציאַלע. אויך אין דער חסידישער מעשה געפינען מיר סאָציאַלע פעדים. „אפילו פראָסטע מענטשן קאָנען זיך אַרויסנעמען גרויס מוסר פון די מעשיות", אַזוי שרייבט ר' נתן אין זיין הקדמה צו ר' נחמן בראַסלאַווערס „ספורי מעשיות"...

דער סאָציאַלער מאָטיוו איז ניט געווען ניי. אָבער אין אַמעריקע — אַ ביסל פריער, אין ענגלאַנד — איז אויפגעקומען אַ סאָציאַלער נוסח, וואָס איז באמת געווען ניי. דאָס איז געווען דער פּראָלעטאַרישער נוסח. זיינע מאָטיוון זיינען געווען: וועקן, רופן, שילדערן דאָס אומגליקלעכע שקלאַפן־לעבן און דעם רעוואָלוציאָנערן טרוים" (**באַנד 1, זייט 8**).

**פאַרשטייט זיך אַז די יידישע ליטעראַטור, אין פּראָזע און אין דיכטונג, איז געווען אַן אָפּשפּיגל פון יידישן לעבן, שטרעבן, אויפפּיר. אין איר האָט זיך געפונען די ריכטיקע רעפלעקסיע, דער גענויער סילועט פון דער יידיש־געזעלשאַפטלעכער עקאָנאָמיש־פּאָליטישער סטרוקטור. דער יידישער ציבור זייענדיק אומעטום אַ מינדערהייט, האָט ניט געקענט קריגן זיך, האָט ניט געקענט פאַרמעסטן זיך מיטן שונא, פּרובירן זיך**

ווערן, ענטפערן אויף גזירות, אויף נגישות, אויף רשעות, מיט ווידער־שטאַנד, מיט אַן אָנגריף. דעריבער האָט זי, די ליטעראַטור, געפּרעדיקט און אידעאַליזירט געדולד, אויסדויער און עקשנות, ניט־נאָכגיביקייט פון אַ פּאַסיוון כאַראַקטער. זי האָט אַלעמאָל געעצהט צוואַרטן, איבער־וואַרטן ביז דער רשע, פיינט, וועט אַוועקפאַלן אין גערענגל מ׳ט זיין לעצטער שעה, וועט אָנטרעפן אויף אַן אַנדער רשע, וואָס וועט זיין שטאַרקער פון אים, און יענער וועט זיך געשיכטלעך אָפּרעכענען מיט אים אויך פאַר זיינע פאַרברעכנס, וואָס ער איז באַגאַנגען קעגן די יידן. די אָפּרעכענונג און ראַכע־נעמונג וועט פאַר זיי, פאַר די יידן, געטאָן ווערן פון אַנדערע, און זיי וועלן זיין די בענעפיציענטן פון דעם.

די יידן האָבן ניט באַזיגט די גריכן אָדער די רוימער, אַזוי אויך זייערע איבעריקע אַנטאַגאָניסטן אויף דער אַרענע פון דער געשיכטע, — די יידן האָבן זייערע שונאים, זייערע צוררים, אַריבערגעלעבט, אָדער זיי פּרובירט צו באַצווינגען מיט דעם כוח פון אַ מאָראַלישער לערע, וועלנדיק זיי באַקערן. ז

דער פּראָלעטאַריאַט איז אינגאַנצן אַן אַנדער וועזן און פאַרנעמט אַן אַנדער פּאָזיציע היסטאָריש. דער פּראָלעטאַריאַט גייט זיגן און ער איז טיף איינגעגלויבט אין דעם, אָדער איז געווען טיף איינגעגלויבט. ער האָט ניט צוגעלאָזט קיין ספק, אַז אָט־דער זיג וועט פאָרקומען באַלד, אין אונדזער צייט. דערפאַר איז ער דער אויפשטענדלער־פּראָלעטאַריער, געווען אַזוי אומגעדולדיק. ער האָט זיך ניט אָפּגעגעבן מיט באַקערן זיינע דם־שונאים, זיינע עקספּלואַטאַטאָרן, זיינע בלוט־זויגערס, זיינע קלאַסן־פיינט. ער באַקעמפט זיי אין אָפענעם דרייסטן אַרויסטריט. ער וויל און ער וועט זיי צעברעכן, צעדרוזגענען. דער פּראָלעטאַריער אין זיין ליד און אין זיין פּראָזע פּרעדיקט ניט לעפּלעך, מוסר־זאָגנדיק, — ער רופט צו אַ רעוואָלט, צו אַ קריג. ער שטעלט זיך ניט אָפּ אפילו פאַר אַ בירגער־קריג. דערפאַר איז זיין ליד קעמפעריש, קריגעריש, אַרויס־רופנדיק עזותדיק.

דאָס מיינט ניט אַז אַלע פּראָלעטאַרישע דיכטערס פון יענעם „שטורם און דראַנג״ פּעריאָד האָבן געשריבן פּראָקלאַמאַציעס אין גראַמען. חס ושלום. זייער פּאָעזיע האָט זיך פאַרמאָסטן אויסצוטרעטן אַן עמאָציאָנעלן שטעג אין מענטשלעכן האַרץ, אַ שטעג, אַ וועג, אַ שליאַך וואָס פירט פאָרויס און איז זיכער, אַז דער דעסטינאַציע־פּונקט איז נאָענט און מ׳וועט אים באַלד דערגרייכן.

די פּראָלעטאַרישע פּאָעזיע פון יענער צייט איז געווען אַ פאַרקער־

פערונג אין וואָרט, אין געזאַנג, פון געזונטע ממשותדיקע פּראָוויסזע־אונגען און פּראָוויסזאָגונגען. זי האָט געוויכט פון מיסטישע, נעפּלהאַפטע צעשוואומענע וויזיעס.

„דער נייער סאָציאַלער מאָטיוו, דער פּראָלעטאַרישער מאָטיוו, געבוירן אין אַמעריקע, איז, דעריבער, ניט געווען קיין צופאַל, מיט דעם דאָזיקן נייעם מאָטיוו איז געווען דורכגענומען אויך די קינסט־לערישע פּראָזע, די דראַמע, די קריטיק, די פּובליציסטיק. דאָס גאַנצע יידישע עמיגראַנטן־לעבן איז דעמאָלט געווען סאָציאַל, פּראָלעטאַריש־באַוואוסטזיניק. יעדער פּראָגרעסיוו־געשטימטער מענטש האָט געאָטעמט מיט דעם דאָזיקן געפיל־לעבן... פּאַר אַ פּאָעט, וואָס האָט געלעבט אין דער פּראָלעטאַרישער אַטמאָספערע, איז געווען אוממעגלעך ניט צו שרייבן אין דעם נייעם סאָציאַלן נוסח... דער גרעסטער רוב האָט באמת געהערט די אָנקומענדיקע טריט פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, טייל האָבן אפילו געגלויבט, אַז ס׳איז אַ פּראַגע פון עטלעכע יאָר, אָדער גאָר — פון חדשים... עס איז געווען אַ מוז פאַר יעדער „טראַכטנדיקער פּערזענלעכקייט״ זיך מוסר־נפש זיין פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, וואָס קלאַפּט שוין אין טיר״ (**דאָרט, ז״ז 9־10**).

**ג.**

**פּאָעזיע שטייט ניט אויסער צייט און אויסער רוים ,אַפּשיטא שוין אין איר סאָציאַל מאָטיוויסטיק.**

**נ. ב. מינקאָוו, כדי מ׳יר זאָלן בעסער פאַרשטיין און ריכטיקער אויפ־נעמען און אָפּשאַצן די פּראָלעטאַרישע דיכטערס פון יענער צייט, שטעלט ער זיי אַריין אין זייער פּאַסיקער היסטאָרישער ראַם. ער באַמיט זיך צו געבן זייער סביבה, זייערע לעבנס־אומשטענדן, מאַכן פאַר אונדז קלאָר זייערע געראַנגלענישן צוזאַמען מיט זייערע מיטקעמפּערס, מיטשטריי־טערס.**

„די וואונדערלעכע יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע — דאָס האָבן באַשאַפן די מזרח־אייראָפּעאישע יידישע מאַסן. די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג איז איצט אַ שם דבר. גרויס זיינען אירע ווערטן אין יידישן און אין אַלגעמיינעם לעבן. געפּירט אויף דעם דאָזיקן וועג האָבן עטלעכע כוחות: דאָס אימיגראַנטישע שקלאַפן־לעבן און די שוויץ־פאַבריקן, אויסערגעווינלעכע מאָראַליש רעוואָלוציאָנערע ענער־גיע און דער יידישער אינסטינקט פאַר יושר״ (**באַנד 1, ז״ז 281**).

„די גרויסע, וואונדערלעכע יידישע אַרבעטער־באַוועגונג האָט זייער אַ סך צוגעטראָגן צו דער אַלגעמיינער אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג. איר גרעסטער ביישטייער איז געווען: אידעאַליזם, עטישקייט, מיטגעפיל, קולטור־באַוואוסטזיין און פּאָליטישע רייפקייט. אָט־די וויכטיקע יסודות זיינען געווען די טרייבקראַפט הינטער אַלע דראַמאַטישע און טראַגישע פּראָצעסן" (דאָרט, ז' 12).

די ערשטע אָרגאַניזירערס פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אויף דער יידישער גאַס זיינען געווען, קודם־כל, „אידעאָלאָגן", מענטשן מיט וויזיע און מיט אידייען, מיט אַן אידעאַליסטיש קאָלירטער געזעלשאַפט־אויפפאַסונג. זיי זיינען געווען אַדעפּטן פון סאָציאַליסטישע אָדער אַנאַרכיסטישע אידעאָלאָגיעס. זיי זיינען געשטאַנען מיט ביידע פיס אויף דער אומקאָמפּראָמיסלעכער פּלאַטפאָרם פון פאַרניינונג פון דער עקסיסטירנדיקער אָרדענונג, זיי האָבן פאַרלייקנט דעם גרונט־יסוד פון קאַפּיטאַליזם, נעמלעך, די געצוואונגענע קאָלאַבאָראַציע פון די צוויי קלאַסן, וואָס לעבן ניט אינגאַנצן בשלום, און וועמעס אינטערעסן פאַלן ניט צוזאַמען אין אַלע זייערע פּונקטן. מיט אַנדערע ווערטער, די ערשטע טוער־שאַפערס פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג זיינען געווען מענטשן, וואָס האָבן אויפגענומען די טעאָריע פון קלאַסן־קאַמף אין איר עקסטרעמסטן אויסדרוק און אַנווענד.

די פירערס און וואָרט־זאָגערס פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, אין דעם ערשטן העראָאישן פּעריאָד פון איר אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג האָבן דערוואַרט אומגעדולדיק און געגלויבט אומגעטיילט אין דעם שנעלן אָנקום פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, וואָס האָט זיך געמאָלן אין זייער דמיון, ווי אַ מין משיח־קומען, אַ בשלימותדיקע דערלייזונג פון אַרבעטער־קלאַס און פון דער גאַנצער מענטשהייט פון אַלע צרות, שלאַקן און אומגערעכטיקייטן. דערפאַר האָבן זיי זיך פאַרנומען מיט קעגנווערטיקע אויסבעסערונגען פון אַרבעטער־מצב אומגערן, ווי איבערגעוואַלט, ווי אַ נאָכגעב דעם יצר־הרע פון די מאַסן. זיי אַליין זיינען געווען פאַרטאָן מיט זייערע אַלע חושים און כוחות אין אויספּלאַנירן די צוקונפט־געזעלשאַפט, וואָס האָט געדאַרפט זיין אַ פּערפעקטע געזעלשאַפט, אָן גראַדאַציעס, אָן קלאַסן־שפּאַלטונגען, אָן אַ העכער און אָן אַ נידעריקער, אַ געזעלשאַפט געבויט אינגאַנצן אויף איין פלאַך, וואָס וועט ניט דולדן קיינע דיפערענציאַציע־חסרונות.

זייער פאַרנעמען זיך מיטן אויסבעסער פון די באַדינגונגען פון אַרבעט איז געווען אַ צייטווייליקע זאַך און אַ קאָמפּראָמיס, אַ הנחה

געגעבן דער קורצזיכטיקייט פון דער אַרבעטערשאַפט, וואָס וויל ניט זען די נאָענטקייט און מעגלעכקייט פון איר פולער דערלייזונג, און קען אַריינגעצויגן ווערן אין דער באמת־הייליקער אַרבעט פון אַ ראַדיקאַלער רעקאָנסטרוקציע פון אַלע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס נאָר דורך רעפאָרמעס, דורך קליינע מעשים און נישטיקע טאָפּ־לינדזן־דער־גרייכונגען.

דער טאָפּ־לינדזן טאָר, אָבער, ניט פירן צו דעם פאַרלוסט פון דער בכורה, נייערט צו איר דעראָבערונג.

און דאָס וואָס די אידעאָלאָגן האָבן געפילט און געזאָגט אין האַרטער פּראָזע האָבן די דיטכער צעקלונגען און צעזונגען אין צאַרטע לירישע טענער, אין זייערע וועק־ און אויפרוף־לידער.

„דער פובליציסט, דער זשורנאַליסט, דער אַגיטאַטאָר — זיי האָבן געלערנט, דערצויגן דעם עולם... דער פּאָעט, אָבער, איז צוגעקומען צו זיין האַרץ. דער פּאָעט האָט אָנגערירט די עמאָציאָנעלע סטרונעס אין דעם מענטשן. קאָנטיק, אָט־דער אַקט איז געווען ממש אַ צינדן־דיקער" (דאָרט).

דער סאָציאַלער מאָטיוו ביי די דאָזיקע אָנצינדערס־דיטכער איז אייגנטלעך געווען אויך זייער יחידישער מאָטיוו. ביי זיי זיינען אָט־די צוויי ניגונים אַמאַלגאַמירט. מע קען זיי ניט פאַנאַנדערטיילן. זיי האָבן געשריען, און אפילו געוויינט מיט פּערסיפיצירטע טרערן ניט אויס אַלטרואיסטישן מיטלייד צו די פאַרשמאַכטע און באַדרענגטע. זיי האָבן געשריען, ווייל זיי גופא, זיי אַליין, האָט ווי געטאָן. זיי האָבן גערופן צו רעוואָלט, ווי איינער וואָס טרינקט זיך רופט, שרייט, געוואַלדעוועט: ראַטעוועט! זיי האָבן ניט געזונגען פאַר די אַרבעטער, גערופן זיי ווי זייטיקע מענטשן, וואָס אַליין שטייען זיי מחוץ פון אַרבעטער־לאַגער. זיי זיינען געווען צוגעקניפּט מיטן סאַמע נאָפּל צו דער אַרבעטער־קערפּערשאַפט.

„די אַלע דעמאָלטיקע יידישע דיכטער האָבן באַוויזן אי אַרבעטן אין די שוויץ־פאַבריקן אָפּט קרוב צו 90 שעה אַ וואָך, אי שטודירן, אי שרייבן. ווי אַזוי זיי האָבן עס געקענט טאָן איז אפשר אַ וואונדער. דאָס דערקלערט, אָבער, פאַרוואָס אַזויפיל זיינען יונגערהייט אַוועק פון דער וועלט" (דאָרט, ז' 286).

ווען זיי אַליין לעבן אין רחבות, און זיי סימפּאַטיזירן מיט דיליידנ־דיקע אַרבעטער און זיי זינגען אויס סימפּאַטיע, אויס הומאַניטאַריזם,

וועגן דער פינצטערער דאַליע פון פאַרשקלאַפטן אַרבעטער, וואָלטן זייערע לידער געקענט פאַררעכנט ווערן פאַר אויסשליסלעך סאָציאַלע. זיי זיינען דאָך אָבער אַליין פאַרשוואַרצט, פאַרחושכט און אויסגעריסן געוואָרן פון די רייען פון די לעבעדיקע דורך דער אכזריותדיקער האַנט פון דער פראָלעטאַרישער קרענק — „די דער". ביי זיי איז דאָס סאָציאַלע געוועזן דורכגעפילט שוין גאָר יחידיש פערזענלעך. זיי האָבן בלויז גע־רעדט בלשון רבים, אָבער געליטן און געפילט און איבערגעלעבט דאָס געזאָגטע און געזונגענע שוין גאָר בלוטיק, דם־התמציתדיק, זיי האָבן געשריבן זייערע לידער ניט סיבאַריטיש מיט טינט, נייערט מיט בלוט, אין בוכשטעבלעכן טייטש פון וואָרט. זיי האָבן געשפיגן מיט בלוט, אָפּגעגאַנגען מיט בלוט.

ווען עדעלשטאַט זינגט:

„אַ געוואַלדיקער שטורעם מיין זעל האָט דערציטערט,
און איך האָב געשוואוירן נקמה און טויט
צו אַלעם וואָס האָט אונדזער (מיין) לעבן פאַרביטערט,
געמאָרדעט, באַרויבט אונדזער פרייהייט און ברויט...
אין מיין האַרץ האָט געפלאַקערט אַ הייליקער פייער".
(„מיין לעצטע האָפענונג", דאָרט, ז' 90).

„דער קאַמף פאַר ברויט איז מיר מיין מוזע,
פאַבריק־גיהנום — מיין פאַרנאָס" (דאָרט, ז' 93).

דאָס איז ניט קיין פאָעטישע מליצה, דאָס איז רעאַליסטיש, רעאַ־ליסטיש ביז גאָר.

דעם שיקזאַל פון עדעלשטאַטן האָבן געטיילט די איבעריקע פאָעטן פון זיין צייט, די קעמפערס פאַר אַ שטיקל ברויט, וואָס זיי האָבן ניט געקראָגן און אויסגעגאַנגען פון הונגער און שווינדזוכט.

עדעלשטאַט איז ניט געווען דער איינציקער דיכטער־קעמפער וואָס איז געשטאָרבן פון דער פּראָלעטאַרישער קראַנקהייט.

נאָך און נאָך האָבן געהאַט די זעלביקע מערכה.

„עדעלשטאַט איז געווען צווישן די ערשטע קרבנות פון שווינד־זוכט" (דאָרט, ז' 101).

„...איז דער דאָזיקער וועג געווען אויסגעפּלאַסטערט מיט טויזנטער, טויזנטער קרבנות. דאָס האָט דער מלאך המות זיי פאַרזייט אין דעם נייעם באָדן, דורך דער שרעקלעכער פּראָלעטאַרישער קראַנקהייט —

שווינדזוכט ... אויך די יידישע ליטעראַטור האָט בשעתה געליטן גרויסע אבידות ... אירע פיינסטע פּאָעטן זיינען פרי אַוועק פון דער וועלט ... צווישן די דאָזיקע קרבנות איז געווען דער איידעלער פּאָעט נחום מ. באַבאַד. געשטאָרבן איז ער צו 31 יאָר" (דאָרט, ז' 281).

„די יונגע אויפגייענדיקע יידישע פּאָעטן, אויך זיי האָבן צוגעשטעלט זייער חלק קרבנות. עדעלשטאַט שטאַרבט צו זעקס און צוואַנציק יאָר. באָוושאָווער איז צו זעקס און צוואַנציק יאָר אין אַן אַנשטאַלט פאַר גייסטיק קראַנקע. בנימין ראָזענבלום שטאַרבט צו ניין און צוואַנציק יאָר. נחום באַבאַד שטאַרבט צו איין און דרייסיק יאָר ... יצחק ריינגאָלד שטאַרבט צו דריי און דרייסיק יאָר ... דער סאַמע יינגסטער קרבן איז געווען דער דיכטער נייטן לעמפּערט... זיין קראַנקהייט, די שווינדזוכט, האָט אים שטענדיק געמאַטערט. די לעצטע זעקס חדשים פון זיין יונג לעבן זיינען געווען טעג און נעכט — ממש גיהונום. די גאַלאָפּירנדיקע שווינדזוכט האָט אים באַפרייט פון זיינע גרויסע ליידן, דעם 5טן אַפּריל, 1889. געשטאָרבן איז ער אין עלטער פון דריי און צוואַנציק יאָר און פיר חדשים" (**דאָרט, באַנד 2 ז"ז 297־298**).

„געשווירן אין מאָגן — אַן אָפּרוף פון זיינע הונגער־יאָרן — האָבן אים פאַרשאַפט גרויסע יסורים ... דעם 2טן יוני, 1902, איז ראָזענבלום געשטאָרבן" (דאָרט, ז' 22).

„יצחק ריינגאָלד, אין די שוידערלעכע שוויץ־פאַבריקן אין יענער צייט האָט ער זיך אָפּגעשפּאָרט די פּראָלעטאַרישע קרענק ... — די שווינדזוכט. צען יאָר נאָכאַנאַנד ... האָט אים פאַרפאָלגט דאָס טויט־געשפּענסט" (דאָרט,ז' 227).

**זייערע לידער זיינען געווען ניט ווייניקער רעאַליסטיש און יחידיש־פּערזענלעך** סוביעקטיוו, **ווי זייערע ליידן און זייער פריצייטיקער טויט.**

„... פּאָעטן טאָרן זיך נישט אָפּגעבן מיט פּערזענלעכע איבער־לעבונגען" (**באַנד 2, ז' 112**).

**איז אַ פּערזענלעכע איבערלעבונג בלויז קוקן אויף דער לבנה, און אַרבעטן אין אַ שוויץ־פאַבריק איז ניט קיין פּעזענלעכע איבערלעבונג?**

„געאַרבעט האָט ער (יצחק ריינגאָלד) דאָרטן ווי אַן אָפּערייטאָר (שטעפּער) אין די שניידערשע שוויץ־פאַבריקן. לאַנג אָבער איז ער ניט פאַרבליבן אין מילוואָקי. אין עטלעכע חדשים אַרום, אין יאָר 1892, איז ער שוין אין שיקאַגאָ, וואו ער שקלאַפּט ווייטער אין די שוויץ־פאַבריקן" (באַנד 1, ז' 227).

**און אַז אָט־דער דיכטער זינגט וועגן זיין ביטערער „דאָליע״ איז עס דען ניט פּערזענלעך? סוביעקטיוו, יחידיש ביז גאָר.**

„מיד פון שווערן אַרבעטס־טאָג
פול מיט מאַטערניש און פּלאָג...
שוויס און טרערן — אָ, די נויט,
זיי מאַכן פייכט מיין טרוקן ברויט.

כ׳נעם דאָס ברויט אין מויל אַריין,
כ׳שטיק מיך מיטן ביסן מיין,
מענטשן! אָ, איך פיל אין ברויט
איז פאַרמישט דער טעם פון טויט. (**דאָרט, ז׳ 228**).

„אַלע פּאָעטן אין די 90ער יאָרן אין אַמעריקע זיינען דורכגעגאַנגען שבעה מדורי גיהנום אין דער שוויץ־פאַבריק״ (**באַנד 3, ז׳ 109**).

**און פון די טיפענישן פון גיהנום, פון שאול תחתיה שרייען זיי אַרויס זייערע יסורים. און אויב זייערע אויסגעשרייען, זייערע וויגעשרייען, זיינען ניט לויט די כללים פון האַרמאָניע, ניט געמאָסטן און געוואויגן אויפן פּערטל און אַכטל טאָן, וועט זיי קיינער דערפאַר ניט פאַרדאַמען. וועלכער געפייניקטער האָלט עס אַ קאַמערטאָן אין האַנט ווען די יסורים שרייען פון אים אַרויס?**

„צו שרייבן וועגן אייגענע איבערלעבונגען און דערפאַרונגען — און ניט וועגן טעמעס גענומען פון דרויסן — דאָס איז אייגנטלעך, געווען אַ וויכטיקער קינסטלערישער פּרינציפּ. מיט עטלעכע יאָר שפּעטער האָט דאָס געבראַכט צום לעבן די גרופּע „יוגנט״. נאָך דער גרופּע „יוגנט״ — די גרופּע „יונגע״ (דאָרט, ז׳ 305).

**אַ גיהנום איבערלעבונג און דערפאַרונג איז זיכער שטאַרקער ווי סתם אַ לעבלעכע, אַ פּאַרעווע איבערלעבונג.**

„מיר מיינען די יחידיש סוביעקטיווע פּאָעזיע, וואָס איז דורך די „יונגע״ געקומען צום אויסדרוק... די דאָזיקע אימפּרעסיאָניסטן, די „יונגע״, האָבן געהאַט פאָרגייערס, צוגרייטערס״ (דאָרט, ז׳ 135).

**די אַזוי גערופענע „סאָציאַלע דיכטערס״, וואָס זייערע סאָציאַלע טעמעס זיינען באמת געווען אינספּירירט און דיקטירט פון זייערע אייגענע גאָר טיפע דערשיטערנדיקע איבערלעבונגען, זיינען באמת**

געווען דורכאויס סוביעקטיוו, בלויז זייערע סוביעקטיווע אויסערונגען זיינען צוזאַמענגעפאַלן מיט טרויעריקע, צרהדיקע אָביעקטיווע אומ־שטענדן. זיי האָבן זייערע טעמעס שוין גאָרניט גענומען „פון דרויסן", ניט געבראַכט זיי פון דער פרעמד...

און דעריבער קלינגט אונדז גאָרניט מאָדנע דאָס וואָס דער מחבר זאָגט אונדז גלייך פון אָנהייב פון זיין דריי־בענדיק ווערק:

„ווי מאָדנע דאָס זאָל ניט קלינגען — אין דער סאָציאַלער ליריק און אין דער רעוואָלוציאָנערער ראָמאַנטיק קען מען דערהערן אַ מאָטיוו, וואָס האָט פאַרפלייצט די יידישע פּאָעזיע אין אַמעריקע מיטן אָנקומען פון די „יונגע" אין 1907. דאָס איז דער פערזענלעכער מאָטיוו. געגרייט האָבן דעם מאָטיוו טאַקע די סאָציאַלע פּאָעטן... דאָ האָט געווירקט דער קרבן־מאָטיוו, דער מאַרטירער־עלעמענט. ער איז געווען ווי אַ סימבאָל, אָבער ווי אַ סימבאָל פון אַן אויסדערוויילטן יחיד" (באַנד 1, זייט 11).

נ. ב. מינקאָוון קומט אַ ברידערלעכער יישר־כוח פון דער גאַנצער יידיש ראַדיקאַלער באַוועגונג. ער האָט אַרויסגעראַטעוועט פון שכחה ניט בלויז די פאַרגעסענע „טרובאַדורן", נאָר ער האָט אויך אָפּגעפרישט אין אונדזער זכרון די סביבה, אין וועלכער זיי האָבן געלעבט, געליטן, געזונגען — און געשטאָרבן. ער האָט פאַר אונדז אַרויפגעצויבערט די פינצטערע נאַכט, אין וועלכער זיי האָבן געסערענאַדעוועט פאַר זייער האַרצנס־קעניגין „פרייהייט־גלייכהייט" און אויך די פינקלדיקע שטערן, די אַלמענטשלעכע אידעאַלן, וואָס האָבן יענע נאַכט באַצירט מיט בריליאַנטן.

פּראָפ. עוזריאל נאַקס

# דער גייסט און דאָס געמיט פון אַן עפּאָכע

.1

נ. ב. מינקאָווס „פּיאָנערן פון יידישער פּאָעזיע אין אַמעריקע" איז אַ מערקווירדיק ווערק, פון גאָר אַ באַזונדערן מין אין אונדזער ליטעראַטור. דאָס ווערק געהערט צו עטלעכע „קאַטעגאָריעס", וואָס זיינען כולל אין זיך אַ היפּשע צאָל עלעמענטן — ביאָגראַפיע, געשיכטע, קריטיק. דאָס איז אַ געוואָגט ווערק, פון גרויסן פאַרנעם, אין דריי בענדער, וואָס פירט צונויף אונטער איין דאַך — אָדער הימל — צוויי און צוואַנציק פּאָעטן. דאָס זיינען פּאָעטן, וואָס האָבן אָנגעהויבן שרייבן פאַרן סוף נייַנצנטן יאָרהונדערט.

מינקאָווס ווערק צייכנט זיך אויס דערמיט, וואָס ס'איז געמאָלן אויף אַ ברייטער היסטאָרישער קאַנווע. אויף דער דאָזיקער קאַנווע איז דאָ סיי דער וואַלד ווי אַ גאַנצער, און סיי די ביימער אין זייער „אויטאָנאָמער" יחידישקייט. דער אמת איז, אַז מינקאָוו שילדערט פאַר אונדז די ביימער — איינעם נאָך דעם אַנדערן, צוויי און צוואַנציק אַזעלכע — און רעדט ניט וועגן דעם וואַלד סתם־אַזוי. אַדאַנק דעם וואָס ער שילדערט פּרטימדיק די איינצלנע ביימער — פון דעם וואָרצל אין דער ערד ביז די פּירות אויף די צווייגן — באַקומט זיך אַ בילד פון דעם וואַלד ווי אַ גאַנצער און עס קריסטאַליזירט זיך אַ דערקענ־טעניש פון זיין עצם און מהות. מינקאָווס דרך איז אַן „עקסיסטענציע־לער", אַ דירעקטער און קאָנקרעטער. עס געלינגט אים צו פאַרבינדן דאָס לעבן, די ליידן און פריידן מיט דעם ליד פון דעם דיכטער.

עס געלינגט מינקאָוון נאָך עפּעס: „רעסטאַווירירן" די סביבה, די אייגנטימלעכע וועלט, אין וועלכער די דיכטער האָבן געזונגען זייער ליד און דורכגעמאַכט זייערע ליידן און פריידן. דער פאַקט איז, אַז ס'איז ניט שייך אָפּצוטיילן די „פּיאָנערן" פון זייער תקופה, פון אָט יענער וואונדערלעכער עפּאָכע — סוף נייַנצנטן און ביי דער שוועל פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט — ווען די ערשטע מזרח־אייראָפּעאישע

---

„די צוקונפט", ניו־יאָרק, אָקטאָבער, 1957.

אימיגראַנטן־דורות האָבן געשטראַמט אַהער, קיין אַמעריקע. די תקופה, די סביבה, איז אין דעם פאַל ניט בלויז אַ ראַם פאַרן בילד. זיי זיינען אַזוי באַהעפט מיטן בילד, אַז ס'איז פשוט ניטאָ קיין מחיצה צווישן זיי, קיין גרענעץ־ליניע.

דעריבער קאָן מען באַהאַנדלען אַזאַ טעמע אויף צוויי אופנים, מען קען באַטאָנען די תקופה, די סביבה ווי דעם עיקר, ווי דעם „העלד" פון דער מעשה, און דערמאָנען די שרייבער פאַרבייגייענדיק, ווי אי־לוסטראַציעס אוןביישפּילן. געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען און אידייען פאַרנעמען דעמאָלט דעם אויבנאָן. דער ציל איז זיי צו דערקלערן און אַנאַליזירן. ס'איז אויך פאַראַן אַ צווייטער גאַנג. דאָס איז — דערקלערן און אָפּשאַצן די עפּאָכע, סיי אין אירע ברייטע קאָנטורן און סיי אין אירע אינערלעכע שטריכן דורך די פּאָרשטייער אירע. דערצו — אויף אַלערליי שטחים: — קונסט, ליטעראַטור, מחשבה, אידעאַליזם. דורך זיי דערהערט מען דירעקט און ניט פאַרמיטלט דעם דופק פון דער תקופה. מען דערשפּירט דעם „קלימאַט" און די „טאָפּאָגראַפיע" פון דער סביבה. מ'נעמט־אויף איר קלאַנג און אָפּ־קלאַנג. מ'רירט אָן ממש מיט די פינגער איר געמיט און איר שורש־נשמה. אויך דעמאָלט איז נייטיק צו דערקלערן און אַנאַליזירן. אָבער עס האָט גאָר אַן אַנדער טעם און ריח. די סביבה איז דאָ דעם מענטשנס. און דער מענטש איז דאָ ניט עלנט, ערגעץ־וואו אין אַ חלל אָדער אַ מדבר. דער מענטש איז דאָ אַרומגערינגלט מיט אַ לעבן, און ער איז דאָ אין שכנהשאַפט, ער לאַכט ניט און וויינט ניט אַליין, אין איינזאַמקייט.

ס'איז נאָך פאַראַן אַ נשקשהדיקע מחנה צווישן אונדז, וואָס יענע עפּאָכע איז ביי איר פריש אין זכרון. אַוודאי איז די עפּאָכע פאַראיי־ביקט געוואָרן פאַר אונדז אַלעמען אין דער אַמעריקאַנער־יידישער ליטעראַטור אין דער דיכטונג פון ווינטשעווסקי, עדלשטאַט, באָווש־ווער, ראָזנפעלד, אין די דערציילונגען פון ליבין, קאָבריך, און אַנדערע. ס'איז געווען די צייט פון סוועט־שאָפּ, פון שוויץ־פאַבריק, און פון פינצטערן טענעמענט־הויז, פון לאַנגע שעהן אין פאַבריק און קלעגלעכע שכירות, פון שווינדזוכט — די „פּראָלעטאַרישע קראַנקייט" — וואָס האָט געבושעוועט ווי עפּעס אַ ווילדער אַכזר און האָט פאַרשניטן אַזויפיל אַרבעטער, צווישן זיי אַ גוואַלדיקע צאָל פּאָעטן. ס'איז אויך געווען די צייט פון מסירת־נפשדיקן אידעאַליזם און פון סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן באַוואוסטזיין. מ'איז געווען גרייט אויף קרבנות, כדי צו בויען יוניאָנס, כדי צו שטאַרקן די ראַדיקאַלע באַוועגונג ווי אַן אינסטרומענט פון סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן באַוואוסטזיין. מיט קרבנות האָט מען געשאַפן

אַ פּרעסע און אַ ליטעראַטור. זיי האָבן געדינט דעם אַרבעטער־פֿאָלק און אים באַגייסטערט, געטרייסט און געוועקט צום קאַמף, צום ענד־גילטיקן נצחון, צום הייליקן זיג איבער רשעות און אומגערעכטיקייט. ס׳איז געווען אַ צייט פֿון משיח־חלום און משיח־אמונה. דאָס איז געווען דער אַלט־יידישער בטחון אין דעם באחרית הימים. אין אַלעמען האָט געלעבט די טיפֿע איבערצייגונג — מחמת אַ גרויסן רצון דערצו — אַז מיר זיינען ביי דער אתחלתא דגאולה, ביים טויער פֿון דעם באחרית־הימים. פֿאַרשטייט זיך, די „טערמינאָלאָגיע״ איז דעמאָלט געווען גאָר אַן אַנדערע — „קלאַסנלאָזע געזעלשאַפֿט״, „אינטערנאַציאָנאַלע אָרדענונג״, „אַ וועלט אָן עקספּלואַטאַציע״. אָבער דער תוך און תוכן איז געווען דער זעלביקער. אויך דער חזיון, וואָס האָט באַשטראַלט זייערע מעשים, איז געווען דער זעלביקער.

די „ליטעראַטור״ האָט דעמאָלט געדינט דעם אַרבעטער־פֿאָלק, איז אים געווען געטריי. זי איז געווען שפּעדיק מיט פּאַטאָס און פּאַטעטישקייט. מיט פּאַטאָס — אין איר נביאישן צאָרן, אין איר ברויזנדיקער מאָנונג און רוף צום קריג מיטן שונא. מיט פּאַטעטישקייט — אין איר רחמנות פֿאַרן אָרעמען און אונטערדריקטן, פֿאַרן קינד וואָס איז הונגעריק, פֿאַר דער מאַמען וואָס קען ניט לינדערן דעם קינדס פּיין.

אין דער פּאָעזיע פֿון אָט דער תקופֿה, אַ סך מער ווי אין דער פּראָזע, איז דאָ אָט דער פּאַטאָס און די פּאַטעטישקייט, אָט דער צאָרן און דער צער. דערמיט וואָס מינקאָוו האָט צונויפֿגעזאַמלט צוויי־און־צוואַנציק „פּיאָנערן״ פֿון דער יידישער פּאָעזיע אין אַמעריקע און האָט זיי אונדז געוויזן ווי פֿאַרשיידענע אַספּעקטן — דערמיט באַלייכט ער די עפּאָכע פֿאַר אונדז אין איר שורש־נשמה. ער דערנעענטערט זי צו אונדז אין דער פּערספּעקטיוו פֿון היסטאָרישן המשך.

.2

נ. ב. מינקאָוו האָט זיך דערוואָרבן אַ שם־טוב ווי אַ דיכטער און ווי אַ קריטיקער. ניט לאַנג צוריק איז דערשינען זיינס אַ וואָגיק און אינטערעסאַנט בוך — „זעקס יידישע קריטיקער״. ביי מינקאָוון איז דאָ אַ טאָלק און אַ סדר. ער איז ניט קיין „אימפּרעסיאָניסטישער״ שרייבער. ער וויל זיך ניט בלויז „אָראָפּרעדן פֿון האַרצן״, זיך באַפֿרייען פֿון שטימונגען און אַרויסזאָגן „מיינונגען״. ער וויל אַליין פֿאַרשטיין. ער וויל — דער לייענער זאָל פֿאַרשטיין. אין דעם בוך „זעקס קריטיקער״,

איז איינע פון זיינע כוונות געווען: אויסצוגעפינען דעם באַזונדערן און דערקענבאַרן מעטאָד פון יעדן קריטיקער און זען ווי אַזוי דער קריטיקער האָט זיך מיט אים באַנוצט. מינקאָוו איז איינער פון אונדזערע אָנערקענטסטע קריטיקער. אין דעם איצטיקן ווערק איז ער „אין דער היים" ווי אַ קריטיקער. ס'איז דעריבער פּאַסיק און פאַרשטענדלעך מען זאָל פרעגן: וואָס איז אַזוינס מינקאָווס מעטאָד און ווי אַזוי באַנוצט ער זיך מיט אים?

מינקאָוו איז אַן אָביעקטיווער קריטיקער, אַן אַקאַדעמישער קריטיקער. לאָמיר נאָך מוסיף זיין — ער איז אַ „וויסנשאַפטלעכער" קריטיקער. יע, אויב מיט אָט דעם איז מען ניט אויסן צו פאַרמשפּטן אַזאַ מין קריטיקער ווי איינעם וואָס באַשעפטיקט זיך מיטן אות און ניט מיטן אור פון אַ ווערק, וואָס פלאָנטערט זיך אין קלייניקייטן אַרום דעם ווערק, וואָס איז אַ בריה אויף פּאַלמעסן און צעשניידן אַ ליד אָדער מעשה אויף פּיץ־פּיצלעך כדי צו באַשטעטיקן אַ גראָשנדיקע השערה אָדער עפּעס אַ דעטאַל אין גראַמאַטיק, קאָנסטרוקציע, היסטאָרישע „אַלוזיע".

מינקאָוו איז אַן אָביעקטיווער קריטיקער דערמיט, וואָס ער פאַרלאָזט זיך ניט אויף קאַפּריזנע המצאות. ער איז אַן אָביעקטיווער קריטיקער דערמיט, וואָס ער איז ניט גרייט גלייך אַרויסצוגעבן זיין פּסק־דין, זיין „מיינונג" אויף דעם סמך וואָס דאָס ליד האָט יע אָדער ניט נושא־חן געווען ביי אים אין די אויגן.

אַגב, די נפקא־מינה צווישן דעם „סוביעקטיוון" (דעם „אימפּרעסיאָניסטישן") און דעם „אָביעקטיוון" קריטיקער באַשטייט אין אָט־וואָס: דער „סוביעקטיווער" קריטיקער האַלט אַז אויב דאָס ליד געפעלט אים, איז עס במילא גוט; דער „אָביעקטיווער" קריטיקער האַלט, אַז דאָס ליד געפעלט אים מחמת ס'איז גוט. נו, אויב דאָס ליד געפעלט מחמת ס'איז גוט און שיין, קען זיך דאָך דער קריטיקער ניט באַנוגענען מיט איינדרוקן, שטימונגען, מיינונגען. ער מוז זיך פאַרטיפן אין דעם ווערק, ער מוז זיך דערגרונטעווען צו זיינע אייגנאַרטיקע ווערטן. ער דאַרף אויך אַ הייב טאָן דעם פאָרהאַנג איבערן לעבן פון דעם שאַפער און זיך אָריענטירן אין זיין סביבה. ועל כולם — דער קריטיקער מוז האָבן אין זיין רשות אַן „עסטעטיק", אַ קונסט־פילאָסאָפיע, און אפשר טאַקע אויך אַ „מעטאַפיזיק", אַ וועלט־פילאָסאָפיע. אַוודאי איז דאָס אַ „מאַקסימום־פּראָגראַם". וויניק קריטיקער האָבן דערגרייכט און אַרויסגעוויזן אַזאַ שלימות. דער קריטיקער איז אָבער אַן אמתער קריטיקער אויף וויפל ער באַוועגט זיך אין אָט דער ריכטונג

אויף וויפל ער אַנטפּלעקט פאַר אונדז די אינעווייניקסטע איכות, וואָס איז דאָ אין אַ ווערק. געוויס, אין לעצטן סך־הכל איז די ענדגילטיקסטע ווירקונג פון אַ ווערק — אַ „סוביעקטיווע", לויט דעם „רעזאָנאַנס" ביי אונדז אין געמיט, לויט דער וואונדערלעך־פרייִדיקער איבערלעבונג ביים „געניסער". אָבער דאָס איז דאָך חל אויף אַלע דערפאַרונגען און דער־קענטעניש, אַפילו אויף אָרגאַנישע פּראָצעסן (עסן, למשל). ס'איז פאַראַן אַ פאָדעם וואָס ציט זיך פון דער וועלט מחוץ דעם מענטשן צו דער וועלט אין דעם מענטשן, און ס'איז דאָ צווישן זיי גאַנצקייט און קעגנזייטיקייט.

עס איז דעריבער ניט אויסגעשלאָסן, אַז דער „אָביעקטיווער" קריטיקער זאָל אויך זיין אַן „אימפּרעסיאָניסטישער" קריטיקער. אויפן באַרג־שפּיץ, אין קעניגרייך פון ריינעם גייסט, פאַרשווינדן סתירות. און דער עכטער קריטיקער איז אויך אַ קינסטלער. ער איז אַ קינסט־לער אין זיין איידעלער עמפּפינדלעכקייט פאַר עסטעטישע און מענטש־לעכע ווערטן, פאַר שיינקייט און אמת. ער איז אַ קינסטלער אין זיין געבענטשטער פעאיקייט העל צו מאַכן אַ ווערק מיטן כוח פון זיין וואָרט. אויך דעם קריטיקערס וואָרט מוז פאַרמאָגן ריטם און מעלאָ־דישקייט, אַפילו בילדלעכקייט און סימבאָלישקייט. ווי שאַרף און חריפותדיק דער קריטיקער זאָל ניט זיין, איז ער בלויז „אַקאַדעמי־קער" אָדער „וויסנשאַפּטלער", און בשום אופן ניט קריטיקער, סיידן ער איז האַר איבערן וואָרט, און איז ביכולת אָפּצואווישן דעם תהום וואָס איז דאָ אַזוי אָפט צווישן מחשבה און וואָרט.

וואָס־זשע איז מינקאָווס מעטאָד ווי אַ קריטיקער? ס'איז ניטאָ דערביי קיין סוד און קיין כלומרשטדיקער רמז אויף אויסטערלישע חידושים. מינקאָוו איז ניט קיין „עקלעקטיקער", איינער וואָס כאַפּט אויף ברעקלעך און שיריים — אַ ביסל ביאָגראַפיע, אַ ציטאַט, עפּעס וועגן דער סביבה, און צום סוף אַ „מיינונג". ער איז אָבער יע אַ „סינ־טעטיקער", איינער וואָס קוקט אַריין אין אַלע ווינקלען און באַזוכט יעדן שטאָק פון הויז כדי צו באַגרייפן געַנוי וואָס דער בנין איז אַליין פאַר זיך און פאַר דער לאַנדשאַפט אַרום אים. צוויי־און־צוואַנציק פּאָעטן זיינען דאָ ביי אים אין די דריי ביכער און זיין מעטאָד איז אַ פשוטער און אַ פרוכטבאַרער.

א) ראשית — אין יעדער אַרבעט איז דאָ אַ קורצע, קאָמפּאַקטע ביאָגראַפיע. אַזוי אַרום ווערן מיר געוואויר וועגן דעם פּאָעטס עלטערן, דערציאונג, יוגנט, וואַנדערונגען און ענויים. דערביי טאָר מען טאָקע ניט פאַרגעסן מיט וואָס פאַר אַ יסורים אָט די פּאָעטן, ווי דער דור

זייערער, האָבן זיך אָנגעזעטיקט — פיזישע און גייסטיקע — און ווי יונג אַ סך פון זיי זיינען געשטאָרבן, פון דער „פּראָלעטאַרישער קראַנ־קייט", ממש מיט אַ מאַרטירער־טויט. הגם די ביאָגראַפיעס זיינען ניט צופעליק און פלעכטן זיך אַריין אין דעם געוועב פון דער גאַנצער אַר־בעט, לייענען זיי זיך ווי זעלבשטענדיקע דערציילונגען מיט אָטעם־פאַרכאַפּנדיקן אינטערעס. עס וואַכט־אויף אין האַרצן אַ וואַרעם געפיל פון דרך־ארץ און מיטלייד.

ב) פון ביאָגראַפיע צו סביבה איז בלויז איין שפּאַן. סביבה פאַרן מענטשן איז אַזוי ווי ערד און לופט און זון פאַרן בוים. אָן זיי פאַר־וועלקט דער בוים. וואָס איז געווען יענע עפּאָכע? דאָס איז געווען די עפּאָכע פון די ערשטע דורות אין אַמעריקע מיט זייערע קאַמפן און נצחונות. און די סביבה? די סביבה — איז דער סוועט־שאָפּ און טע־נעמענט־הויז, די פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג און יוניאָן־געמיינשאַפט. אָט דאָס אַלץ וויל מינקאָוו פאַר אונדז „רעסטאַווּרירן". ער וויל אונדז באַווייזן פּאַרוואָס און ווי אַזוי דאָס ליד פון די „פּיאָנערן" איז געווען אַ סאָציאַל־ליד. דאָס ליד האָט דאָך געוועקט און געמונטערט. דאָס ליד איז געווען אַ געווער אויף צו העלפן באַפרייען דאָס אַרבעטער־פאָלק. אין אָטאָ דער סביבה איז מיט מסירת־נפשדיקן אידעאַליזם אויפגעקומען דער „פאָרווערטס", דער אַרבעטער־רינג, די „געווערק־שאַפטן", די „פרייע אַרבעטער־שטימע".

ג) מינקאָוו איז אַ בריה אויף דערקענען איינפלוסן — סיי אַלגע־מיינע השפּעות, סיי אַזעלכע וואָס זיינען שייך באַשטימטע מאָטיוון און טעמעס. בנוגע די אַלגעמיינע השפּעות — איז מינקאָוו אין אַ גליק־לעכער לאַגע ווי אַ קריטיקער און ליטעראַטור־היסטאָריקער מחמת זיין געניטשאַפט און זיינע ידיעות אין דער רוסישער און ענגליש־אַמעריקאַנער דיכטונג. בנוגע באַשטימטע טעמעס און מאָטיוון איז ער אַוודאי אַ מומחה, מחמת זיין באַהאַווּנטקייט אין דער יידישער דיכטונג. ווינטשעווסקי, באָווּשאָווער, עדעלשטאַט — דער איינפלוס פון ווינטשעווסקין אויף שפּעטערדיקע סאָציאַלע פּאָעטן און אַפילו אויף אַזאַ „דעמב" ווי ראָזענפעלד איז אומגעהייער. אַזוי אויך מיט עדעלשטאַטן און באָווּשאָווערן. ראָזענפעלדס „מיין ייִנגעלע" — סיי אין ריטם, סיי אין דער צאַרטער, ציטערדיקער שטימונג — איז ענלעך אויף ווינטשעווסקיס „קליין־עטעלע" (ביאַלאָסטאָצקי אין זיין עסיי „פיר זיינען זיי געווען" האָט דאָס אויך באַמערקט). עס וואָלט געווען אַן אומיושר אָנצורופן דאָס „פּלאַגיאַט", און מינקאָוו טוט עס ניט. ס'איז בלויז אַ סימן, אַז די פּאָעטן פון יענער תקופה האָבן געשעפּט פון

דעם זעלביקן ברונעם, אַז די טעמע — דער טאַטע וואָס האָרעוועט לאַנגע שעהן אין סוועט־שאָפּ און דאָס קינד וואָס איז ווי אַ יתום צוליב דעם — איז געווען ראַיעל אוןווירקלעך, אָט אַזוי ווי ברויט און ווינט אויפן פּנים און אַ טרער אין אויג...

ד) ביאָגראַפיע, איינפלוסן, סביבה — דאָס זיינען פאָרבאַדינגונגען, אפשר דער פונדאַמענט פון „אָביעקטיווער" קריטיק. אין דער קרי־טיק גופא איז מינקאָוו אַ מאדים אויף קלאַסיפיקאַציע. פאַראַן צוויי סאָרטן קלאַסיפיקאַציע — אַ מעכאַנישע, אַ דרויסנדיקע, און אַן „אַרכיטעקטאָנישע", אַן אינעווייניקסטע, אַזאַ וואָס וואַרפט פאַסן ליכט. דער צווייטער סאָרט קלאַסיפיקאַציע איז גורם אַ קונסט־פילאָסאָפיע, אויך אַ סענסיטיווקייט פאַר קונסט־ווערטן. אַ ליד איז אַ ליד — און אויב דאָס ליד איז מוזיקאַליש און בילדלעך און זינגט פאַר אונדז אַרויס אַ טיף־מענטשלעך געפיל און איבערלעבונג און רעיון, — איז עס אַ געבענטשט ליד און אַ זיסע פרייד. און דאָך איז קלאַסיפיקאַציע אַ געווינס און ווען עס איז אַ שליסל צום ליד.

ה) ליטעראַטור־קריטיק מוז סוף־כל־סוף זיין „עסטעטישע" קרי־טיק. דער קינסטלערישער חותם אויפן ווערק, אָט־דאָס וואָס טיילט אויס דאָס באַשטימטע ווערק — פון אַנדערע אויסדרוק־פאָרמען — איז אַ סכום „קוואַליטעטן", עסטעטישע קוואַליטעטן, ס'איז די עובדא פון דעם קריטיקער צו דערזען אָט די „קוואַליטעטן" אין דעם ליד און אַנטפּלעקן זיי פאַרן לייענער. אויף דעם איז נייטיק סיי „אינטו־איציע" און סיי וויסן, סיי קינסטלערישע עמפינדלעכקייט און סיי אַ קונסט־פילאָסאָפיע. ניט ביי אַלע צוויי־און־צוואַנציק דיכטער איז דאָ פּאָעזיע פון הויכער איכות, פון דויערנדיקער קינסטלערישער שיינקייט, הגם אַלע מסתמא האָבן מיטגעשפּילט אין דעם „אָרקעסטער" פון דער עפּאָכע ניט צוליב פאַרגעניגן־וועגן און ניט צוליב פּאָעזיע־לשם־פּאָעזיע, נאָר צוליב מאָראַלישער התחיבות ווי שותפים אין אַ גורלדיקן געראַנגל פאַר דער חשיבות פון אַרבעטער־פאָלק. מינקאָוו, ווי אַ לי־טעראַטור־היסטאָריקער דאַרף אַלע צוויי־און־צוואַנציק דיכטער ווי אורחים ביי זיין סעודה. אַזוי אַרום שמעוסט ער זיך מיט זיי דורך. און טונקלקייטן אין זייער סביבה פאַרשווינדן און די תקופה זייערע ווערט בולטער און העלער. פאַר מינקאָוון, ווי אַ ליטעראַטור־קריטיקער, ווי פאַר איינעם וואָס איז אַליין אַ דיכטער, — פאַר אים איז גראַם און קלאַנג און מעטאַפאָר, ממש אַ דערפאַרונג, פאַר אים איז געפיל און געדאַנק (וואָס ווילן אַ תיקון אין וואָרט) ממש אַן איבערלעבונג. יע, ווי אַ ליטעראַטור־קריטיקער איז ער אַ מבין אויפן עכטן ליד (ווי זעלטן

אַזוינע זאָלן ניט זיין), און ווען ער זאָגט אונדז, אַז אַ געוויס ליד איז שיין און רירנדיק, איז עס ניט בלויז אַ „מיינונג", ס'איז אַ רעזולטאַט פון עסטעטיש־קריטישער מעדיטאַציע און פון אוממיטלבאַרער קינסט־לערישער סענסיטיווקייט.

3.

צוויי־און־צוואַנציק אַרבעטן (מיט אַ הקדמה) זיינען דאָ אין די דריי בענדער. מען קען זיך דינגען מיט מינקאָוון צי אַלע פּאָעטן זיינען טאַקע באַרעכטיקט צו אַן אָרט אין זיין ווערק. אַלנפאַלס, אַזוי האָט ער געטאָן. און ס'איז ניט קיין עוולה. ס'איז בעסער מער ווי ווייניקער. די ברירה איז ביים לייענער אויסצוקלייבן און אויך אַליין זיין אַ קריטיקער. מינקאָוון דוכט זיך, אַז מיט דער אויסנאַם פון די תחינות האָט יידישע דיכטונג קיין מאָל ניט געווירקט עטיש אַזוי ווי עס האָט געווירקט דאָס סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע ליד פון אָט דער עפּאָכע. און דאָס איז נאָך אַ טעם פאַר זיין „מילדקייט".

ס'איז דאָ די סכנה, אַז מיר זאָלן איצט פאַררוקן אָט די אַלע לידער אונטערן רובריק סאָציאַלע דיכטונג, און מינימיזירן זייער שיינ־קייט. אין די דריי בענדער איז דאָ אַ קליינע אַנטאָלאָגיע פון אַזעלכע לידער. אָט זיינען עטלעכע: ווינטשעווסקיס „אין רעגן, אין ווינט, און אין קעלט"; עדעלשטאַטס קרעפּטיקע לידער, פול מיט פּאַטאָס און מיט דין־לירישן טרויער — „אָ, גוטער פריינט" און „אָ, מוזע, רוף מיך ניט"; באָוושאָווערס „צום אָנדענק פון דוד עדעלשטאַט", אַ ליד וואָס איז לויטער און מוזיקאַליש, וואו צער ווערט פאַרוואַנדלט אין מעלאָדיע און וואו דער ריטם פון דער שורה איז ווי אַ שוועבנדיקער ווײ־אויפרוף, ווי אויך זיין „דעם דיכטערס ווירקן און געבורט" און „רעוואָלוציאָן" — לידער וואָס זיינען נביאיש אין זייער טאָן און אין זייער אור־כוח און רייסן זיך צום סאַמע האַרץ פון דער וועלט. און אַזוי איז אויך זיין „אַ געזאַנג צום פאָלק" (וואָס אויף ענגליש הייסט עס „צו די האָרעפאַשניקעס"). צווישן שפּעטערדיקע לידער וואָלט געווען אַן עבירה אויסצולאָזן אַ צוויי־דריי פון יוסף יפהן און, דער עיקר, אַ וואונדערלעך ליד, מיט אַלע זיבן חנען און מיטן שטילסטן, אידלסטן און טיפסטן טרויער — אַן עלעגיע פון יעקב מאַרינאָוו, וואָס ער האָט געשריבן אין טאָג פון יהואָשעס לוויה („זינט איך האָב דיך פאַרלאָרן").

די אַרבעטן וועגן די „קלאַסיקער" פון דעם סאָציאַלן ליד — ווינ־טשעווסקי, עדעלשטאַט, באָוושאָווער — זיינען פּרעכטיק. די עסיי וועגן

באָווּשאָווער איז אפשר די קרוין־אַרבעט. פּאַראַן אַן עסיי אין צוויטן באַנד וועגן חיים אַלעקסאַנדראָוו. צוליב דעם אַליין איז דער באַנד אַ מתנה דעם אינטעליגענטן לייענער. ס׳איז וועגן אַלעקסאַנדראָוון ווייניק־וואָס פּאַראַן. צום באַדויערן, — זיינע שריפטן זיינען פאַרברענט געוואָרן און זיין מערכה איז געווען אַ טראַגישע. ער איז געווען אַ מענטש און שרייבער פון גאָטס גנאָד — פּאָעט, קריטיקער, פּובליציסט און עסייאיסט. און ער איז געווען אַ טאָפּלטער רעוואָלוציאָנער — קעגן דער „קאַפּיטאַליסטישער" אָרדענונג, אָבער אויך קעגן זיין אייגענער סביבה אויף וויפל ס׳איז געווען אין איר אַ ניצוץ שקר, אַ טענדענץ צו וואולגאַריקייט, אַ נטיה צום שוים פון דער אַמעריקאַנער פּסעוודאָ־קולטור, אַ פאַרפלאַכונג פון סאָציאַליסטישע און מאָראַליש־גייסטיקע ווערטן. ביי מינקאָוון וואַקסט ער אויס פאַר אונדזערע אויגן. ער איז ביי אים אַ געשטאַלט. ואחרון אחרון חביב — דאָס באַרימטע מאַי־ליד („וועמענס שטימע הער איך קלינגען? נייע לידער זאָל מען זינגען...") געהערט אים; זיינס איז אויך דאָס אומפאַרגעסלעכע מאַרטירער־ליד — „חברים אין קאַמף" („אָ ליבער, מיר האָבן געשלאָסן, אויף לעבן און טויט אַ פאַרבאַנד"...).

אין דעם ליד פון אַן אייגנאַרטיקער עפּאָכע — אַ ליד וואָס איז געווען עקזאַלטירט, נשמה־יתירהדיק, סאָציאַל — האָט פאַר מינקאָוון אויפגעשיינט דאָס התרוממות הנפש, דאָס פּרצוף־פּנים אירער. אין די דריי בענדער — „פּיאָנערן פון יידישער פּאָעזיע אין אַמעריקע" — איז דאָ אַ פּאָרטרעט פאַר די דורות פון אָט דעם פּרצוף־פּנים און אַ פונק פון אָט דעם התרוממות הנפש. ס׳איז דאָ אין דריי בענדער אָן אַ שיעור אָנגעזאַמלטע מי (פון וואָסערע צוואַנציק יאָר „פּראַצע" און פאָרשונג), אַ שלל ליבשאַפט, און מער ווי אַ פונק פון דעם מחברס אייגענער נשמה. פאַר דער יידישער ליטעראַטור־קריטיק, פאַר דער געשיכטע פון דעם יידישן גייסט, דערלייזונג־חלום, און אידעאַליזם זיינען די דריי ביכער אַן אוצר מיט עשירות.

סאַלאַמאָן קאַהאַן

# אַקאַדעמישקייט פּליוס נשמה־יתירהדיקייט

אַ סך־הכל פון נ. ב. מינקאָווס אַקאַדעמיש־לעקטאָרישער טעטיקייט אין מעקסיקע

(דער שרייבער פון אָט די שורות האָט בייגעוואוינט, ווי אַ פרייער צוהערער, דעם גאַנצן צוויי חדשמדיקן קורס פון יידישער ליטעראַטור, וואָס נ. ב. מינקאָוו האָט געגעבן, ווי דער ערשטער גאַסט־פּראָפעסאָר פון דעם ניי־געגרינדעטן הומאַניסטישן פאַקולטעט ביי דער יידישער שול, און ער האָט זיך אויך געפונען צווישן פובליקום אויף די דריי עפנטלעכע רעפעראַטן, וואָס די יידישע שול האָט פאַר אים איינגעאָרדנט, און אין וועלכע ער האָט באַהאַנדלט די טעמעס: „גליקל פאָן האַמעלן", „סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע יידישע פּיאָנערן־פּאָעטן אין אַמעריקע" און „דוד פּינסקי, זיין לעבן און שאַפן").

אויב גלייך נאָך נ. ב. מינקאָווס ערשטער לעקציע פאַר די סטודענטן פון דעם הומאַניסטישן פאַקולטעט, אויף וועלכער ער האָט געגעבן אַן איינלייטונג צום קורס, האָט מען געקענט האָבן די בעסטע האָפענונגען וועגן דעם דערפאָלג פון אָט דעם ציקל לעקציעס קען מען שוין איצט, ווען מיר האַלטן ביים סיום, מיט טיפער צופרידנקייט, פעסטשטעלן, אַז זיין אַקאַדעמיש־לעקטאָרישע טעטיקייט דאָהי האָט איבערגעשטיגן אַלע דערוואַרטונגען.

ווי אַ באַאָבאַכטער פון אַלע פאַזן פון פּראָפעסאָר מינקאָווס אָפּגע־טאָענער אַרבעט אין מעקסיקע, סיי ווי אַן אַקאַדעמישער לעקטאָר, סיי ווי אַ פּרעלעגענט פאַרן ברייטערן פובליקום, וויל איך איצט מאַכן אַ סך־הכל פון זיינע דערגרייכונגען.

זיי זיינען פון אַ צווייפאַכן כאַראַקטער: די בולטע, קאָנקרעטע דער־גרייכונגען, און די, וואָס געהערן צום געביט פון שאַפן שטימונג און אַטמאָספערע.

מיר איז שוין אויסגעקומען אַרומצורעדן אויף אָט דעם זעלבן פּלאַץ נ. ב. מינקאָווס פערזענלעכקייט, ווי אַ לעקטאָר־קינסטלער; וועל איך

„די שטימע", מעקסיקע, אויגוסט 23, 1952.

זיך דעריבער איצט נישט אָפּשטעלן מער אויף אָט דעם פֿאַסצינירנדיקן אַספּעקט פֿון דעם לאַנג־יאָריקן דערפֿאָלגרייכן פּראָפֿעסאָר פֿון דעם ניו־יאָרקער יידישן לערער־סעמינאַר און פֿון דער באַרימטער „ניו סקול פֿאָר סאָושל ריסוירטש״, און איך וועל גלייך אַריבערגיין צו עטלעכע פֿון זיינע קאָנקרעטע פּאָזיטיווע דערגרייכונגען, וואָס יעדע פֿון זיי וואָלט געווען גענוג צו מאַכן זיין קורס געדענקבאַר.

דער סאַמע וויכטיקסטער פֿון זיי איז, גלויב איך, פּראָפֿעסאָר מינקאָווס אַרויסגעבראַכטע און גלענצנדיק באַוויזענע טעזיס, אַז די אַלטע, די נייע און די היינטצייטיקע יידישע ליטעראַטורן זיינען אַן אָרגאַנישע איינהייט, המשכדיק און אומצעטיילבאַר; זיי אַלע בילדן, צוזאַמענגענומען ד י יידישע ליטעראַטור.

ווען ער וואָלט זיינע סטודענטן נישט געהאַט איינגעאימפּט קיין שום אַנדערע איבערצייגונג, וואָלט אָט דאָס אַליין געהאַט באַרעכטיקט דעם קורס.. פּראָפֿעסאָר מינקאָווס גרויסער פֿאַרדינסט באַשטייט אין דעם, וואָס ער האָט באַוויזן אויפֿן קלאָרסטן אופֿן, אַז ניט נאָר הייבט די יידישע ליטעראַטור, ווי אַ קינסטלערישע פֿאָרם פֿון אויסדרוק, זיך נישט אָן מיט מענדעלע מוכר ספֿרים אָדער נישט אפֿילו מיט אייזיק מאיר דיק, נאָר אַז מ׳קען גאָר אפֿילו נישט באַגרייפֿן, שוין אָפּגערעדט פֿון ריכטיק אָפּשאַצן, פֿאַרשיידענע אַספּעקטן פֿון דעם, וואָס ס׳ווערט גע־ווײַנלעך פֿאַרשטאַנען, ווי „יידישע ליטעראַטור״. און וואָס מיינען מען מיט דעם בלויז די נייע און נייסטע ליטעראַטור, אויב מ׳איז נישט גענוג באַהאַוונט אין דער אַלטער יידישער ליטעראַטור, פֿון הונדערטער יאָרן פֿון פֿאַר דיק און מענדעלע, ווי צום ביישפּיל, דעם וועג, וואָס ס׳האָט געפֿירט פֿון דער שפּילמאַן־תּקופֿה, צום יידישן טעאַטער.

אָט דאָס, וואָס עס איז, דוכט זיך, אַזוי עלעמענטאַר און זעלבסט־פֿאַרשטענדלעך, איז אָבער גאָרניט אַזוי איינפֿאַך פֿון שטאַנדפּונקט פֿון דעם סטודענט, וועלכער האָט, אין בעסטן פֿאַל, אַ באַציאונג צו דער אַלטער יידישער ליטעראַטור, ווי אַ צונויפֿקלויב פֿון ווערק, וואָס האָבן, העכסטנס, אַ באַדייטונג בלויז פֿאַרן היסטאָריקער, ווי מאַטעריאַל פֿאַר זיינע פֿאָרשונגען, אָדער פֿאַר דעם קולטור־היסטאָריקער, ווי דאָקומענטן, וואָס זאָגן עדות וועגן שטייגער־לעבן אין געוויסע עפּאָכעס פֿון יידישן לעבן אין אייראָפּע.

עס האָט געדאַרפֿט קומען נ. ב. מינקאָוו, כדי אַ סוף צו מאַכן צו אָט דעם דורכאויס פֿאַלשן באַגריף. פּאַראַגראַפֿט זיינען געזעסן זיינע צו־הערער, ווען ער האָט מיט דער גענויקייט, פּינקטלעכקייט און זאַכלעכ־

קייט פון אַן ערשטקלאַסיקן וויסנשאַפטלער, און מיט דער בילדלעכקייט פון דעם געבוירענעם, גאָט־געבענטשטן רעדנער־מאָלער, פאַר זיי אַנט־פּלעקט אַזוי פיל פּראַכט, וואָס ס׳אַנטהאַלטן אומצייליקע ווערק פון אָט דער, פאַר כמעט אַלעמען פון זיי אומבאַקאַנטער ליטעראַטור. ס׳איז געווען עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט געהאַט פאַר זיי אויפגעהויבן אַ פאָרהאַנג און די צושויער האָבן דערזען אַ רייַ קינסטלערישע סצענעס און בילדער, וואָס זיי וועלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

איך נעם זיך נישט אונטער אויסצורעכענען אַלע אַזעלכע מאָמענטן, ווייל דאָס וואָלט כמעט געהייסן ציטירן דעם קאָנספּעקט פון אָט דעם טייל קורס; וועל איך דעריבער, ווי אַ ביישפּיל, נאָר דערמאָנען ווי פּלאַסטיש פּראָפעסאָר מינקאָוו האָט אַרויסגעבראַכט די פיגור פון אליהו בחור, ווי אַ פּאָעט־ראָמאַניסט מיט שוואונג און פאַרנעם, מיט דעם רענעסאַנס אַלס גייסטיקן הינטערגרונט. ער האָט עס געטאָן אַזוי מייסטערהאַפט, אַז סיי אליהו בחורס מענטשלעכע געשטאַלט און סיי זיין גייסטיק וועזן, האָבן זיך אין די צוהערער איינגעקריצט אויף קיינ־מאָל דורך זיי נישט פאַרגעסן צו ווערן.

און ס׳איז מיר אוממעגלעך נישט צו דערמאָנען דאָ די לעקציעס וועגן „גליקל פאָן האַמעלן״ און אַ ביסל שפּעטער וועגן נחמן בראַסלאַווער. דאָס זיינען געווען מייסטערווערק פון אַקאַדעמישער עקזאַקטקייט, פּסיכאָ־לאָגישער אַריינדרינגונג און שאַרפן אַנאַליז, וואָס זיינען געגאַנגען האַנט אין האַנט מיט דיכטערישער וויזיע און בילדלעכקייט, וואָס נאָר אַ גאָט־געבענטשטער מייסטער־מאָלער דורך וואָרט און פּראָזע קען באַווייזן צו געבן. באַזיצן און אַרויסברענגען. איך האָב זיי געזען, די צוהערער, וואָס זיינען געזעסן ממש ווי פאַרכישופט דורך אָט דער נשמה־יתירההדי־קייט פון זייער פּראָפעסאָר. און ווען די לעקציעס פלעגן זדי ענדיקן, פלעגן זיי זיך עפּעס אַזוי ווי אויפכאַפּן פון אַ טרוימען־וועלט, אין וועלכער דער צויבער פון נ. ב. מינקאָווס אַקאַדעמיש־לעקטאָרישער קונסט האָט זיי געהאַט אַריינגעפירט.

און נאָך אַן אומפאַרגעסלעכן מאָמענט וויל איך דאָ פאַרפיקסירן: פּראָפעסאָר מינקאָווס עקספּאָזיציע וועגן דער מוסר־ליטעראַטור, בעסער געזאָגט, אַ הויך־פּונקט פון אָט דער וואונדערלעכער אויסטייטשונג: זיין שטאַנדפּונקט וועגן די „תחינות״.

נישט זיין „באר סוד שאינו מאבד טיפּה״ — וויסן אויף אָט דעם געביט וויל איך דאָ אונטערשטרייכן, כאָטש אָט דער אַספּעקט פון זיינע לעקציעס איז פאַר זיך אַליין ווערט אַ קאָמענטאַר; וואָס איך וויל דאָ

אַרויסברענגען, איז, אַז ער האָט אויף דעם איבערצייגנדיקסטן אופן פאָרגעשטעלט די תחינות־ליטעראַטור ,ווי די שענסטע לירישע פּאָעזיע, וואָס נישט נאָר איז זי באַרעכטיקט צו פאַרנעמען אַן אויבן־אָן פּלאַץ אין דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור, נאָר אַז זי קען זיך פאַר־גלייכן מיט גאָר אַ סך באַרימטע שאַפונגען אויף דעם געביט פון רעליגיעז אָנגעהויכטער לירישער פּאָעזיע אין דער וועלט־ליטעראַטור.

ס'איז גוט, וואָס דער לעקטאָר האָט אַ סוף געמאַכט צו דער סנאָבישער באַציאונג, (וואָס איז אייגנטלעך אַ רעזולטאַט פון פולשטענדיקער איגנאָ־ראַנץ) צו דער „תחינה״. נישט מיט ביטול, נאָר מיט באַוואונדערונג דאַרף מען זיך באַציען צו איר, ווי צו דער פולקאָמענער פאַרקערפּערונג פון פּערפעקציע פון אַ ליטעראַרישן זשאַנר. שרה בת טובים, די פּאָנען־טרעגערין פון אָט דעם זשאַנר, איז אויף נ. ב. מינקאָווס קאַטעדרע, אויף אַן אומפאַרגעסלעכן אופן גלאָריפיצירט געוואָרן.

און זאָל דאָ בלויז איין מאָמענט נאָך פון נ. ב. מינקאָווס גלענצנדיקע לייסטונגען אויף דער אַקאַדעמישער קאַטעדרע דערמאָנט ווערן. ער האָט, אונטערשטרייכנדיק נאָכאַנאַנד דעם המשך־פאַקטאָר, אַרויסגעבראַכט פאַר זיינע צוהערער דעם גרויסן, אָבער נישט גענוג באַקאַנטן אמת, אַז אַן נחמן בראַסלאַווערס מעשיות, ווי פאָרגייער, וואָלטן מיר נישט געהאַט פּרצעס פאָלקסטימלעכע געשיכטן. פּרץ איז דאָ געגאַנגען אין דעם בראַסלאַווערס טריט און האָט ממשיך געווען אַ קינסטלערישע טראַדיציע.

אָט אַזוי איז נ. ב. מינקאָווס קורס פון יידישער ליטעראַטור פול געווען מיט מאָמענטן פון שפּאַנענדיקן אינטערעס און קינסטלערישן צויבער; מיט זיין וויסנשאַפטלעכקייט און מיט זיין גלייכצייטיקער נשמה־יתירהדיקייט אויף דער קאַטעדרע האָט ער געשאַפן אין זיינע צוהערער אַ טיפן רעספּעקט צו דער אַלטער יידישער ליטעראַטור און אַ ווילן זיך מיט איר געגויער צו באַקענען. ער האָט זיי באַגייסטערט מיט זיינע לעקציעס וועגן דער נייער און היינטצייטיקער יידישער ליטעראַטור. ער האָט געשאַפן אין זיינע צוהערער, סיי פון דעם אַקאַדעמישן קורס און סיי פון זיינע עפנטלעכע פאָרטראָגן, יענע פריידיקע שטימונג און יענע וואָר־גייסטיקע אַטמאָספערע, וואָס זיינען פונדאַמענטאַל פאַר דער־פאָלגרייכער קולטור־טעטיקייט.

נ. ב. מינקאָוון, דעם נשמה־יתירהדיקן, כמעין המתגברדיקן אַקאַ־דעמישן לעקטאָר, וועט מען דאָ לאַנג געדענקען, און מען וועט בענקען נאָך זיין וויסנשאַפטלעך־קינסטלערישן וואָרט, סיי פון דעם פּראָפעסאָר אויף דער קאַטעדרע און סיי פון דעם פּרעלעגענט אין דער ברייטער עפנטלעכקייט.

סאַלאַמאָן קאַהאַן

# פראָפעסאָר מינקאָווס מייסטער־רעפעראַט וועגן דוד פינסקי

זאָל דאָ גלייך פון אָנהייב געזאָגט ווערן, אַז פון אַלע רעפעראַטן, וואָס זיינען דאָהי ווען עס איז געהאַלטן געוואָרן אויף אַלגעמיין קולטורעל אָדער ריין־ליטעראַרישע טעמעס, קען איינער פרעטענדירן צו פאַר־גלייכן זיך, לויט דער פרעכטיקייט פון זיין פאָרם און לויט דער רייכקייט און טיפקייט פון זיינע געדאַנקען, מיט דעם דוד פינסקי־רעפעראַט, וואָס נ. ב. מינקאָוו האָט געהאַלטן ווי זיין לעצטן עפנטלעכן אויפטריט דאָהי. דאָס איז דער אומפאַרגעסלעכער פאָרטראָג, וואָס ס׳האָט אויף דער טעמע „מאַהאַטמאַ גאַנדי, זיין לעבן און שאַפן" געהאַלטן חיים גרינבערג.

ווי אַזוי פראָפעסאָר מינקאָוו האָט באַוויזן אין דעם קורצן שפּאַן פון בלויז איין שעה דורכצוגיין דעם שטח פון פינסקיס שאַפן, וואָס בלויז אויפן געביט פון דראַמע האָט דער גרויסער שריפטשטעלער אָנצואווייזן אויף זיבעציק ווערק, דאָס איז דער סוד פון דעם גלענצנדן פרעלעגענט, וועלכער איז אומפאַרגלייכלעך אין דער קונסט פון סינטעטיזירן.

צוויי הונדערט און פופציק צוהערער, צווישן וועלכע ס׳האָבן זיך געפונען מענטשן פון די פאַרשיידנסטע פּאָליטישע ריכטונגען אין יידישן לעבן, פון „מזרחי" ביז די „פּראָגרעסיווע", האָבן זיך פאַרזאַמלט אין „קדימה" צו דעם פינסקי־פאָרטראָג, און פראָפעסאָר מינקאָווס רע־פעראַט וועט פאַר זיי בלייבן אומפאַרגעסלעך.

שוין די ערשטע פראַזן פון דעם פרעלעגענט האָבן פאַרכאַפּט דעם עולמס אויפמערקזאַמקייט, און זיי זיינען געבליבן צוגעשמידט צו פראָפעסאָר מינקאָווס עקספּאָזיציע, וועלכע האָט נישט געהאַט קיין איין מאָמענט פון שיין רעדנעריי לשם שיין רעדנעריי, נאָר איז געווען וויכטיק און וואָגיק פון אָנהייב ביז צום סוף.

ער האָט זיין פאָרטראָג אָנגעהויבן מיט די ווערטער, אַז ער וועט רעדן „וועגן אַ יונגן שרייבער, וואָס איז צופעליק אַלט געוואָרן אַכציק

---

„די שטימע", מעקסיקע, אויגוסט 28, 1952.

יאָר״ און וועלכער איז „דער איינציקער יידישער שרייבער, וואָס איז זיין גאַנצן לעבן געווען געקניפּט און געבונדן מיט געזעלשאַפטלעכער אַרבעט״.

פּינסקי, זעצט מינקאָוו פּאָר, איז דער פּערטער קלאַסיקער פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור, און פאַרקערפּערט מיט זיך דעם צווייטן דור פון אָט די קלאַסיקער. דער ערשטער דור איז באַשטאַנען פון מענ־דעלע, פּרץ און שלום עליכם, און דער דריטער דור פון אָט די קלאַסיקער איז רעפּרעזענטירט דורך רייזען, נאָמבערג, אַש.

אויב ביי מענדעלע אָדער שלום עליכם קענען מיר רעדן וועגן זייער שאַפן, לויט געוויסע סימבאָלן, וואָס רעפּרעזענטירן אָט דאָס שאַפן, ווי„ צום ביישפּיל, ביי מענדעלען „טוניעיאַדעווקע״ און „קאַבצאַנסק״, און ביי שלום עליכמען „מנחם מענדל״, „טוביה״ אָדער „מאָטל פּייסי דעם חזנס״, איז עס זייער שווער צו טאָן, ווען מיר רעדן וועגן פּינסקיס שאַפן, ווייל זיינע ווערק געהערן צו גאָר אַ סך און פאַרשיידענע געביטן.

פּינסקי גייט נאָך זיינע קינסטלערישע אינסטינקטן אָן קאָמפּראָמיסן. ס׳איז דאָ אַ מאָדנע דיאַלעקטיק אין זיין שאַפן. ס׳איז דעריבער נישט אַזוי לייכט אויסצוגעפינען אין איר בלויז איין ליניע.

אָבער דאָך קענען זיינע ווערק איינגעטיילט ווערן לויט פיר פונ־דאַמענטאַלע פונקטן, וואָס קענען דינען ווי סימבאָלן. זיי זיינען:

1) פּראָלעטאַרישייט,

2) נאַטוראַליזם,

3) נאַציאָנאַלע אידייען,

4) יידישע טראַגעדיעס.

דער פּרעלעגענט גייט דאַן איבער צו דעפינירן יעדן איינעם פון אָט די אַספּעקטן אין פּינסקיס שאַפן, און דאַן צו אַנאַליזירן געוויסע ווערק, וואָס רעפּרעזענטירן יעדן איינעם פון זיי.

דוד פּינסקיס ערשטער ליטעראַרישער פּעריאָד, דער „פּראָלעטאַ־רישער״, ווען ער האָט מיטגעאַרבעט מיט פּרצן אין וואַרשע, אין די באַרימטע „יום טוב בלעטלעך״, וואָס זיינען געווען „די לעגאַלע אויס־גאַבן פון דער אומלעגאַלער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג״, — איז פאַרבונדן מיט דער איבערגאַנגס־צייט, ווען פון בלויז „מענטשן״ האָט זיך אָנגעהויבן אויסצובילדן אַ באַוואוסטזיניקער יידישער פּראָלעטאַר־יאַט. פּינסקיס שאַפן אין יענער צייט האָט געהאַט אַ פּאַראַלעל אין אַמעריקע פון וועלכן ער האָט אָבער נישט געוואוסט. דאָס זיינען מאָריס

ראָזענפעלד און די אַנדערע סאָציאַלע דיכטער, ווי אויך מאָריס ווינטשעווסקי, אין לאָנדאָן.

פינסקי באַשרייבט נאָך מער ווי די אויסערלעכע קאַמפן, וואָס דער יידישער פּראָלעטאַריער פון יענער צייט האָט געהאַט צו פירן, זיינע „אינערלעכע" קאַמפן. ער האָט אַ שאַרף אויג, דראַנגיקייט, ענערגיע. ער איז דער ענערגישסטער, דער דראַנגיקסטער צווישן אונדזערע קלאַסיקער.

און טאַקע ווייל ער איז עס, איז ער געצוואונגען דורך זיין אייגענעם שאַפונגס־דראַנג אַריבערצוגיין פון רעאַליזם צו אַ מער אַריינדרינגענדיקן זשאַנר אין דער ליטעראַטור: צו נאַטוראַליזם. דוד פּינסקי איז דער שאַפער פון נאַטוראַליזם אין דער מאָדערנער ליטעראַטור.

דער פּרעלעגענט דעפינירט דאַן רעאַליזם און נאַטוראַליזם, ציענדיק אַ ליניע פון באַלזאַקן צו עמיל זאָלאַ, און פון אים צו די ברידער גאָנקור און צו מאָפּאַסאַן. ער קומט צום אויספיר, אַז נאַטוראַליזם אין דער ליטעראַטור איז „קאָנצענטרירטער, אומברחמנותדיקער, ברוטאַלער רעאַליזם", און אַז נאַטוראַליזם איז דער פאָרגייער פון זיגמונד פרוידס גרונד־געדאַנקען וועגן ציוויליזאַציע, ווי אַ דינער שאָלעכץ, הינטער וועלכער עס באַוועגן זיך סטיכיש די מענטשלעכע אינסטינקטן.

דערפאַר טאַקע געפינען מיר אין זיינע ווערק פון דעם נאַטוראַליסטישן זשאַנר צוזאַמענשטויסן, קאָנפליקטן, קאָליזיעס, וואָס זיי צו באַגרייפן איז נויטיק פּסיכאָלאָגישקייט און מאָטיווירונג. דער שרייבער מוז וויסן די מאָטיוון פון די האַנדלונגען פון זיינע העלדן, נישט בלויז זיי באַשרייבן.

דער איבערברוך אין פּינסקיס געדאַנקען־גאַנג, און במילא אויך אין זיין טעמאַטיק, איז געקומען נאָך דעם קישעניעווער פּאָגראָם, אין 1903. עס הייבט זיך דאַן אָן אין זיין שאַפן דער פּעריאָד פון נאַציאָנאַלע טעמעס. אַ פּראָזע פון איינעם פון די פּערסאָנאַזשן אין זיין באַרימטער און קלאַסיש געוואָרענער דראַמע „די פאַמיליע צבי", דריקט עס קלאָר אויס: „צוליב מיין קליינעם טאַטן האָב איך פאַרלאָרן מיין גרויסן זיידן" ער זאָגט עס דערפאַר, וואָס בעתן פּאָגראָם ווינט זיין טאַטע אויף זיין צערויבטער קראָם, אָבער זיין זיידע קלאָגט אויף דעם חרוב געמאַכטן „גאָטס הויז".

פּינסקי פאַרטיפט זיך דאַן אין דער יידישער געשיכטע, און עס קומען זיינע פּרעכטיקע ווערק אויף היסטאָרישע טעמעס. עס קומען דאַן זיינע שאַפונגען, וואָס האָבן צו טאָן מיט דער אידייע פון „משיחיזם".

זיין דראַמע „דער אייביקער ייד" איז — אַזוי צו זאָגן — די איינלייטונג צו אָט דעם מערקווירדיקן ציקל, וואָס ווערט פאַרענדיקט מיט אידעאַליזירן די געשטאַלט פון שלמה מולכו.

אָט דער געדאַנק פון טראַגעדיע איז אַריבער אויך אין אַזעלכע דערציילונגען, ווי „ברוריה און ר' יוחנן".

און וואָס מער פּינסקי פאַרטיפט זיך אין די טיפע און טראַגישע יידישע געשיכטלעכע פּראָבלעמען, אַלץ אויסגערייפטער ווערט ער ווי אַ דראַמאַטורג, און עס הייבט זיך אָן זיין פערטער פעריאָד, דער פון דער „יידישער טראַגעדיע", דאָס הייסט פון דראַמאַטישע ווערק, וואָס כאָטש ריין אויסערלעך גייען זיי אין די פוסטריט פון דער קלאַסישער גריכישער טראַגעדיע, זיינען אָבער זייער טעמאַטיק און דער עטישער צוגאַנג, וואָס ס'פילט זיך אין זיי, טיף יידיש.

אָבער דאָס אַלץ שעפט נאָך ווייט ניט אויס דוד פּינסקיס שאַפן. איצט, ווען ער האָט איבערגעטראָטן דעם שוועל פון דעם ניינטן יאָרצענדליק פון זיין לעבן, איז ער פול מיט שעפערישער ליטעראַרישער טאָט און מיט פּלענער פאַר ווייטערדיקער עקספּאַנסיע פון זיין אומגלויבלעך שטאַרקער ליטעראַריש-קינסטלערישער ענערגיע, אויף וואָס עס זאָגן עדות זיינע לעצטנס פאַרעפנטלעכטע ווערק, אין וועלכע ער באַרירט „געפערלעכע" טעמעס פון דעם לעבן אין ישראל, וואו ער איז איצט אַ תושב. אין אָט די נייסטע שאַפונגען זיינע איז דער עטישער מאָמענט די גרעסטע טרייב-קראַפט. ער גרייכט אַלץ טיפער, זיך דערגראָבנדיק צו די אור-עלעמענטן פון יידישער מאָראַל, וואָס מוז זיין דער צענטראַלער פונקט פון מענטשלעך-יידישן לעבן און צוזאַמענלעבן אין דעם יידישן היימלאַנד. „מיר קענען דערוואַרטן פון דעם אַכציק יאָר יונגן פּינסקי ווערק, נאָך גרעסערע אין קינסטלערישן פאַרנעם, נאָך טיפערע אין דער הינזיכט פון פּסיכאָלאָגישן אַריינבליק, און נאָך דרייסטערע לויט זייער עטישן מאָנען".

סאַלאַמאָן קאַהאַן

# נ. ב. מינקאָוו דער לעקטאָר־קינסטלער

— 1 —

אַז נ. ב. מינקאָוו איז אַן ערשט־קלאַסיקער פאָרשער אויפן געביט פון דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור און אַן אויסגע־צייכנטער ליטעראַטור־קריטיקער, אין וועמעס שרייבן די ערודיציע פון אַן עכטן וויסנשאַפטסמאַן, טיפע קינסטלערישע אינטואיציע, אַ מערקווירדיקע פעאיקייט זיך אַריינצולעבן אין דער פסיכאָלאָגיע פון פערזאָנען און אין דעם סאָציאַלן הינטערגרונט פון סיטואַציעס, סיס־טעמאַטישקייט פון צוגאַנג און אויסגעהאַלטנקייט פון מעטאָד (דאָס אַלץ אין די ראַמען פון אַ ראַפינירטן געשמאַק), גייען צוזאַמען, — איז וואויל באַקאַנט. אַזעלעכע ווערק זיינע, ווי „אליה בחור", „גליקל פון האַמעל", זיינע עסייען וועגן די דיכטער־פיאָנערן אין דער אַמעריקאַ־נער יידישער פּאָעזיע, וועלכע זיינען בפועל ממש אַן אַנטדעקונג פון אַ גאַנצער תקופה אין דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער ליטעראַטור, זיינען באַגלויבטע עדות פון אָט דעם אַלעם, און גאָר ווייניק זיינען דאָ אין דער יידישער ליטעראַטור־קריטיק אַזעלכע ווערק, ווי מינקאָווס בוך „יידישע קלאַסיקער פּאָעטן", אין וועלכן זיין מייסטערשאַפט ווי אַ ליטעראַטור־קריטיקער שיינט אַרויס פון יעדן עסיי.

איז דאָס אַלץ גערעדט וועגן מינקאָווס שבכתב. און וואָס איז וועגן מינקאָווס שבעל פה? וואָס לאָזט ער אונדז הערן ווי אַ רעדנער בכלל און ווי אַן אַקאַדעמישער רעדנער, אויף דער קאַטעדרע, בפרט?

דאָס זיין אַ קינסטלער אויף דעם געביט פון דעם וויסנשאַפטלעכן אָדער דיכטערישן געשריבענעם וואָרט איז קיין שום גאַראַנטיע נישט, אַז די זעלבע פערזאָן קאָן אויך זיין דערפאָלגרייך, ווי אַ רעדנער, סיי אויף דער טריבונע אין דעם קאָנפערענץ־זאַל, סיי אויף דער קאַטעדרע, מיט סטודענטן אַלס צוהערער. צווישן וכך היה כותב און וכך היה מדבר קען זיין אַן אונטערשייד, וואָס איז אָפּגרונט־טיף. אַזוי, צום ביישפּיל, פלעגט דער פאַרשטאָרבענער באַרימטער פובליציסט שמואל ראָזענפעלד, וואָס זיין פעדער איז געוועזן די פאַרקערפערונג פון דער שטרענגסטער לאָגיק און פון מוסטערהאַפטער געדאַנקען־קאָאָרדינאַ־

„די שטימע", מעקסיקע, יולי 12, 1952.

ציע, זיין אַ פולשטענדיקער דורכפאַל, ווען עס פלעגט אים אויסקומען ביי געוויסע געלעגנהייטן צו נעמען אַ וואָרט. דאָס רעדן פלעגט זיך ביי אים נישט קלעפּן, און דער אויסדרוק, די פאָרם פון זיינע געדאַנ־קען פלעגט זיין אַזוי פאַרחלשט־בלאַס, אַז ס׳איז געווען גאָטס רחמנות...

איך קען אויך אַ גלענצנדיקן יידישן שריפטשטעלער, וועלכער איז וועלט־באַרימט אין די ראַמען פון דעם יידישן לעבן, און וואָס יעדעס מאָל, ווען ער טרעט אַרויס ווי אַ רעדנער, מאַכט ער דעם איינ־דרוק, אַז ער איז געשטראָפט געוואָרן דורך דער נאַטור מיט משה רבינוס פיזישן דעפעקט...

איך האָב מינקאָוון ביז איצט געקענט ווי אַ העכסט אינטערעסאַנטן „קאָנווערזאַטאָר", וואָס אַ געשפּרעך מיט אים איז שטענדיק באַלערנט, ווי ס׳איז עס צו יעדער צייט די שיחת חולין פון אַ תלמיד־חכם. ער איז, אין בעסטן זין פון וואָרט, דאָס, וואָס די פראַנצויזן באַצייכענען אַלס „קאָזער". אָבער פון דעם האָב איך נאָך אַלץ נישט געקענט דרינגען עפּעס, וואָס זאָל מיר שאַפן אַן איינדרוק וועגן אים, ווי וועגן אַ רעדנער.

אמת, איך האָב געוואוסט, ווי מיר אַלע ווייסן, אַז מינקאָוו איז שוין אַ היפּש ביסל יאָרן פּראָפעסאָר (אין ענגליש) פון יידישער ליטע־ראַטור אין דער באַרימטער ניו־יאָרקער „הויכשול פון סאָציאַלער פאָרשונג". אָט דער פאַקט האָט אָבער פאַר מיר בלויז באַוויזן די אָנערקענונג, וואָס מינקאָווס וויסנשאַפטלעך־אַקאַדעמישע אויטאָריטעט געניסט אין אָט דער פעסטונג פון פּראָגרעסיוון סאָציאַלן געדאַנק און פון דער קאָנסטרוקטיווער אידייע פון קולטור־פּלוראַליזם. קיין גאַ־ראַנטיע, אַז ער איז אַ גוטער רעדנער איז דאָס נאָך אַלץ נישט געווען. אָט איז דאָך דער גרויסער אַמעריקאַנער פילאָסאָף און סאָציאַל־פּסי־כאָלאָג, דער נישט־לאַנג צוריק פאַרשטאָרבענער פּראָפעסאָר דזשאָן דיואי, וועמעס ביכער ס׳זיינען ניט נאָר אינהאַלטלעך, נאָר אויך סטיי־ליסטיש מייסטערווערק, געווען במשך פון דעם קרוב צו אַ האַלבן יאָרהונדערט וואָס ער האָט פאַרבראַכט מיט סטודענטן אין די אונ־טעריכט־זאַלן פון דעם „קאָלאָמביאַ" אוניווערסיטעט, אויף דער קאַ־טעדרע, קלאַסיש אומאינטערעסאַנט און די פאַרקערפּערונג פון לאַנג־ווייליקייט.

דערפאַר טאַקע בין איך געווען אַזוי נייגעריק בייצוּוואוינען ג. ב. מינקאָווס אַן עפנטלעכן אַרויסטריט ווי אַ רעדנער; בין איך צו זיינע לעקציעס געקומען מיט גרויס אינטערעס.

און אָט זיינען מיינע איינדרוקן:

וועגן נ. ב. מינקאָווס לעקציעס אין דעם הומאַניסטישן פאַקול־טעט וועגן דער יידישער ליטעראַטור, קען מען אָנווענדן דעם קלאַסישן אויסדרוק: „געקומען, געזען, געזיגט״. נאָך אידער ס׳איז אַריבער די ערשטע העלפט פון זיין ערשטער אָנדערהאַלבן שעה׳יקער (אָן איבעררייס) לעקציע, איז זיין סטודענטישע צוהערערשאַפט, פונקט אַזוי ווי די פרייע צוהערער, געווען נישט נאָר טיף פאַראינטערעסירט, נאָר טאַקע ממש פאַסצינירט. ס׳איז געווען געשאַפן אָט דער קעגנזייטיקער אינטעלעקטועלער קאָנטאַקט צווישן דעם לעקטאָר און זיין אוידיטאָריע, וואָס האַלט געשפּאַנט זיינע צוהערער און אינספּירירט דעם רעדנער. ס׳איז מינקאָוון גלייך פון אָנהייב געלונגען צו שאַפן אין זאַל אָט דעם, ווי עס הייסט אין ענגליש „אימפּאָנדעראַבל״, וואָס אָנטאַפּן מיט דער האַנט קענט איר דאָס נישט, קאָנקרעט דעפינירן קענט איר עס אויך נישט, און דאָך איז ווי צו דעם רעדנער, וואָס באַווייזט נישט עס צו באַשאַפן: אַטמאָספערע. יענע אַבסאָרבירטקייט פון יעדן צוהערער, וואָס די שטילקייט, אין וועלכער מען קען הערן „דאָס זשומען פון אַ פליג״, איז איר בעסטער סימן.

און ס׳איז קיין וואונדער נישט. נ. ב. מינקאָוו, אויף דער קאַטעדרע, איז, ווי אַן אַקאַדעמישער רעדנער, די פאַרקערפּערונג פון דער, צום באַדויערן, אַזוי זעלטענער קאָמבינאַציע פון אַ וויסנשאַפטלער, וואָס איז באַוואָפנט מיטן גרויסן וויסן אויף זיין אייגנטלעכן געביט, ווי אויך אויף אַלע אַנדערע געביטן, וואָס זיינען מיט אים פאַרבונדן. ער איז סאָוועריען נישט נאָר ווי אַ גרינטלעכער קענער פון דער יידישער ליטעראַטור און איר געשיכטע, נאָר אויך אין אַלע וויסנשאַפטלעכע דיסציפּלינען, וואָס זיינען מיט איר פאַרבונדן, ווי צום ביישפּיל, די פאַרשיידענע שפּראַכן און ליטעראַטורן, וואָס האָבן אין פאַרלויף פון די יאָרהונדערטער אויסגעאיבט אַ דירעקטן אָדער אומדירעקטן איינפלוס אויף דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור. ער שווימט ווי אַ פיש אין וואַסער אין דער יידישער און אַלגעמיינער געשיכטע, און איז אַ בקי אין אַלע צווייגן און אָפּצווייגונגען פון דער מאָדערנער אינדיווידועלער און סאָציאַלער פּסיכאָלאָגיע, פּליוס אַלע וועגן און אומוועגן פון פּסיכאָאַנאַליז, וואָס זיינען אַזאַ באַדייטנדיקע הילף ביים אַריינדרינגען אין דעם אמתן וועזן פון אַ סך קאַפּיטלען און פון גאַנצע ווערק פון דער קינסטלערישער ליטעראַטור, אין וועלכער שפּראַך עס זאָל נישט זיין.

אָבער אָט דער אַקאַדעמיקער, מיט זיין גרויסן אַרסענאַל פון פאַקטן, דאַטן און איינפאַלרייכע השערות, באַזיצט דערצו, צוזאַמען מיט זיי, שטרענגער וויסנשאַפטלעכער אָביעקטיווקייט, אין זיינע לעקציעס; אויך דאָס, וואָס די אַמעריקאַנער רופן אָן „די היומען טאָטש", דאָס ביסעלע וואַרעמע מענטשלעכקייט, וואָס דריקט זיך אויס אין אַ פיינעם חוש פאַר הומאָר. מער ווי איינמאָל ווערט אין זיינער אַ לעקציע די פסיכאָלאָגישע שפּאַנונג אַנטשפּאַנט דורך אַ געלונגענעם וויץ, דורך אַ, צו דער סיטואַציע צוגעפּאַסטן אַנעקדאָט, און די אוידיטאָריע איז ווידעראַמאָל, אָן אָפּגעפרישטע, גרייט אַרונטערצופאַלן אונטער דער ווירקונג פון דעם לעקטאָרס אינהאַלטפולן וואָרט. און ווען ער דאַרף איבערגעבן דעם אינהאַלט פון אַ ווערק„ אַנטפּלעקט ער זיך פאַר זיין אוידיטאָריע, ווי אַן אַנטציקנדיקער מייסטער־דערציילער.

איך קוק זיך צו צו די פּנימער פון די צוהערער, און איך זע אין ניט ווינציקע פאַר אויגן די פאַרגאַפּטקייט פון „אַליס אין וואָנדערלאַנד". און ווען די צוויי אַקאַדעמישע שעהן זיינען געענדיקט, איז דער סוף געקומען אין אַ מאָמענט, ווען די צוהערער זיינען נישט נאָר נישט געוווען מיד, נאָר האָבן, אומגעקערט, נאָך געקענט אים הערן און הערן, וואָס דאָס איז דער עכטער סימן פון אַ גאָר גוטן רעדנער.

מינקאָוו, אויף דער קאַטעדרע, איז דער קעגנזאַץ פון פּעדאַנטישקייט, פון „מאַגיסטער דיקסיט", פון קבלו דעתי. זיין דיסקורס פליסט רואיק און נאַטירלעך. דאָס איז יענע רואיקייט, וואָס קומט פון טיפן וויסן און פון פאַרוואָרצלטע איבערצייגונגען. זיין ערודיציע איז נישט פון יענעם מין, וואָס איז צוליב דעם „אַרכיוו־ריח", וואָס טראָגט זיך איר נאָך, פּעאיק „אַוועקצוהרגענען" די אויטאָדיטאָריע; ס'איז וויסנשאַפט, וואָס ווערט דורך דעם לעקטאָר איבערגעגעבן, אַזוי צו זאָגן, מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן. ס'איז ווי אַ גערעדטער פיינער עסיי.

אָט דער מייסטערהאַפטער אופן פון פירן אַ לעקציע מאַכט עס, אַז ווען ער ענדיקט, פילט זיך זיין צוהערערשאַפט אַזוי באַפרידיקט און צופרידן, ווי ס'פילן זיך מוזיק־ליבהאָבער, אַהיימגייענדיק נאָך אַ געלונגענעם, שיינעם קאָנצערט.

אויפן געביט פון אַקאַדעמישער רעדנעריי זיינען דאָ צוויי קעגנזעצלעכע טיפּן. דער ערשטער איז דער „טרוקענער אַקאַדעמיקער", וואָס פאַר זיינע צוהערער איז ער די פאַרקערפּערונג פון אַ גענעץ אין דער פאָרם פון אַ מענטש; אין דעם צווייטן טיפּ טרעפן זיך צוזאַמען און פאַרשמעלצן זיך, בילדנדיק אַ נישט צעטיילבאַרע איינהייט, דער

שטרענגער וויסנשאַפטלער און דער קינסטלער־דערציילר, אין ווע־מענס רייד עס הערט זיך דאָ און דאָרט אַ לירישער אונטער־טאָן. אין אָט דעם טיפּ לעקטאָר שליסט דער אינטעלעקט נישט אויס דעם עלעמענט פון עמאָציע. נאָך מער, ער קען אין געוויסע מאָמענטן זיין אפילו פּאַ־טעטיש, כאָטש ער דאַרף נישט אָנקומען אין אַזאַ פאַל צו שטים־סקאַנ־דאַלן... ס׳איז גענוג אַשטאַרקערע וויברירונג פון דער שטימע, אַז אָט די איינגעפרעסטע עמאָציע זאָל זיך מאַכן פאַר די צוהערער פיל־באַר. אין די ראַמען פון „פּיאַנאָ״, אָדער, העכסטנס, פון „מעצאָ־פאָרטע״, קען ער אויסדריקן די גאַנצע גאַמע פון געפיל־ניואַנסן.

דער לעקטאָר־מומיע, דער „טרוקענער אַקאַדעמיקער״ באַנוצט אַ שפּראַך — וואָס איז אַזוי טרוקן, ווי אַ סקעלעט, וואָס איז אויסגעשטעלט אין אַ לערן־זאַל פון זאָאָלאָגיע. ער ווייס גאָרנישט פון דעם דערפרישנ־דיקן עפעקט וואָס ס׳מאַכן אויף דער אוידיטאָריע, די אַדיעקטיוו־רייכ־קייט און די רעגנבויגן־שיינקייט פון דער שפּראַכלעכער קלאַנג־פאַר־ביקייט. עס איז אים אויך אומבאַקאַנט דער צויבער, וואָס ס׳גיט צו דער עקספּאָזיציע די „באַרג און טאָליקייט״ פון דער שפּראַך. זיין אופן רעדן איז פלאַכקייט, די פלאַכקייט פון אַ מדבר. וואו איבער פרוכט־לאָזן באָדן קייקלען זיך „דיונעס״ זאַמד.

גאַנץ אַנדערש רעדט אָבער דער לעקטאָר־קינסטלער. זיין שפּראַך איז בילדלעך, און זי איז געווענדט פונקט אַזוי צום אינטעלעקט, ווי צו דעם צוהערערס עמאָציעס און צו זיין פאָרשטעלונגס־קראַפט. ער רעדט מיט אַ געוויסן אינערלעכן פּאַטאָס, וואָס גיט זיך איבער צו דער אוידיטאָריע. זיין דיסקורס איז פולבלוטיק און פילפאַרביק. איין פראַזע זיינע, וואָס שאַפט אין דעם צוהערער אַ בילד, איז מער ווירקזאַם, ווי אַ גאַנצער פּעריאָד פון אַ „טרוקענעם אַקאַדעמיקער״. דער לעקטאָר־מומיע שלעפּערט זיינע צוהערער איין; דער לעקטאָר־קינסטלער גאַלוואַניזירט זייער געדאַנק און מאַכט פּולסירן קרעפּטיקער זייער גייסטיקן פּולס.

צו אָט דעם צווייטן, ווייט נישט צו אָפטן טיפּ פון אַקאַדעמישן רעדנער, געהערט נ. ב. מינקאָוו. ער פאַרקערפּערט, אויף דער קאַטעדרע, דעם לעקטאָר־קינסטלער, וועמענס וואָרט איז אַ גענוס פאַרן אויער, אַ באַרייכערונג פון דעם צוהערערס וויסן און שעפערישע אָנרעגונג פאַר זיין געדאַנק.

אבן־טוב

# אויף אונדזער קולטור־פראָנט

פאַקולטעט — און בייטראָג פון אַ גאַסט־רעדנער

אַ קולטור־דערשיינונג, וואָס וועט לאָזן טיפע שפּורן אין די אינטעלעקטועלע קרייזן פון אונדזער ישוב, איז דער לענגערער באַזוך אין מעקסיקע פונעם יידישן געלערנטן און שריפטשטעלער, דעם פּעדאַגאָג נ. ב. מינקאָוו.

עס האָבן זיך אין דעם געקענט איבערצייגן אַלע די וואָס האָבן לעצטן מאָנטיק באַזוכט דעם ערשטן עפנטלעכן פאָרטראָג פון דעם גרויסן בעל־הסברה, וועלכער קען די וויטסטע טעמע מאַכן אַזוי נאָענט צום צוהערער, אַז מען הערט אויס זיין רעפעראַט אָדער לעקציע מיט שפּאַנונג, ווי מען וואָלט געהערט אַ שיין מעשהלע.

אַ ליטעראַטור־פאָרשער, פאַר עקסעלאַנץ, אַ קריטיקער, אַ דיכטער, אַ שריפטשטעלער, וואָס שטייט ביים שרייבערישן רודער פון עלטסטן און ערנסטסטן ליטעראַרישן זשורנאַל „די צוקונפט"; איז אונדז איצט אָנגעקומען דער לעצטער נומער (יוני־יולי), רעדאַגירט פאַקטיש פון נ. ב. מינקאָוו פון מעקסיקע אַרויס, און איר געפינט דאָרט ניט קיין רמז וועגן מינקאָווס קולטור־שליחות אין מעקסיקע. עס איז מער ווי באַשיידנקייט; עס איז ערלעכע עניוות; ער וועט זיך אַליין נישט אַרויסשטעלן; ער טוט זיך זיין מיסיע און טוט זי בשלימות, כאָטש אַ גוט וואָרט פון אַנדערע שאַצט ער אָפּ. ער האַלט פון יהללוך זר. נאָר לאָמיר נישט רעדן איצט וועגן נ. ב. מינקאָווס גוטע מידות; זיי זיינען פיל און וועלן אָפּגעשאַצט שוין לאַנג אין די ערנסטע ליטעראַרישע קרייזן. איצט, אויך ביי אונדז.

נ. ב. מינקאָוו איז דאָ דער ערשטער גאַסט־פּראָפעסאָר אין אוניווערסיטעט־פאַקולטעט ביי דער יידישער שול. עס איז אַ קולטור־אַנשטאַלט וואָס שטעלט זיינע ערשטע טריט, און דער לעקטאָר האָט אים געגעבן אַזאַ פעסטע צעמענטירונג, אַז מען קען שוין זען דעם

„די שטימע, מעקסיקע, אויגוסט 5, 1952. אויך אַנדערע אויסצוגן פון דער זעלבער צייטונג.

אויפוואוקס פון דער הויכער לערן־אינסטיטוציע אין אַ צייט אַרום, ביי די לעקציעס איבער יידישער ליטעראַטור, פון די אַלטע צייטן אָן, זיצן די צוהערער פון פאַקולטעט פאַרגאַפטע. עס שפּינט זיך פאַר זיי אַ בילד פון אונדזער אַלטער קולטור, וואָס שפּרייזט איבער דורות ביז צו די מאָדערנע צייטן; עס ווערן דורכגעמישט בלעטער און עפּאָכעס פון יידישער קולטור־געשיכטע; און עס ווערט געגעבן אַזוי פּאָפּולער ווי גייסטרייך, אַזוי אינטערעסאַנט ווי באַלערנדיק. אָט דער כּוח־הסברה פון דיכטער־לערער־פּרעלעגענט איז ביי אים מעגלעך אַ דאַנק זיין טיפן גלויבן אין דער גרויסקייט און דויערהאַפטיקייט פון דער יידישער קולטור.

נאָר אַ מאמין באמונה שלימה קען אַזוי אַנדערע מאַכן גלויבן אין דער ציוויליזאַטאָרישקייט פון יידיש־יידישן שאַפן און שטייגער, ווי נ. ב. מינקאָוו האָט עס געטאָן ביים דערציילן די וואונדער־מעשה פונעם לעבן און די מעמוארן פון גליקל פאָן האַמעלן. ער האָט די פּשוטע יידישע פרוי און אירע פאַרשרייבונגען דערהויבן אויפן פּעדעסטאַל ווי מען שטעלט אויס די עכטע פאָלקס־קונסט — און ער האָט פון דאָרט געדרונגען, אַז אַ יאָרטויזנט יידיש שאַפן צעפלאַמט זיך פאַר אונדז און וועט פלאַמענדיק זיך טראָגן אין די וויטערדיקע דורות.

*****

דער פּאַטראָנאַט פון אוניווערסיטעט־פאַקולטעט ביי דער יידישער שול האָט מיט זיין ערשטן גאַסט־פּראָפעסאָר מער ווי געטראָפן. עס שטייט אויף אונדזער יונגער קאַטעדרע אַ מאַן פון וויסן און אַ מאַן פון גלויבן; און ער שטעקט אָן. די שפּורן פון נ. ב. מינקאָווס לענגערן באַזוך אין מעקסיקע וועלן זיך נאָך לאַנג לאָזן פילן. אין די אַנאַלן פון אונדזערע קולטור־אויפטוען וועט נאָך דער פאַקולטעט פאַרנעמען אַ גרויס אָרט און דער ביטראַג פון פּראָפעסאָר מינקאָוו צו דעם קולטור־אויפטו וועט אויך זיין אַ באַדייטנדיקער.

*****

זעלטן ווען האָט אַ פּאָרטראַג פון אַ יידישן לעקטאָר אויף אַ ליטע־ראַרישער טעמע אַרויסגערופן דאָהי אַ שטאַרקע פאַראינטערעסירונג, ווי עס איז דער פאַל פון פּראָפעסאָר נ. ב. מינקאָווס היינטיקן אויפטריט

אין „קדימה". שפּאַנונג, דאָס איז דאָס ריכטיקע וואָרט אויסצודריקן דאָס געפיל פון דערוואַרטונג, וואָס באַהערשט די היגע ליבהאָבער פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור און פון דעם בעסערן יידישן וואָרט.

ס׳איז אויך נישט קיין וואונדער. געהערט דאָך נ. ב. מינקאָוו, דער גלענצנדיקער גאַסט־פּראָפעסאָר פון יידישער ליטעראַטור אין דעם הומאַניסטישן פאַקולטעט ביי דער יידישער שול, צו די סאַמע בעסטע פּרעלעגענטן, וואָס זיינען אויפגעטראָטן פאַר דעם היגן קולטורעלן פּובליקום אין די דרייסיק יאָר, וואָס דאָס יידישע וואָרט איז דאָ געהערט געוואָרן פון דער רעדנער־טריבונע. אויסערגעוויינלעך באַלערנט לויט זייער אינהאַלט און אָנציענד לויט זייער פאָרם, זיינען פּראָפעסאָר מינקאָווס רעפעראַטן דאָ באַרימט געוואָרן, ווי קולטור־געשעענישן אין אונדזער ישוב.

*
**

זאָל גלייך פון אָנהייב געזאָגט ווערן, אַז פּראָפעסאָר מינקאָווס פאָרטראָג, אויף דער טעמע „גליקל פאָן האַמעלן" איז געווען איינער פון די סאַמע בעסטע, וואָס זיינען דאָ געגעבן געוואָרן אויף אַ ליטע־ראַרישער טעמע.

מיט דער ערודיציע פון אַן ערשטקלאַסיקן וויסנשאַפטלער, וואָס איז באַקאַנט יעדער דעטאַל, וואָס וועלכער ס׳איז פאָרשער האָט אַרויס־געבראַכט וועגן גליקל פאָן האַמעלנס פּערזענלעכקייט, און מיט דער מייסטערשאַפט פון אַ גרויסן קינסטלער אויפן געביט פון דעררעדטן וואָרט, האָט פּראָפעסאָר מינקאָוו געהאַלטן זיין אוידיטאָריע אין משך פון די אָנדערהאַלבן שעה פון זיין רעפעראַט, נישט נאָר פאַר אינטערע־סירט, נאָר טאַקע ממש געשפּאַנט.

*
**

ווידער אַ מאָל האָט מען געקענט זען וואָס פאַר אַ גלענצנדיקן אויס־וואַל די יידישע שול האָט געמאַכט, איינלאַדנדיק נ. ב. מינקאָוון אַלס ערשטן גאַסט־פּראָפעסאָר אין איר ניי־געגרינדעטן הומאַניסטישן פאַ־קולטעט, ווען אָט דער באַוואוסטער פּאָעט, ליטעראַטור־קריטיקער און ליטעראַטור־היסטאָריקער האָט לעצטן מיטוואָך אין „קדימה" געהאַלטן

געשפּאַנט זיינע קרוב צו הונדערט און פופציק צוהערער אין משך פון די אָנדערהאַלבן שעה, וואָס ס׳האָט געדויערט זיין צווייטער עפנט־לעכער רעפעראַט, אויף דער טעמע: „סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע יידישע פּיאָנערן־פּאָעטן אין אַמעריקע״.

מדאַרף זיין באַקאַנט מיט דעם ווי עס האַלט איצט דאָהי דער ענין פון קריגן אַן עולם פאַר אַ פּאָרלעזונג ניט וועגן אַ ברענענדיקע פּאָליטישע פראַגע, נאָר אויף אַ ריין־קולטורעלער אָדער ליטעראַרישער טעמע, און ווער רעדט נאָך וועגן אַ ליטעראַריש־אַקאַדעמישן ענין, כדי צו פאַרשטיין וואָס פאַר אַ דערפאָלג עס באַדייט דער פאַקט, אַז לעקטאָר מינקאָוו האָט זיין פאָרלעזונג אָפּגעהאַלטן פאַר קרוב צו אָנדערהאַלבן הונדערט מענטשן.

נאָך מער: וועגן דער אויסערגעוויינלעכער אויטאָריטעט, וואָס פּראָפעסאָר מינקאָוו האָט זיך דאָ פאַרשאַפט ווי אַ גרויסער וויסנשאַפט־לער, וואָס איז אָבער, גלייכצייטיק, אויף דער קאַטעדרע, ווי אויך אין קאָנפערענץ־זאַל, טיף־מענטשלעך, — רעדט איבערצייגנדיק דער פאַקט, אַז צו אָט דער פּאָרלעזונג זיינען געקומען קולטור־מענטשן פון א ל ע פּאָליטישע ריכטונגען אין יידישן לעבן, אָנהויבנדיק מיט „מזרחי״ און ענדיקנדיק מיט די „לינקע״. דאָס איז עפּעס אַזוינס, וואָס מ׳זעט דאָ גאָר קיינמאָל נישט.

פּראָפעסאָר מינקאָוו, וועמענס קורס פון יידישער ליטעראַטור פאַר די סטודענטן פון דעם פאַקולטעט גייט אָן מיט דעם גרעסטן דער־פאָלג, איז געווען אַ רעוועלאַציע אויך פאַר דעם ברייטערן עולם מיט זיין גלענצנדיקן ערשטן עפנטלעכן פאָרטראָג, ווען ער האָט זיינע צו־הערער געהאַלטן געשפּאַנט מיט זיין מייסטערהאַפטן רעפעראַט וועגן „גליקל פאַר האַמעלן״.

***

די יידישע שול האָט זיך ניט געקענט ווינטשן קיין בעסערן און שענערן אופן ווירדיק צו פייערן דעם אַכציק יאָריקן יובילייַ פון דעם באַרימטן שריפטשטעלער און דראַמאַטורג, דעם קלאַסיקער דוד פּינסקי, ווי דורכן פאָרטראָג, וואָס ס׳האָט געהאַלטן אין „קדימה״, דער גאַסט־פּראָפעסאָר פון יידישער ליטעראַטור אין איר הומאַניסטישן פאַקולטעט, נ. ב. מינקאָוו.

פאַר דעם צונויפגעזאַמלטן צוויי הונדערט פופציק קעפּיקן עולם, דער צאָלרייכסטער, וואָס איז דאָ אין די לעצטע יאָרן ווען עס איז

געקומען צו אַ קולטורעלער אונטערנעמונג, האָט דער פּאַרזיצער פון אָוונט, דירעקטאָר ד״ר ב. שולגאַסער, אין נאָמען פון דעם פאַקולטעט־פּאַטראָנאַט און פון אַלע אַנדערע אינסטאַנצן פון דער יידישער שול, אויסגעדריקט די טיפסטע צופרידנקייט מיט פּראָפעסאָר מינקאָווס קורס אין דעם פאַקולטעט, ווי אויך מיט די רעזולטאַטן פון די עקזאַמענס, וואָס זיינען דורך דעם גאַסט־פּראָפעסאָר דורכגעפירט געוואָרן צווישן די אָפיציעל רעגיסטרירטע סטודענטן, און וואָס זיינען אויס־געפאַלן גלענצנד.

***

די טיפע אַכטונג צו דעם וויסנשאַפטלער, די באַוואונדערונג פאַר דעם אַקאַדעמישן רעדנער און די ליבשאַפט צו דעם מענטשן נ. ב. מינקאָוו, דעם ערשטן גאַסט־פּראָפעסאָר פון דעם הומאַניסטישן פאַקול־טעט ביי דער יידישער שול, — איז געקומען צום אויסדרוק בעת דעם געזעגענונגס־באַנקעט, וואָס דער פּאַטראָנאַט פון דעם פאַקולטעט האָט לכבוד אים איינגעאָרדנט ערב זיין אָפפליען צוריק קיין ניו־יאָרק.

עטלעכע און זיבעציק פערזאָן האָבן זיך געזעצט צום טיש אין רעסטאָראַן „מיניאָן״, כדי אָנטייל צו נעמען אין אָט דער מסיבה. ביים פּרעזידיום־טיש האָבן זיך געפונען דער פּאַרזיצער פון דעם פאַקולטעט־פּאַטראָנאַט, פּראָפ. מאיר בערגער, און די פּאַטראָנאַט־מיטגלידער: ד״ר ב. שולגאַסער, דירעקטאָר פון דער יידישער שול און דעקאַן פון דעם פאַקולטעט; רעדאַקטאָר משה רובינשטיין, מאַרקאָס מאוס, זיג־מונט רייזבוים, בנימין גייסינסקי און הירש רובינשטיין, נחמן זיידנ־וועבער (פּאַרזיצער פון דער שול־פאַרוואַלטונג); ווי אויך די פריינט א. ז. בערעביטשעז, וויצע־פּאַרזיצער פון שול־ראַט; ד״ר זיגמונט ביברינג, פּאַרזיצער פון דעם יידישן וועלט־קאָנגרעס; פּראָפּ. יוסף וויניעצקי; לעאָן מינקאָוו, דעם ערן־גאַסטס ברודער, און אחרון אחרון חביב, אין צענטער, נ. ב.מינקאָוו. שפּעטער איז צוגעקומען ד״ר א. פאַסטליכט, ישראל־קאָנסול אין מעקסיקע.

פּראָפּ. בערגער, פּאַטראָנאַט־פּאַרזיצער, דערעפנט די מסיבה, אונטערשטרייכנדיק פּראָפעסאָר מינקאָווס מעלות טובות, פון וועלכע עס שיינען מיט גאָר אַ באַזונדערן גלאַנץ זיין וואונדערבאַרע פיאיקייט מסביר צו זיין די קאָמפּליצירטסטע פראַגן און פּראָבלעמען פון זיין אַקאַדעמישן געביט אויף אַ פשוטן, צוטריטלעכן אופן, און זיין טיפע מענטשלעכקייט, וואָס גייט האַנט אין האַנט מיט זיין באַשיידנקייט.

מיט אַ „לחיים" פֿאַר דעם געזונט און פֿאַר ווייטערדיקע, אַלץ גרעסערע דערפֿאָלגן פֿון פּראָפֿעסאָר מינקאָוו, גיט פּראָפֿ. בערגער איבער די טאָסטמייסטערשאַפֿט דעם ד"ר שולגאַסער.

נאָכן אָונטבערויט האַלט ד"ר שולגאַסער די פֿעסט־רעדע, אין וועלכער ער אַנאַליזירט די טיפֿערע סיבות, וואָס האָבן געשטעלט אויף דער טאָג־אָרדענונג פֿון דער יידישער שול די פֿראַגע וועגן גרינדן אַ הומאַניסטישן פֿאַקולטעט. ער ברענגט אַרויס די ספֿקות און שוועריקייטן, וואָס זיינען מיט דעם געווען פֿאַרבונדן, ווי אויך חיים גרינבערגס וויכטיקע מיטהילף ביים רעאַליזירן דעם געוואָגטן פּלאַן, וואָס איז מעגלעך געוואָרן אַ דאַנק דעם ברייטהאַרציקן ביישטייער, פֿריער פֿון דעם פֿאַרבאַנד פֿון די אַביטוריענטן פֿון דער שול, און נאָכער — פֿון די מעצענאַטן מאַרקאָס מאוס און זיגמונט רייזבוים, ווי אויך פֿון דער יידישער באַנק („באַנקאָ מערקאַנטיל").

„צו אונדזער גרויסן גליק איז דער ערשטער גאַסט־פּראָפֿעסאָר פֿון דעם ערשטן יידישן הומאַניסטישן אוניווערסיטעט־פֿאַקולטעט, געווען אַ דערפֿאָלג, וואָס האָט איבערגעשטיגן אַלע דערוואַרטונגען. פּראָפֿעסאָר מינקאָווס אַקאַדעמישע טעטיקייט אין מעקסיקע, ווי אויך זיינע עפֿנטלעכע פֿאָרטראָגן זיינען געווען די בעסטע אוןווירקזאַמסטע פּראָפּאַגאַנדע פֿאַר דער יידישער שפּראַך און פֿאַר די קולטור־ווערטן, וואָס זיינען אויף איר געשאַפֿן געוואָרן. נ. ב. מינקאָוו איז געווען דער אידעאַלער פּראָפֿעסאָר, וואָס מיר האָבן געדאַרפֿט".

ד"ר שולגאַסער גיט דאַן אַן אַלזייטיקע כאַראַקטעריסטיק פֿון פּראָפֿעסאָר מינקאָווס לעקטאָרישער טעטיקייט, וואָס האָט אים, מינקאָוון, געבראַכט די ליבשאַפֿט פֿון אַלע זיינע רעגולערע סטודענטן און פֿרייע צוהערער. ווי דער דעקאַן פֿון פֿאַקולטעט, האָט ער בייגעוואוינט די עקזאַמענס, און איז געבליבן אַנטציקט מיט זייער רעזולטאַט.

ער האָט דאַן אויסגעדריקט אַלעמענס וואונטש אַז פּראָפֿעסאָר מינקאָוו זאָל ווידער אַ מאָל קומען אַהער, ווי אַ פּראָפֿעסאָר פֿון דעם פֿאַקולטעט, אין וועלכן ער האָט שוין דאָ געטאָן וואונדערבאַרע אַרבעט.

די יונגע לערערין רבקה פינקעלמאַן, וועלכע איז געווען אַ סטודענטין פֿון דעם קורס, דריקט אויס, אין נאָמען פֿון אַלע סטודענטן און צוהערער, אַ האַרציקן דאַנק פּראָפֿעסאָר מינקאָוון, פֿאַר דער גרויסער דערמוטיקונג, וואָס זיינע לעקציעס זיינען פֿאַר זיי געווען. צוזאַמען מיט אַ האַרציקן דאַנק־בריוו, אונטערגעשריבן דורך זיי אַלע,

גיט זי אים איבער צוויי פּרעכטיקע קאָלעקציעס פון קינסטלערישע פאָטאָגראַפיעס פון בילדער פון דיעגאָ ריווערא און אָראָזקאָ.

ד״ר פאַסטליכט זאָגט אין זיין פיינער אימפּראָוויזאַציע, צווישן אַנדערש, אַז פּראָפעסאָר מינקאָווס לעקציעס דאָהי, די אַקאַדעמישע און אויך די, וואָס ער האָט געהאַלטן עפנטלעך, וועלן פאַרשריבן ווערן מיט גאָלדענע אותיות אין דער קולטור־געשיכטע פון אונדזער ישוב. ס׳איז געווען אַ זכיה בייצוואוינען זיי. ער, מינקאָוו, האָט זיך דאָ געשאַפן פריינט און פאַרערער. דער שידוך צווישן דעם פאַקולטעט און זיין ערשטן גאַסט־פּראָפעסאָר איז געווען אַ גלענצנד געלונגענער.

אין זיין רעדע אויף דער טעמע „אַקאַדעמישקייט פּליוס נשמה יתירהדיקייט״, האָט סאַלאָמאָן קאַהאַן, וואָס האָט געהאַט בייגעוואוינט פּראָפעסאָר מינקאָווס אַלע לעקציעס אין פאַקולטעט, ווי אויך זיינע דריי עפנטלעכע רעפעראַטן, — אַרויסגעבראַכט די פאַרשיידענע קאָנ־קרעטע דערגרייכונגען פון פּראָפעסאָר מינקאָוו אין מעקסיקע ווי אַ לעקטאָר און פּעדאַגאָג.

איידער דער טאָסטמייסטער, ד״ר ב. שולגאַסער, האָט געגעבן דאָס וואָרט דעם ווייטערדיקן רעדנער, א. ז. בערעביטשעז, וויצע־פּאָרזיצער פון שול־ראַט, האָט ער אים באַגריסט און געוואונטשן פיל גליק, צו זיין ווערן אַ בן־חמישים (אגב, איז ער שוין ביי אַ פריערדיקער געלעגנ־הייט, אויף דעם באַנקעט, וואָס איז לכבוד אים איינגעאָרדנט געוואָרן, באַגריסט געוואָרן דורך אַ פאָרשטייער פון דער שול, אין נאָמען פון אַלע אירע אינסטאַנצן).

פריינט בערעביטשעז רעדט וועגן פּראָפעסאָר מינקאָווס טעטי־קייט דאָהי, ווי וועגן „וואַקאַציעס פון אַ תלמיד חכם״, און ער ווענדט זיך צום ערן־גאַסט: „נעמט איבעראַיאָר נאָך אַ מאָל וואַקאַציעס און פאַר־ברענגט זיי ווי היי־יאָר, אויף דעם זעלבן אופן ביי אונדז״.

ער שטעלט זיך אָפּ אויף מינקאָוון דעם בעל מידות, וואָס איז אַן אוהב הבריות און וואָס זיין גרויסע למדנות מאַכט אים פונדעסטוועגן נישט קוקן אויף אונדז, „געוויינטלעכע שטערבלעכע״, פון אויבן אַראָפּ.

צום שלוס פון זיין רעדע באַגריסט פריינט בערעביטשעז פּראָפּ. מינקאָוון אין נאָמען פון אַלע אינסטאַנצן פון צענטראַל־קאָמיטעט, וואָס ער איז דער פּאָרזיצער פון זיין קולטור־קאָמיסיע.

איידער עס קריגט דאָס וואָרט דער ערן־גאַסט, האַלט אַ לענגערע אַנאַליטישע רעדע פּראָפּ. בערגער. ער דריקט אין דער איינלייטונג אויס דעם געדאַנק, אַז ס׳איז דאָ אימאַנענטע גערעכטיקייט, וואָס גיט

אַ זין צו ליידן, צו געדולד און צו אויסדויער. ער באַציט זיך דאַן אויף דעם קאָנקרעטן פאַל פון די יסורים, וואָס דאָס קליין הייפעלע פּיאָנערן־בויער פון דער יידישער שול, מיט 27 יאָר צוריק, האָט געהאַט גאָר אָפּט זיך אויסצושטיין, און קומט צום שלוס, אַז יאָ, ס'האָט זיך געלוינט צו ליידן, ווייל גרויס איז איצט די קאָמפּענסאַציע: דער פאַקולטעט, מיט די גרויסע קולטור־פּערספּעקטיוון, וואָס ער עפנט פאַרן ישוב.

דער פאַקולטעט איז אַ לאָגישער פּועל יוצא פון די איבערקערענישן וואָס זיינען, לטובה, פאָרגעקומען אין דער שול פאַר די לעצטע דריי יאָר און וואָס האָט געפאָדערט נישט נאָר פאַרברייטערונג פון איר פאַרנעם, נאָר אויך פאַרטיפונג פון איר אינהאַלט.

ער באַדויערט די אָפּוועזנהייט אויפן באַנקעט פון פריינט אברהם וטווערג, איינעם פון די באַטייליקטע אין דעם קאַמף, וואָס די יידישע שול האָט געפירט און וואָס האָט מעגלעך געמאַכט איר איצטיקן באַרג אַרויף. „מיר האָבן דערלעבט נחת פאַר די ליידן פון די לעצטע דריי יאָר, און עס קוועלט אָן דאָס האַרץ, ווען מיר זעען ווי דרייסיק יידישע יוגנטלעכע האָבן דורך פּראָפעסאָר מינקאָווס קורס אַקומולירט יידיש וויסן אויפן בעסטן אַקאַדעמישן אופן".

ער באַשרייבט דאַן געגעבנו אַלע אַספּעקטן פון דעם קורס און דער־קלערט, אַז „ מיר קענען זיין זייער שטאַרק צופרידן מיט די קאָלאָ־סאַלע דערגרייכונגען". ער דריקט אויך אויס די האָפענונג, אַז איבער־איאָר וועט פּראָפעסאָר מינקאָוו קענען ווידער אַ מאָל קומען צו אונדז, און וועט דאַן ווידמען אַ נייעם, ספּעציעלן קורס צו דער טעמאַטיק אין דער יידישער ליטעראַטור. ווי אַן אויסדרוק פון דער אָנערקענונג און דאַנקבאַרקייט פון דעם פאַקולטעט־פּאַטראָנאַט צו דעם גאַסט־לעקטאָר, גיט ער פּראָפעסאָר מינקאָוון איבער אַ טייערן האַנט־זייגער, וואָס אויף זיין דעקל איז אויסגעקריצט אויף יידיש אַ ווידמונג.

נאָך פּראָפעסאָר מינקאָווס גייסטרייכער געזעגענונגס־רעדע, וואָס איז פאַר זיך אַליין געווען אַ פּרעכטיקער פאָרטראָג וועגן למדנות, עם הארצות און געזעלשאַפטלעכער שאַפונגס־טעטיקייט, ווינטשט ד"ר שולגאַסער דעם ערן־גאַסט פון דער מסיבה, אין נאָמען פון אַלע אָנ־וועזנדע אַ צאתך לשלום, און דער עולם זעגנט זיך דאַן, אינדיווידועל, אויפן וואַרעמסטן אופן, מיט נ. ב. מינקאָוון, וועלכער האָט פאַרשאַפט אַזוי פיל נחת רוח דעם קולטורעלן יידישן מעקסיקע מיט זיין אַקאַ־דעמיש־לעקטאָרישער טעטיקייט.

# יידישע ליטעראַטור ווערט אויפגענומען אין וועין־אוניווערסיטעט אין דעטראָיט

דער וועין־אוניווערסיטעט אין דעטראָיט איז איינער פון די באַרימטסטע אַמעריקאַנער הויכשולן. אין דעם אוניווערסיטעט לערנען זיך טויזנטער סטודענטן, צווישן וועלכע די צאָל יידן איז גאַנץ באַדייטנד.

אין דער דאָזיקער הויכשול פאַרנעמט דער דעפּאַרטמענט פון סלאַווישע און אָריענטאַלישע שפּראַכן אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ, אָבער ערשט היי־יאָר האָט מען גענומען שענקען פיל מער אויפמערקזאַמקייט דעם לימוד פון דער יידישער ליטעראַטור.

דאָס איז געוויס אַ דערפרייענדיקער פאַקט, אויף וועלכן ס׳לוינט זיך אָפּצושטעלן. ווען דער לימוד פון יידישער ליטעראַטור אין וועין־אוניווערסיטעט זאָל טאַקע עטאַבלירט ווערן אַלס אַ פּערמאַנענטע זאַך, ווי ס׳לויטן פאַרשיידענע באַריכטן, דאַן וועלן אַ סך יידישע (און אפשר אויך ניט־יידישע) סטודענטן האָבן אַ מעגלעכקייט צו באַקענען זיך מיט די אוצרות פון דער יידישער קולטור און ניט ווערן אָפּגעפרעמדט פון אייגענעם שטאַם.

די ערשטע התחלה איז שוין געמאַכט געוואָרן, ווען אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פון דעם דיען וויקטאָר ראַפּאָרט, פּראָפעסאָר הערי דזשאָסעלסאָן און דער פינאַנציעלער מיטווירקונג פון דער „מאָריס לייב שעיווער פאַונדיישאָן״ איז אַראַנזשירט געוואָרן אַ באַזוך, און אַ לעקציע פון דעם באַוואוסטן יידישן דיכטער, קריטיקער און עסאיסט, פּראָפעסאָר נ. ב. מינקאָוו. צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון וועין־אוניווערסיטעט איז אויף דער קאַטעדרע געשטאַנען אַ יידישער פּראָפעסאָר און געהאַלטן אַן אומפּאַסנדע, גייסטרייכע לעקציע וועגן דעם אָפּשטאַם פון דער יידישער שפּראַך, די פאַרשיידענע פאַזעס פון דער

„דער טאָג־מאָרגן־זשורנאַל״, ניו־יאָרק, מאַי 31, 1954.

יידישער ליטעראַטור און דער אַנטוויקלונג פון דעם יידישן געדאַנק. די לעקציע האָט, ווי מ׳גיט איבער, געמאַכט אַן אומגעהויערן איינ־דרוק אויף די צוהערער. ניט נאָר פאַר אַ סך ניט־יידן, נאָר אויך פאַר פיל אַנוועזנדע יידישע סטודענטן איז פּראָפעסאָר מינקאָווס לעקציע געווען אַן אמתע אַנטפּלעקונג. דער רושם איז געווען אַזאַ גרויסער, אַז דער אַנוועזנדער דיען האָט געפונען פאַר נייטיק שפּעטער צו זאָגן: „היינטיקער טאָג איז אַ וויטיקע דאַטע פאַרן וועין־אוניווערסיטעט. היינט איז געעפנט געוואָרן די טיר פאַר דער יידישער ליטעראַטור און פאַר דער יידישער שפּראַך״. ביי דער געלעגנהייט איז כדאי צו באַמערקן, אַז דער דיען, פּראָפ. ראַפּאַרט, האָט שפּעטער אויך געפונען פאַר נייטיק שריפטלעך צו באַמערקן, אַז דער באַזוך פון פּראָפ. מינקאָוו „וועט זיין ווי אַ פונק, וואָס וועט אויפבלאָזן אַ פייער אין דעטראָיט אַרום דעם געדאַנק איינצושליסן יידישע ליטעראַטור אַלס אַ טייל פון די אַקאַדעמישע שטודיען אין דעם וועין־אוניווערסיטעט״.

דער דעטראָיטער יידישער קאָמיוניטי־קאַונסיל האָט זייער פיל געטאָן פאַר דער דורכפירונג פון דער לעקציע ווי אויך פאַר דער אַראַנזשירונג פון אַ פייערלעכער אויפנאַמע פאַרן חשובן גאַסט פון ניו־יאָרק אין דעם אודיטאָריום פון דער קרעסקע־לאַיברערי. אין דער אויפנאַמע האָבן זיך באַטייליקט פּראָמינענטע פּראָפעסאָרן און קולטור־טוער.

אַ קאַטעדרע פאַר יידישער ליטעראַטור קאָן עטאַבלירט ווערן אין דעם וועין־אוניווערסיטעט אין דעטראָיט. יידן אין דעטראָיט דאַרפן זיך נאָר עטוואָס אָנשטרענגען און אַ וויכטיקע קולטור־אינסטי־טוציע וועט ווערן אַ יש!

י. ראַבינאָוויטש

# „סקאַלער ענד דזשענטעלמאַן"

עס קומט היינט צו אונדז אין שטאָט נ. ב. מינקאָוו, טאַלענטירטער פּאָעט, עסייאיסט, ליטעראַטור־פאָרשער און לעקטאָר. ער קומט אַהער ווי דער גאַסט פון דער יידישער פאָלקס־ביבליאָטעק, וואו ער וועט דורכפירן אַ פיר־טאָגיקן סעמינאַר אויף דער טעמע „די אָנהייבן פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע" — אין שייכות מיט דעם דריי־הונדערט יאָריקן יובילײ פון יידיש לעבן אויף דעם צפון־אַמעריקאַנער קאָנטינענט. דער סעמינאַר וועט זיך אָנהייבן מיט אַן עפנט־לעכער לעקציע אין ביבליאָטעק־אוידיטאָריום דעם זונטיק אָוונט און וועט דערנאָך פאָרגעזעצט ווערן במשך פון דער וואָך פאַר אַ ספּעציעל־רעגיסטרירטן קלאַס, צו וועלכן ס'וועלן אויך האָבן אַ צוטריט צו־פעליקע באַזוכער.

מיר וואָלטן געקאָנט כמעט ווי אַרויסגעבן אַ גאַראַנטיע צו די באַזוכער פון אָט די לעקציעס, אַז זיי וועלן עס געפינען מער ווי כדאי. נ. ב. מינקאָוו איז אַ ביז גאָר אינטערעסאַנטע דערשיינונג אין אונדזער ליטעראַרישער וועלט. אַ פּאָעט מיט אַן אייגנאַרטיקן וועג, איז ער אויך אַ גרויסער ערודיט, ממש אָנגעפּיקעוועט מיט וויסן און היכער בילדונג. ער באַזיצט גרינטלעך די ענגלישע שפּראַך און איז אַ לעקטאָר איבער יידישער ליטעראַטור אין אַ צאָל אַקאַדעמישע הויך־שולן אין ניו־יאָרק, שטענדיקער לעקטאָר אויף דער טעמע אין דער ניו־יאָרקער „סקול פאַר סאָשעל ריסוירטש"", וואו ער טוט אויף וויכטיקע זאַכן מיט זיין באַקענען די דאָרטיקע סטודענטן מיט דער יידישער פאָלקס־שפּראַך און איר ליטעראַטור. ווי מיר שטעלן זיך פאָר, פאַר־פעלט ער אויך ניט איבערצוגעבן די סטודענטן זיין גרענעצלאָזע ליב־שאַפט צו דער דאָזיקער ליטעראַטור. אין יעדן פאַל זיינען מיר זיכער, אַז ער שפּאָרט ניט קיין באַמיאונגען אין אָט דער ריכטונג.

נ. ב. מינקאָוו איז דער מחבר פון אַ גרויסער צאָל ווערטפולע ווערק. חוץ זיינע לידער־זאַמלונגען, וואָס צייכענען זיך אויס מיט עכטן

„קענעדער אַדלער", מאָנטרעאָל, פעברואַר 18, 1955.

געפיל, רייכער געדאַנקלעכקייט און פיינער מייסטערשאַפט, האָט ער אויך צוגעטראָגן אַ צאָל וויכטיקע מאָנאָגראַפיעס אויף די געביטן פון ליטעראַטור־פאָרשונג. ער צייכנט זיך גאָר באַזונדער אויס מיט זיינע שטודיעס וועגן אַלט־יידיש און איר ליטעראַטור, זיינע ביכער וועגן אליה בחור, גליקעל פאָן האַמעל און נאָך אַנדערע, זיינען אַ מוסטער ווערק פון אָט דעם ספּעציעלן זשאַנר.

***

זין אָט די דערמאָנטע שטודיעס זיינע ווייזט מינקאָוו אַרויס אַ פעאיקייט צו אַנטדעקן לעבעדיקן גייסט און כמעט אַקטועלן אינטערעס אין „אַלטע שמות". אויף ווי ווייט איך ווייס, איז ער דער ערשטער שרייבער איבער דער ליטעראַטור פון דער אַלט־יידיש עפּאָכע, צו אַנאַליזירן די ספּעציעלע פּאָעטישע טעכניק מיט וועלכער עס האָבן זיך באַנוצט די מחברים פון אַזעלכע אַרכייאישע ביכער אויף דער יידישער שפּראַך ווי דער „בבא בוך", „שמואל בוך" און נאָך אַנדערע. אַ גאָר וויכטיקע אַרבעט מינקאָווס איז אויך זיין מאָנאָגראַפיע פון דער מערקווירדיקער פרוי גליקל פון האַמעל, וואָס איר מעמואַרן־בוך פון עטלעכע הונדערט יאָר צוריק האָט נאָך עד היום אַ וויכטיקן קולטור־היסטאָרישן אינטערעס. ער איז אויך דער מחבר פון אַ צאָל ביכער איבער אַ גאַנצע ריי יידישע שרייבער פון דער מאָדערנער עפּאָכע. גרויס אָנזען האָט אַרויסגערופן זיין גאָר לעצט בוך א. נ. „זעקס יידישע קריטיקער".

ניט ווייניקער חשוב ווי דער שרייבער מינקאָוו, איז דער מענטש מינקאָוו. זיין האַרציקע און עכט דזשענטלמעניש באַנעמונג צו יעדן מענטשן און דערהויפּט צו קאָלעגן שרייבער, איז גוט באַוואוסט צו יעדן איינעם וואָס איז ווען־עס־איז געקומען מיט אים אין באַרירונג. ווי דער לאַנגיאָריקער רעדאַקציע־סעקרעטאַר, אָדער בעסער געזאָגט, פאַרוואַלטונגס־רעדאַקטאָר פון דעם זשורנאַל „צוקונפט", איז אים אויסגעקומען צו שטיין אין בריוולעכער פאַרבינדונג מיט יידישע שרייבער פון דער גאַנצער וועלט. זיין פּינקטלעכקייט אין קאָרעס־פּאָנדענץ איז עפּעס וואָס מען דאַרף מקנא זיין. ניט געקוקט אויף דעם וואָס אים קומט אויס צו האַנדלען מיט אַ קלאַס מענטשן, וואָס קען זיך ניט איבערנעמען מיט צופיל פּינקטלעכקייט, האָט ער פונדעסט־וועגן קיינמאָל ניט געוואָלט אָפּלערנען פון דעם שלעכטן ביישפּיל פון

אַנדערע, אָדער אָפּצאָלן עמיצן מידה כנגד מידה. מיט אַ מין פּאָטער־לעכער פאַרשטענדעניש פאַרגיט ער יענעמס שוואַכקייט, אָדער אפילו אומדאַנקבאַרקייט און ער נעמט זיך זיין אייגענעם וועג. איבעריק צו זאָגן, אַז מיט דעם האָט ער זיך געמאַכט באַליבט און שטאַרק געשעצט.

***

עס בלייבט נאָך צוצוגעבן, אַז מינקאָוו איז אויך אַ גאָר פיינער רעדנער, גוטער בעל מסביר און מען לערנט מיט פאַרגעניגן אין זיינעם אַ קלאַס, אָדער ביי זיינער אַ לעקציע. דאָס ווייסן מיר פון זיין ערשטן באַזוך דאָ אין שטאָט מיט עטלעכע יאָר צוריק. ווען ער האָט שוין אָנגעפירט מיט אַ סעמינאַר טאַקע ביי דער זעלביקער יידישער פאָלקס־ביבליאָטעק און אַרויסגערופן אַ גרויסן אינטערעס ביי זיינע צוהערער. דאָס וועט זיכער זיין דער פאַל אויך דאָס מאָל.

און אויב ס׳איז דערלויבט אַ ריין־פּערזענלעכע נאָטע, וויל איך נאָך אויך מוסיף זיין, אַז אני הקטן פיל זיך לגבי מינקאָוון אַ היבשער בעל חוב, ווייל איך האָב ליידער קיינמאָל ניט געקענט נאָכקומען מיט פינקטלעכע צאָלונגען פאַר זיינע שוין גאָר פינקטלעכע פּאָרציעס פון פריינטלעכער אויפמערקזאַמקייט. טאָ זאָל אָט דער קאָלום אַ ביסעלע רעדוצירן דעם שווערן חוב, וואָס האָט ממש געדריקט אויפן געוויסן . . .

יעקב פאַט

# אויף דער לוויה פון נחום ברוך מינקאָוו

פרייטיק, דעם 14טן מערץ, אַרום צוויי אַזייגער פאַרטאָג איז געשטאָרבן נחום ברוך מינקאָוו. די יידישע ליטעראַטור איז פאַר׳אָבל׳ט געוואָרן. די ידיעה וועגן זיין טויט איז דורך ווי אַ בליץ איבער דער יידישער וועלט. ער איז געשטאָרבן אין עלטער פון 64 יאָר.

צו זיין לוויה איז געקומען די יידישע קולטור־וועלט פון ניו־יאָרק. עס זיינען דערהאַלטן געוואָרן אַ ריי טרויער־טעלעגראַמעס פון פאַר־שיידענע שטעט פון לאַנד און פון אויסלאַנד. דער לוויה־זאַל איז געווען איבערפולט. ניט געווען גענוג פלאַץ פאַר די מענטשן, וואָס זיינען גע־קומען באַגלייטן דעם פאַרשטאָרבענעם צו זיין אייביקער רו.

אין לוויה־זאַל זיינען געהאַלטן געוואָרן קורצע הספדים. עס האָבן גערעדט: א. גלאַנץ־לעיעלעס; נ. כאַניו, אין נאָמען פון אַרבעטער־רינג; י. פאַט, אין נאָמען פון דער רעדאַקציע פון דער „צוקונפט״; מאיר בראַון, אין נאָמען פון נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד. פאָרזיצער פון דער טרויער־פאַרזאַמלונג איז געווען א. גלאַנץ־לעיעלעס. ה. לייוויק, וואָס איז געווען אויסער ניו־יאָרק, האָט צוגעשיקט אַ בריוו. ב. אַלקוויט האָט געלייענט נ. ב. מינקאָווס אַ ליד. ד״ר דוד ניומאַן האָט געמאַכט אל מלא רחמים.

אויפן בית־עולם, ביים אָפענעם קבר, האָט גערעדט יעקב גלאַט־שטיין. נ. ב. מינקאָווס זון, אליהו, האָט געזאָגט קדיש.

צום לוויה־קאָמיטעט האָבן געהערט פאָרשטייער פון פאָלגנדיקע אָרגאַניזאַציעס: אַלוועלטלעכער יידישער קולטור־קאָנגרעס, יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט, לערער־סעמינאַר, אַרבעטער־רינג, נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד, פּרץ־שרייבער־פאַראיין, פען־קלוב, יידישע ענצי־קלאָפעדיע, „צוקונפט״, קאָאָרדיניר־קאָמיטעט פון „בונד״, רעדאַקציע „קולטור און דערציאונג״, שלום־עליכם פאָלק־אינסטיטוט, יידישער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד, פרויען־צענטראַלע ביים קולטור־קאָנגרעס און אַנדערע.

---

„די צוקונפט״, ניו־יאָרק, אַפּריל, 1958.

**מיר ברענגען דאָ אויסצוגן פון די הספּדים:**

ה. ליוויק: „נ. ב. מינקאָוו איז מער נישטאָ צווישן אונדז".

איך בין צעבראָכן פון דער ביטערער ידיעה, אַז אונדזער מינקאָוו איז מער נישטאָ צווישן אונדז. אַוועקגענומען געוואָרן אַזוי פּריצייטיק פון זיין פרוי און זיינע קינדער, פון אונדזער „צוקונפט"־רעדאַקציע און פון אונדזער ליטעראַטור, פון אונדזער יידישער פּאָעזיע, וואָס ער איז איינער פון אירע אייגנאַרטיקע פאָרשטייער. שווער זיך פאָרצו־שטעלן אונדזער „צוקונפט" אָן מינקאָוון, אָן זיין איבערגעבנקייט און האַרץ און לעבן, וואָס ער האָט אַריינגעלייגט אין דער אַרבעט, אַז דער זשורנאַל זאָל יעדן חודש דערשיינען אין צייט און אין חשיבות.

איך בין זיך משער פון דערווייטנס ווי שווער אונדזער גאַנצע שרייבער־וועלט איז געטראָפן געוואָרן פונעם אומגעריכטן אומגליק. איך קאָן זיך ניט מוחל זיין, וואָס איך וועל ניט קאָנען זיין — ניט מיט דער משפחה און ניט מיט אַלע קאָלעגן, פריינד און חברים, אָפּצוגעבן דעם לעצטן כבוד דעם טייערן דיכטער, קענער און פאָרשער פון אונדזער ליטעראַטור — איינעם פון אונדזערע זעלטנסטע און איבער־געגעבנסטע יידיש־געטרייע, איינעם, וואָס האָט אין זיין ליד אַריינ־געטאָן די טיפע טראַגיזמען פון אונדזער לעבן — פון זיין אייגן לעבן, זיין ליד דערהויבן צום טונקל־ליכטיקן סוד פון אונדזער יידיש וואָרט.

י. פּאַט — (אין נאָמען פון דער רעדאַקציע „צוקונפט"): „מיר זיינען אבלים".

15 יאָר איז נחום מינקאָוו געווען דער סעקרעטאַר פון דער רע־דאַקציע פון דער „צוקונפט" — פון די יאָרן מיט שמואל ניגער, דוד פּינסקי, און הלל ראָגאָף ביז היינט, ווען די רעדאַקציע־קאָלעגיע איז: ה. לייוויק, א. מענעס און מיין ווייניקייט.. ביים טיש פון דער „צוקונפט" איז געזעסן דער מענטש פון וויסן, אחריות, פון זאָרג פאַר דער חשיבות פון דער יידישער ליטעראַטור. ער האָט געוואויגן און געמאָסטן די ווערטער, געזויבערט דעם לשון. דער מענטש מיטן מאָסשטאַב פון אַ סך קענטשאַפט און לאַנגיאָריקער דערפאַרונג. ער האָט איינגעהאַלטן די פאַרבינדונג מיט אַ וועלט יידישע שרייבער. ער איז געווען אויסגע־בונדן אין די געצעלטן פון דער יידישער, אַלגעמיינער און אַמעריקאַנער ליטעראַטור. און די יידישע ליטעראַטור — האָט ער געגלויבט — איז נאָך העכער!

ער איז געווען אַ מאמין אין דער נאַציאָנאַלער און מענטשלעכער

ראָל פון דער יידישער ליטעראַטור. אַ גוט ליד, אַ געלונגענע נאָוועלע, אַ וואָגיקער אַרטיקל איז ביי אים געווען אַן אוצר. „עס טאָר ניט זיין קיין מליצה — פלעגט ער טענהן — עס מוז זיין מחשבה". אָדער אַזוי: „עסטעטיק טאָר ניט אויפעסן די עטיק". און נאָך עפּעס: „אַ קינסט־לעריש ווערק מוז האָבן אַן אינערלעכע מוזיק".

אגב, אַן אינטערעסאַנטער פּרט פון זיין ביאָגראַפיע: דער געוועזענער וואַרשעווער רוסישער גימנאַזיסט, שפּעטער — דער ניו־יאָרקער קאָלעדזש־סטודענט, וואָס האָט שטודירט יוריספּרודענץ, איז אויך געווען אַ מוזיקער, אַ פידל־שפּילער. געשפּילט אין אָרקעסטער, וואו לאַזאַר ווײנער איז געווען אַ מיטגליד, ערשטע פידל. פון מוזיק־לעקציעס פאַרדינט אויף צו לעבן בעת זיין שטודיום. געענדיקט זיין שטודיום, האָט ער געבראַכט צו זיין פאָטער דעם דיפּלאָם. עס זאָל הייסן, אַז ער האָט אים צוליב געטאָן. און נאָכדעם אַוועק צו דער ליטעראַטור.

ער איז ניט געבליבן בלויז אויפן פּאַרנאַס פון דער פּאָעזיע. ער איז אויך געווען מיט האַרץ און נשמה אין אונדזער לעבן. ער איז געווען אַ גלויביקער סאָציאַליסט. ער איז געווען אַ בעל־יידיש מיט לייב און לעבן. ער איז געווען אַ וועלט־ייד. ארץ־ישראל און תפוצות ישראל זיינען איינס, אחד! ער האָט געגלויבט אין דער יוגנט. כוחות וועלן קומען. ער האָט געזען זייער אָנקום, קוקנדיק פון זיינע קאַטעדרעס פנים אל פנים הונדערטער סטודענטן.

ביז דער לעצטער שעה פון זיין לעבן האָט ער געטראָגן מיט פולער אחריות זיין גרויסע אַרבעטס־פליכט. אין לעצטן טאָג פון זיין לעבן זיינען מיר געזעסן ביים טיש און געפּלאַנט אויספירלעך דעם אַפּריל־נומער „צוקונפט" מיט ישראל־אַרבעטן צום 10־יאָריקן יובֿיליי פון דער מדינה. אַזוי אויך דעם קומענדיקן מאַי־נומער. „איך וויל די נאַכט אַרבעטן אויף מאַנוסקריפּטן" — דאָס זיינען געווען די לעצטע ווערטער, וואָס איך האָב פון אים געהערט.

אויף מאָרגן איז ער שוין ניט געקומען. אַ ווירדיקער טרעגער פון צוויבער פון יידישן וואָרט איז אַראָפּגענומען געוואָרן פון דער סצענע. מיר זיינען אבלים.

נ. כאַנין — (אין נאָמען פון אַרבעטער־רינג): „דער טאָג איז געווען אַ פינצטערער".

ווען איך האָב זיך פּריוואַטיק אינדערפרי דערוואוסט וועגן דעם טויט פון נחום ברוך מינקאָוו, איז דער גאַנצער טאָג פאַר מיר געווען אַ פינצטערער. אָט נעכטן האָב איך מיט אים גערעדט אויפן טעלעפאָן

און זיין שטים האָט געקלונגען ווי אַלעמאָל. און היינט — שווין טויט.

איך וויל אויסגיסן מיין צער און ווייטיק, און אויך דעם צער און ווייטיק פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע פון אַרבעטער־רינג, וואו ער איז געווען אַ מיטגליד.

וועגן דער ראָל פון נ. ב. מינקאָוו אין דער יידישער קולטור און יידישער ליטעראַטור וועלן נאָך מענטשן אַ סך רעדן און אַ סך שרייבן. איך וויל דאָ נאָר זאָגן אַז וואָס אָנבאַלאַנגט דעם אַרבעטער־רינג, האָט ער אין אים געזען אַ גרויסן קולטור־כוח, און דערפאַר איז ער געווען צו אונדז אַזוי נאָענט און צוגעבונדן. און אויך מיר צו אים. ער איז אין אָנהייב פון אונדזער שול־באַוועגונג געווען אַ לערער אין די עלעמענטאַרע שולן, אַ לערער אין דער מיטלשול, אויף די העכערע קורסן, און די לעצטע צייט — אין יידישן לערער־סעמינאַר. ער איז געווען אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער אין „קולטור און דערציאונג״.

איך האָב ניט קיין ווערטער צו טרייסטן כאַסיען, זיין פרוי, זיינע קינדער און די נאָענטע משפּחה. יעדעס טרייסט־וואָרט וועט זיין צו בלאַס, צו שוואַך אין זייער צער און גרויס אומגליק.

א. גלאַנץ־לעיעלעס: אַ פּאָעט אין ליד, אין וואָרט, אַ פּאָעט אויך אין לעבן״.

אַרום נחום ברוך מינקאָוון האָבן שטענדיק וויברירט לופט־כוואַליעס פון טיפן ערנסט, אחריות און פּערזענלעכער ציכטיקייט. ציכטיק איז ער געווען אין זיין גאַנצן אויסזען, האַלטונג, באַנעמען מיט זיינע קאָלעגן, מיט מענטשן בכלל — נאָענטע און ווייטע. די דאָזיקע ציכטיקייט האָט אויך אַרויסגעקלונגען פון זיין וואָרט — סיי דיכטערישן, סיי ליטעראַריש־קריטישן. מיט נשמה־ציכטיקייט האָט ער קאָמבינירט אַן אומגעוויינלעכן אינערלעכן — ניט דעמאָנסטראַטיוון, חלילה, — שטאָלץ. עס איז געווען אַן אמתער נחת־רוח זיך צוצוקוקן, ווי אַזוי נ. ב. מינקאָוו איז געגאַנגען שטאָלץ פאָראויס, געאַרבעט איבער זיך מיט געלאַסענער חשיבות, געזאַמלט כוחות, געזאַמלט וויסן, ביז ער איז געוואָרן דער באַרימטער נאָמען, וואָס ער איז היינט־צו־טאָג אין יידיש־לאַנד אומעטום.

איבער אַלץ איז נ. ב. מינקאָוו געווען אַ פּאָעט. אַ פּאָעט אין ליד, אין וואָרט, אַ פּאָעט אין לעבן. דערביי ניט סתם אַ פּאָעט־עסטעטיקער, נאָר אַ פּאָעט עטיקער אין בעסטן נוסח פון יידישן גייסט, פון דער יידישער טראַדיציע.

דער פלוצלונגדיקער טויט פון נ. ב. מינקאָוו איז אַ גרויסער אָנווער פאַר דער יידישער ליטעראַטור, פאַר אונדזער קולטור, פאַר אַלץ, וואָס איז פאַרבונדן מיט יידיש.

מאיר בראַון — (אין נאָמען פון נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד): „ניטאָ קיין טרייסט".

מיר איז שווער שלום צו מאַכן מיטן געדאַנק, אַז נחום ברוך מינקאָוו איז שוין ניטאָ מער מיט אונדז. וועגן נ. ב. מינקאָוו דעם דיכטער, עסייאיסט, ליטעראַטור־קריטיקער, ליטעראַטור־פאָרשער איז געשריבן געוואָרן, און מען וועט נאָך שרייבן און רעדן וועגן אים. איך וויל היינט זאָגן נאָר עטלעכע ווערטער וועגן אים ווי אַ דערציער און מענטש. אַ דערציער איז ניט בלויז דער, וואָס קען זיין לימוד. ער איז דערפאָלגרייך ווען ער קען דעם לימוד איבערגעבן צו זיינע תלמידים, אין זיי דערוועקן אינטערעס און איינפלאַנצן ליבע, — אַזאַ איז געווען נ. ב. מינקאָוו.

ער האָט אין יידישן לערער־סעמינאַר געלערנט אַ סך יאָרן און האָט זיך באַליבט געמאַכט ביי זיינע סטודענטן. ער האָט איינגעפלאַנצט ביי זיי ליבע צו יידיש און וואַרעמקייט פאַר דער יידישער ליטעראַטור. מיט עטלעכע יאָרן צוריק איז געווען אין סעמינאַר אַ גרופּע סטודענטן, וואָס האָט, ליידער, ניט געקאָנט קיין יידיש. נ. ב. מינקאָוו האָט פאַר זיי געהאַלטן לעקציעס וועגן דער יידישער ליטעראַטור אויף ענגליש. סטודענטן האָבן מיר געזאָגט, אַז אַ נייע וועלט האָט זיך פאַר זיי אַנטפּלעקט. זיי האָבן געקראָגן אַן אינטערעס צו לערנען יידיש און זיך נעענטער באַקענען מיט דער יידישער ליטעראַטור.

ער האָט זיך ניט געשאַנעוועט אין זיין אַרבעטזאַמקייט. מיר שאַנעווען אָפּט ניט אונדזערע מענטשן פון גייסט און שעפערישקייט. אַ שווערער פאַרלוסט איז דאָס פלוצלונגדיקע אַוועקגיין פון נחום ברוך מינקאָוו. ניטאָ קיין טרייסט!

י. זילבערבערג

# אויפן פרישן קבר פון נ. ב. מינקאָוו, ע״ה

(געבאָרן אין נאָוועמבער, 1893, געשטאָרבן דעם 14טן מערץ, 1958)

נחום ברוך מינקאָוו איז אַוועק פון אונדז אַזוי פּלוצעם, אַזוי אומ־געריכט. ער איז געווען טעטיק און שעפעריש ביז די לעצטע מינוטן פון זיין לעבן. נ. ב. מינקאָוו האָט נאָך דעם אייגענעם אָונט געלערנט מיט סטודענטן אין יידישן לערער־סעמינאַר.

ער איז די לעצטע יאָרן געווען פאַרוואַלטונגס־רעדאַקטאָר פון „צוקונפט״. לערער פון יידישער ליטעראַטור אין „ניו־סקול פאָר סאָשעל ריסוירטש״ און אין דער אַקאַדעמיע פאַר העכערער יידישער בילדונג.

נ. ב. מינקאָוו איז געווען אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער אין „קולטור און דערציאונג״.

נ. ב. מינקאָוו איז געווען אַ מיטאַרבעטער פון דער „יידישער ענצי־קלאָפּעדיע״, פון דער „יוניוואוירסעל דזשואיש ענסיקלאָפּידיאַ״ און אין אַנדערע ליטעראַרישע און וויסנשאַפטלעכע אויסגאַבעס.

אַ טאָג איידער ער איז געשטאָרבן האָב איך גערעדט מיט אים אויפן טעלעפאָן. ער פלעגט זיך כסדר באַקלאָגן, אַז ער איז אויסגעמאַטערט. ער האָט זיך אָבער גלייך פאַרגעסן און גערעדט וועגן זיינע נייע ליטע־ראַרישע פּלענער. ער גרייט צו דריי ביכער מיטאַמאָל. דער עיקר איז ער באַשעפטיקט מיט אַ בוך „פאָרגייערס פון די פּיאָנערן־דיכטערס״ און מיט אַ בוך פון זיינע לידער.

נ. ב. מינקאָוו האָט געחלומט צו באַפרייען זיך אויף אַ צייט פון זיינע פליכטן, כדי מסדרן זיינע אַרבעטן אין שייכות מיט דער „געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור; ער איז לעצטנס געווען אַריינגעטאָן ראשו ורובו אין חסידות אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם קורס, וואָס ער האָט געגעבן וועגן חסידות אין „ניו־סקול״.

הגם נ. ב. מינקאָוו איז געווען אַ יושב־אוהל, איז ער אָבער געשטאַנען אין שריפטלעכער פאַרבינדונג מיט דער גאַנצער יידישער שריפטשטע־

„קולטור און דערציאונג״, ניו־יאָרק, מערץ 1958.

לערישער וועלט. ווי שטאַרק פאַרנומען ער איז ניט געווען, פלעגט ער תמיד יעדן איינציקן תיכף ענטפערן; און זיין זייער קלאָרער, פּערלדיקער כתב געפינט זיך, בלי גוזמא, ביי הונדערטער יידישע מחברים.

נ .ב. מינקאָוו איז געווען פון אַזאַ מדרגה כולו שרייבער אַז ער האָט ממש ניט געקאָנט רעדן וועגן עפּעס אַנדערש וואָס איז ניט געווען אין גדר פון ליטעראַטור און שריפטשטעלערס.

נ. ב. מינקאָוו איז זיך געווען גאַנץ באַוואוסטזיניק, אַז ער איז ניט קיין גרינגער פּאָעט, אַז מען דאַרף פריער „געפינען דעם שליסל" צו זיין דיכטונג. דעם שליסל געפינט מען צום טייל אין דעם שמועס, וואָס נ. ב. מינקאָוו האָט געהאַט מיט דעם ראַפינירטן פּאָעט און קריטיקער ב. טאַבאַטשניק און וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „צוקונפט".

פאַר מיר האָט זיך נ. ב. מינקאָוו אַ סך מאָל אויסגעדריקט, אַז אויב ס'וועלן פאַרבלייבן לדורות זיינע זעקס־אַכט לידער איז דיינו. וועט ער האָבן עפּעס אויפגעטאָן.

מען קען ברענגען היפּשע מוסטערן פון זיינע לידער, וואָס זיינען צוגענגלעך פאַר יעדן איינציקן, וואָס רעגן און סטימולירן און פאַרשאַפן עסטעטישן גענוס. אָט זיינען עטלעכע סטראָפעס פון זיין בוך „אַ שטערן בליט":

— וואָס זעסטו דאָ, אין קילער שעה פון טאָג?
— עס חלשן די פלאַמען, שטאַרבן אויף די שפּיצן בערג.
— וואָס זעסטו דאָ, אַרום דעם שטילן הויז?
— אַ ווייסער נעפּל קומט־אויף אינעם קילן טאָל.
— שוין צייט זיך זעגענען, ס'חלומט שוין דער אָוונט.
— עס טונקלען זיך די ברונימער אין ערשטן סוד פון שלאָף.
— ווער וואַרט עס אויפן חושך פון דער נאַכט?
— די צאַרטע נאַכטבלום וואַכט נאָך אויפן ערשטן זילבערשטראַל.

נ. ב. ימנקאָוו האָט אומגעהייערע גרויסע פאַרדינסטן ווי דער פאָר־שער פון יידישער סאָציאַלער דיכטונג, פון אַלט־יידיש און פון דער אַלט־יידישער ליטעראַטור.

פון שטיקלעך און ברעקלעך האָט ער רעסטאַווירט זיין פונ־דאַמענטאַל דריי־בענדיק ווערק „פּיאָנערן פון דער יידישער ליטעראַטור". דאָס זיינען מאָנאָגראַפיעס פון יידישע דיכטערס, וואָס ביי זיי איז געווען דער סאָציאַלער מאָטיוו די הויפּט־טרייבקראַפט פון זייער דיכטעריש שאַפן.

סיי אין זיינע „פיאָנערן", סיי אין זיינע „זעקס יידישע קריטיקער", „מרת גליקעל האַמעלן", „אליה בחור" און אין אַנדערע ווערק האָט זיך נ. ב. מינקאָוו באַנוצט מיט צוויי שיטות אין דער קריטיק. מיט דער, וואָס האָט געזוכט צו דערקלערן דעם שרייבער דורך אַנאַליזירן און אונטערזוכן די קולטור, געדאַנקען אידייען, וואָס האָבן געהערשט אין שרייבערס לאַנד און צייט, ווי עס האָט געטאָן טען; און מיט דער שיטה, וואָס האָט געלערנט, אַז די קולטור פון אַ געוויסער תקופה, צי פון אַ פאָלק, איז דער פועל־יוצא פון די פערזענלעכקייטן, וואָס האָבן געלעבט און געווירקט (בראַנדעסעס שיטה). פון אָט די ביידע קאָנצעפּציעס האָט ער געשאַפן אַן אייגענעם דרך, וואָס האָט אים געהאָלפן געפינען פאַר אונדז די נשמה פון דיכטער.

אין די אַרבעטן וועגן די סאָציאַלע דיכטערס איז נ.ב. מינקאָוון נישט אַזוי שטאַרק געגאַנגען אין אַנאַליזירן, ווי אין היסטאָריש באַלעבן פאַר־געסענע דיכטערס, זיי געבן אַ תיקון און צוגרייטן מאַטעריאַל פאַר דער יידישער ליטעראַטור־געשיכטע.

נ. ב. מינקאָוו איז געווען זייער גוט באַהאַוונט אין דער וועלט־ליטע־ראַטור, גאָר באַזונדער אין דער פּאָעזיע און עסיי. מיט אַ וואָרט, אַ פּראַזע, אַן אַגב־אורחדיקן אָנדייט, האָט ער פאַר אונדז געעפנט, אויב ניט דאָס גאַנצע פענצטער, איז לפּחות אַ שפּאַלט צו די קולטור־אוצרות פון דער וועלט.

דווקא זיין ערנסטע און פּיעטעטישע באַציאונג צו גייסטיקע יידישע ווערטן האָט אים געפירט אויף די ברייטע שליאַכן פון דער וועלט־ליטעראַטור.

נ. ב. מינקאָווס אַרבעט ביים צוזאַמענשטעלן פון זעקס ביכער פון מיכל ליכט וואַרפט אַ פאַס ליכט אויף זיין באַציאונג צו חברים דיכטערס.

נ. ב. מינקאָווס אַרבעט — די „אַלט־יידישע ליטעראַטור פון אָנהייב ביזן מיטן 18טן יאָרהונדערט", וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אין דער „אַלגעמיינער יידישער ענציקלאָפּעדיע", אין באַנד „יידן ג", און וואָס פאַרנעמט 30 גרויסע זייטן, איז גאָר אַ וויכטיקער צושטייער צו דער פאָרשונג פון אונדזער אַלטער יידישער ליטעראַטור. ער האָט דאָרטן אַרויסגעוויזן אַ סך ערודיציע און ידיעות. ער איז געווען צווישן דער קליינער צאָל יידישע געלערנטע, וואָס האָט גוט געקענט אַלט־יידיש און די אַלט־יידישע ליטעראַטור. דאָס פילט זיך גאָר באַזונדער אין זיין בוך — „אליה בחור און דאָס בבא (באָווע) בוך". מינקאָווס גרויסער אויפטו איז געווען, וואָס דער היינטיקער יידישער לייענער האָט צום ערשטן מאָל

געקענט לייענען דאָס דאָזיקע ווערק ניט בלויז וועגן דעם בבא־בוך בכלל, נאָר טאַקע גרויסע טיילן פון בוך גופא, ווי אליה בחור האָט עס געשריבן. נ. ב. מינקאָוו האָט אַנאַליזירט דאָס בבא־בוך סיי פּאָעטיש און סיי שפּראַכלעך.

עס איז ניט אַזוי גרינג, אַז אַ היינטיקער לייענער זאָל קינסטלעריש באַווירקט ווערן פון בבא־בוך. דער סוזשעט איז אַזוי אומרעאַל, אַזוי פרעמד, אַז נ. ב. מינקאָוו איז לכתחילה צוגעגאַנגען צום ווערק ניט כדי צו זוכן קינסטלערישע שיינקייט, נאָר גיכער פון אַלץ ווי אַ פּאַראַינטערעסירטער אין יידיש, הגם אליה בחור האָט געשריבן זיין „בבא דאַנטונאַ" (בבא־בוך) אין דער קאָמפּליצירטער סטראָפע־פאָרם, אָטאַוואַ רימאַ.

אַדאַנק דעם, וואָס נ. ב. מינקאָוו האָט אַזוי גרינטלעך געקענט די פאַרשיידענע דיכטערישע ריכטונגען, פּאָעטישע פאָרמען און פאַרמאָגט אַקאַדעמישע שולונג פאַר ליטעראַטור־געשיכטע, האָט אַזוי אָפט אויפגעלויכטן זיין דיכטערישע אינטערפּרעטאַציע אין די ווערק וואָס ער האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך.

עס איז אַוועק פון אונדז אין האַרבסטיקן עלטער אַ שיינע פּערזענלעכקייט, אַ הויך־עטישער מענטש, אַ פּאָעט מיט אַן אייגענעם דרך און אַ ליטעראַטור־היסטאָריקער — ברוך נחום מינקאָוו.

יוסף ג.

# נ. ב. מינקאָוו ז״ל

די טרויעריקע ידיעה וועגן דעם פּריצייטיקן טויט פון אַט דעם אָריגינעלן דיכטער־עסייאיסט, וועלכער האָט, לויט מיין טיפסטער איבערצייגונג, געהאַט אין זיך די אַטריבוטן פון אַ צדיק און תּלמיד חכם (כאָטש ניט אין שטרענג רעליגיעזן זין), האָט מיך שטאַרק צערודערט. איך האָב אים גוט געקענט און אפילו געהאַט די פּריווילעגיע צו זיין נאָענט באַפריינדעט מיט אים. ווי דער לאַנג־יאָריקער רעדאַקציע־סעקרעטאַר פון דעם זשורנאַל „צוקונפט״, איז ער געווען דער, וואָס דורך זיינע הענט פלעגן דורכגיין די אַרטיקלען וועגן יידיש־מוזיקאַלישע טעמעס, וואָס איך פלעג אַהין צושיקן פון צייט־צו־צייט. דאָס האָט געפירט צו אַ פּערזענלעכער פריינטשאַפט, וואָס האָט אָנגעהאַלטן יאָרן־לאַנג. ביי מיין יעדן באַזוך אין ניו־יאָרק פלעגן מיר זיך באַגעגענען אַמאָל אין אַ רעסטאָראַן, אַמאָל ביי אים אין הויז און אַמאָל אין רעדאַקציע פון דער „צוקונפט״. יעדע אַזאַ באַגעגעניש מיט אים איז פאַר מיר געווען אַ מחיהדיקע איבערלעבונג. איצט וועט דאָס שוין מער ניט זיין. ער איז אַוועק אויף אייביק!

זייט מיר מוחל דעם פּערזענלעכן טאָן. איך ווייס, אַז דאָס איז נישט און דאַרף נישט געמאַכט ווערן אַלס עיקר אין אַ נעקראָלאָג אויף דעם טויט פון אַזאַ פּאַרדינסטפולן יידישן שרייבער ווי נ. ב. מינקאָוו איז געווען. ער איז געווען אַ וויכטיקער זייל אין דעם בנין פון דער יידישער ליטעראַטור און האָט אַ סך בייגעטראָגן צו איר אוצר סיי ווי אַ פּאָעט און סיי ווי אַ ליטעראַטור־פאָרשער. אויף דעם לעצטן געביט האָט ער געשאַפן אַ צאָל ווערק, מיט וועלכע ער האָט אויף אייביק אַריינגעשריבן זיין נאָמען אין דער יידישער קולטור־געשיכטע, אָבער אַוועק אויף אייביק איז דער מענטש מינקאָוו, וואָס זיינע גוטע און שיינע מידות זיינען געווען אַ שיינענדיקער ביישפּיל פאַר יעדן איינעם, וואָס איז געקומען מיט אים אין באַרירונג.

ווי איינער פון די אָריגינעלסטע דיכטער, איז נ. ב. מינקאָוו אויך

---

„קענעדער אָדלער״, מאָנטרעאָל, מערץ 17, 1958.

געווען איינער פון די הויך־געבילדעטע שרייבער ביי יידן. ס׳איז ניט בלויז דאָס וואָס ער האָט געהאַט אַ הויכע אַקאַדעמישע בילדונג, נאָר דער עיקר איז דאָס, וואָס ער האָט געהאַט דעם טאַלאַנט, די פייאיקייט און דעם שטענדיקן דראַנג צו מאַכן זיין אַקאַדעמישן וויסן פּרוכטבאַר און שעפעריש. אָבער אַ גאָר באַזונדערע כאַראַקטעריסטיק אין מינקאָוון איז געווען דער טיפער יראת הכבוד, מיט וועלכן ער האָט זיך באַצויגן צו זיין ליטעראַרישער אַרבעט. ער האָט די עובדה פון זיין אַ שרייבער ביי יידן באמת באַטראַכט פאַר אַ מלאכת הקודש און דאָס האָט זיך גוט געמערקט אין אַלץ וואָס ער האָט געשריבן, ווי אין זיין באַציאונג צו שרייבער־קאָלעגן.

***

ווי אַ מענטש איז ער געווען אַ מזג טוב. אויפנעמען יעדן מענטשן בסבר פנים יפות איז ביי אים געווען אַ פּרינציפּ־זאַך. אין דער „צוקונפט" האָט ער קיינמאָל ניט געוואָלט אָננעמען קיין העכערן „טשין" ווי רע־דאַקציע־סעקרעטאַר, כדי ער זאָל נישט האָבן אויף זיך די אומאָנגענעמע אויפגאַבע פון צוריקוויזן אַריינגעשיקטע שאַפונגען אין זיין אייגענעם נאָמען. ער האָט ניט געקענט מענטשן וויי־טאָן, כאָטש פון דער אַנדער זייט האָט ער אויך ניט געקאָנט מאַכן וועלכע־עס־איז קאָמפּראָמיסן אויפן חשבון פון ליטעראַרישער קוואַליטעט. ער האָט דעריבער זיך באַ־נוגנט מיט דער ראָל פון אַ „נחבא אל הכלים", לאָזנדיק אַנדערע זיין אין פאָדערגרונט, כאָטש די גאַנצע פּאַקטישע אַרבעט האָט ער סיי־ווי אַליין געטאָן.

ער איז געווען אומגעהייער אַרבעטזאַם. אַ גאַנצן טאָג איז ער געווען באַשעפטיקט ווי אַ לעקטאָר איבער ליטעראַטור אין איין קאָלעדזש אָדער אַן אַנדערן, מיט זיין אַרבעט פאַר דער „צוקונפט" און נאָך אַנדערע זאַכן, פון וועלכער ער האָט געצויגן זיין חיונה, און דורך די נעכט איז ער געווען פאַרנומען מיט זיין גרינטלעכער פאָרשונגס־אַרבעט, וואָס דער רעזולטאַט דערפון זיינען געווען אַזעלכע ווערטפולע ליטעראַטור־קריטישע ווערק, ווי „יידישע קלאַסיקער פּאָעטן", „אליה בחור", „גליקל פאַן האַמעלן", „זעקס יידישע קריטיקער", און צולעצט זיין מאָנומענטאַל ווערק אין דריי בענד „פּיאָנערן פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע". אין מיטן דעם אַלעמען פלעגט ער אויך ענטפערן דעם רוף פון זיין פּאָעטישער מוזע און שרייבן לידער מיט אַן אומגעהייער גע־שליפנקייט פון וואָרט, פערז און פּאָעטישער פאָרם. כאָטש ער איז אין

דעם אַלעמען געווען ווי גייסטיק פֿאַרשכורט, האָט ער אָבער פּיזיש צוזאַמענגעבראָכן אונטער דער משא פֿון שווערער אַרבעט און ווייניק רו. ער האָט מיט אַרום דריי יאָר צוריק געליטן די ערשטע האַרץ אַטאַקע, פֿון וועלכער מען האָט אים אָפּגעראַטעוועט, אָבער פֿון דער צווייטער האָט מען אים שוין נישט געקאָנט אָפּראַטעווען!

***

ס'איז אַן אבדה שאינה חוזרת פֿאַר דער גאַנצער יידיש־קולטור, ווייל ער איז געווען אַן אוניקום ניט נאָר מיט די ספּעציעלע גרויסע אויפֿטואונגען אויף זיין ספּעציעלן ליטעראַטור־פֿאָרשערישן געביט, נאָר אויך מיט דער הייליקער איבערגעגעבנקייט מיט וועלכער ער האָט געדינט דער יידישער ליטעראַטור, ווי מיט דער פֿיינקייט פֿון זיין כאַראַקטער און דער איידלקייט פֿון זיין באַנעמונג צו קאָלעגן און סתם מענטשן. אין זיין פּריצייטיקן טויט האָט די יידישע ליטעראַטור פֿאַרלוירן איינעם פֿון אירע פֿיינסטע פּאָעטן און עסייאיסטן, בעת יידישע שרייבער אומעטום האָבן פֿאַרלוירן אַ האַרציקן און איבערגעגעבענעם פֿריינט. זאָל זיין אָנדענק זיין געבענטשט!

יעקב גלאַטשטיין

# נ. ב. מינקאָוו

ס׳איז מיר שווער אין דעם מאָמענט צו שרייבן אַ קריטישן סך־הכל איבער דער שפע פון אַרבעט וואָס נחום ברוך מינקאָוו האָט באַוויזן אָפּ־צוטאָן. אין די פינף לידער־ביכער זיינע, פון דער ערשטער באַשיידענער לידער־זאַמלונג, אין דער אָנהייב אינזיך־פּעריאָדע, ביז זיין לעצטן בוך לידער „אַ שטערן בליט״, האָט ער ניט אויפגעגעבן זיין וועלט פון חזיונות. ער האָט געהערט זיינע אייגענע לידער מיט אַ מוזיקאַליש אויער און זיי געהערט מיט אויגן איינגעליכטיקטע אין ניט־ערדישע זעאונגען. אין גאָר אַלטע צייטן וואָלט מען אין זיינע שורות אַריינגעטייטשט אַלער־ליי פאַראויסזאָגונגען און פאָראויסזעאונגען. זיינע זאָגעוודיקע שורות פאַרמאָגן אַ וויזיאָנערישן פּאַטאָס און זיי לייגן זיך גוט אויף דער צונג, אפילו ווען זיי טייטשן זיך ניט. די פאַרהוילענע בילדלעכקייט פון זיינע לידער, די מיראַזש־און שוידער־אָנונגען זיינען אי פערזענלעכע, אי כללישע, און דערפאַר באַוועגן זיי זיך גוט און זיי זאָגן זיך מיט אַ זעלטענעם ניגון.

אין איצטיקן מאָמענט קען איך זיך בלויז אָפּשטעלן אויף איין אַספּעקט, וואָס האָט מיך תמיד געוואונדערט: ווי אַזוי דער מאָדערנער פּאָעט נ. ב. מינקאָוו, דער מיין־פאַרהוילענער און דער זוכער פון אַן אייגענעם מוזיקאַלישן רעטשיטאַטיוו אין זיין ליד, האָט באַוויזן ביי זיך אויסצובעטן און אָפּצושפּאָרן אַזויפיל צייט, פאַר די פּיאָנערן פון יידישן ליד אין אַמעריקע, וואָס טייל פון זיי, די איינגעגראָבענע און אויף פאַר־שערישע טעלערלעך צעלייגטע, וואָלטן אפילו ניט פאַרשטאַנען אין וואָס זייער פּיאָנערישקייט באַשטייט, אָבער זיי וואָלטן זיכער געלערנט פון נ. ב. מינקאָווס אַרבעטן, צו קוקן אויף זיך מיט אויגן פון אַ נייער חשיבות.

אמת, ווען איך האָב נחום ברוך מינקאָוו אָנגעהויבן קענען, מיט פערציק יאָר צוריק, זיצנדיק מיט אים, זייט ביי זייט, אין איין אוניווער־סיטעט, שפּאַצירנדיק אויף די גאַסן, זיך איינהערנדיק אין זיין מוזי־קאַלישן פּוילישן יידיש, וואָס איז געווען באַחנט מיט אַן אייגנאַרטיקן ליטווישן טראָפּ, האָט ער שוין פאַר מיר דעמאָלט אַנטוויקלט זיין טיפן

---

„אידישער קעמפער״, ניו־יאָרק, מערץ 21, 1958.

אָביעקטיוו־אידעאַליסטישן אינטערעס אין דער יידישער פּאָעזיע. דער אינטערעס זיינער האָט אין מיר אויפגעוועקט אַן אייגענע נייגעריקייט, און כ׳האָב אים טאַקע אַמאָל איבערראַשט מיט גאַנצע דריי לידער, וואָס איך האָב אָנגעשריבן זיצנדיק אין דער גרויסער שטאָטישער ביבליאָ־טעק, וואו מינקאָוו איז געווען אַ שטענדיקער גאַסט. די לידער זיינען געווען „1919״, „טירטל־טויבן״ און „רויך״, וואָס זיינען שפּעטער פּאַר־עפנטלעכט געוואָרן אין זשורנאַל „פּאָעזיע״, דערשינען אין דער צווייטער העלפט פון יאָר 1919, אונטער דער רעדאַקציע פון דעם פּאָעט ה. גודעל־מאַן.

די דאָזיקע לידער זיינען געווען פריי־פּערזיקע און אין אַ נייעם אָטעם. און מינקאָוו האָט זיי אויפגענומען מיט דעם ענטוזיאַזם פון אַ גרויסן וויסנשאַפטסמאַן, וואָס האָט נאָר וואָס דורכגעפירט אַ געלונ־גענעם עקספּערימענט און פּראָדוצירט אַן אייעלע, וואָס איז אויסגעבריט געוואָרן פון זיינע הסברהדיקע שמועסן. ער איז געווען אַ גרויסער בעל־מסביר און אַ פּעדאַגאָג. די מיינונגען וואָס ער האָט געהאַט זיינען ניט געווען גלאַט אַרויסגעזאָגטע מיינונגען, נאָר זיי זיינען געקומען אין אַ באַשטימטער אָרדענונג, וואָס האָט מיך תמיד איבערראַשט.

אפילו ווען ער האָט שפּעטער געביטן זיין מיינונג, איז די געביטענע מיינונג אויך געווען גוט באַגרינדעט און אַרומגעבויט מיט סברות, אַלוזיעס און אָנווייזונגען, וואָס האָבן געהאַט אַ פּעדאַגאָגישן סדר. די פּעדאַגאָגיק איז געווען ספּעציפיש באַטעמט מיט אַן אייגענער, פלעג־מאַטיש־אויסגעצויגענער מוזיקאַלישקייט, וואָס האָט געגעבן וואויל־קלאַנג צו זיינע מיינונגען.

ער אַליין, נ. ב. מינקאָוו, איז שוין געווען אַ „געדרוקטער״ פּאָעט. ער האָט שוין געהאַט פאַרעפנטלעכט אַ ליד אין „טאָג״, וואָס א. גלאַנץ־לעיעלעס האָט געהאָלפן קומען צו דער עפנטלעכקייט. דאָס ליד איז געווען געדרוקט אין פּעטיט, מיט גאָר דראָבנע אותיות. אין יענער צייט, ווי היינט, האָט מען אין דער טעגלעכער צייטונג געדרוקט לידער מיט אַ יום־טובדיקן פּעטן שריפט, אַז די דערוואַרטע גראַמען זיינען צוגעפּאַלן איינער צום אַנדערן ווי שווער־לייביקע ברידער, וואָס האָבן זיך צעקושט ביי יעדער באַגעגעניש, ווי זיי וואָלטן זיך שוין לאַנג נישט געזען. מינקאָווס ליד, וואָס האָט געהייסן „דער נביא״, וואָס איבער זיין קאָפּ האָט זיך געטראָגן „אַ סטאַיע פויגלען״, און וואָס איז זיכער אין יענער צייט געווען אַן עקזאַלטירטער גייסטיקער אויטאָ־פּאָרטרעט, האָט נישט געקראָגן די פולע חתימה פון דער צייטונג, אַז ס׳איז שוין

טאָקע אַ ליד ווי אַלע יוסטע לידער. ס׳איז בלויז אַריינגעגאָסן געוואָרן אין דער צייטונג, מיט דינעם בליי — אָט זאָל מען זען אַז אויך אַזעלכע שורות קאָנען געמאָלט זיין פאַר די וואָס האָבן חשק אָנצוטאָן ברילן.

דאָס ליד איז געווען אַ ניי ליד, און ס׳איז זיכער דאָ אַ גרויסע שייכות צווישן דעם ערשטן ליד „דער נביא״ און די שפּעטערדיקע זע־אונגען פון מינקאָווס לידער. הגם מינקאָוו האָט צו מיר דעמאָלט גערעדט פון פּושקינס „פּראָראָק״ (נביא), איז אָבער אין זיין ערשט ליד געווען אַ סך מער יהואש, ווען ער האָט שטאַרק ליב געהאַט און געהאַלטן אין איין ציטירן צענדליקער אויסגעזונגענע שורות פון אויסנווייניק.

אָבער מיין צוטרוי האָט נ. ב. מינקאָוו ווי אַ שוין־געדרוקטער פּאָעט זיכער געוואונען. די פּאָעטישע שורות פון זיין ערשט ליד האָב איך אויס־געלערנט אויף אויסווייניק, זיי איינגעחזרט אַ סך מאָל, געקוקט אויף מינקאָווס יונג־פאַרוואָלקנטן פּנים און בפירוש געזען די באַגלייטנדיקע „סטאַיע פּייגל״ איבער זיין קאָפּ.

וואָס מיך האָט דעמאָלט שטאַרק איבעררעאַשט איז געווען ווען מינקאָוו האָט מיך גערופן צו זיך אַהיים. און מיר געוויזן אַ פּאַרטיקע אַנטאָלאָגיע פון יידישן ליד אין אַמעריקע — אַ גרויסע אָפּגעקליבענע זאַמלונג, וואָס איז געוואָרן מיין ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט דער היגער יידישער פּאָעזיע. מיך האָט איבעררעאַשט און געוואונדערט, וואָס דער פּאָעט פון „נביא״ און דער עקספּערימענטאַלער אַרויסקריגער פון מיינע אייגענע לידער, האָט פאַרמאָגט אַזויפיל ברייטהאַרציק געדולד פאַר צענ־דליקער פאַרגייערס, פאַרעלטערטע און לייכט־געגראַמטע פּאָעטן.

אַוודאי האָב איך „פאַרגונען״ רייזענען, יהואשן די וואַרע, וואָס דער יונגער אַנטאָלאָגיסט האָט פאַר זיי געמאַכט. איך האָב שוין אויך דער־שפּירט דעם כוח פון מאַני לייבן, זישאַ לאַנדוין, מ. ל. האַלפּערינען, ה. לייוויקן, אברהם משה דילאָנען, ראובן אייזלאַנדן, וועמענס נעמען איך האָב צום ערשטן מאָל אַנטדעקט אין מינקאָווס היימישער אַנטאָלאָגיע, מיט אויסגעקלעפּטע לידער, אין פּעטן שריפט. אָבער אין דער אַנטאָלאָגיע זיינען אויך געווען נעמען פון אַנדערע פּאָעטן, וואָס האָבן געקראָגן אַ סך ברייטהאַרציקע אָנערקענונג ,מיט גאַנצע זאַמדיקע שטרעקעס, פון זייט נאָך זייט, וואָס דער אָפּקלייבער האָט זיי ניט געזשאַלעוועט. ער האָט זיי געגעבן אַזאַ רחבות, וואָס זיי האָבן קיינמאָל זיך ניט דערוואָרבן אין דעם אַלגעמיינעם וויינגאָרטן פון דער יידישער פּאָעזיע.

ווען איך טראַכט פון זיין פאַרעקשנטן קאַמף פאַר מיכל ליכטן, פון איין זייט, און פון זיין דריי־בענדיק ווערק — „פּיאָנערן פון דער יידישער

